## פון דער זעלבער מחבר:

צווישן קראַנקע (שפּיטאָל-רעפּאָרטאַזשן)
וואָס מיין פריינט האָט דערציילט (דערציילונג)
בעסאַראַביע 1918 (ראָמאַן)
מיין שטעטל יעדינעץ (ראָמאַן), 2 בענדער
מילחמה־יאָרן (ראָמאַן)

דעם בוך ווידמע איך אַ מתנה מיין
חברטע און איבערגעגעבנסטער פריינ-
דין — טערעסאַ כייעט דע ראָפּ.

# .1

אן אלטער בארג־מענטש איז דאָן סעפער, א שטילער, א נעמיטלעכער און אן עטוואָס געבויגענער, א טרוקענער ווי אַש, מיט א קיילעכיק־אויסגעהוילטער ברוסט און מיט א סוטילעוואַטער פּלייצע, א ביינערדיקע. אָנגעשפּארט די צוויי ביינערדיקע הענט זיינע, די שמאָלע און געלע, אַף דעם שווערן אויפגעהויבענעם פּלומפּ לעבן זיין ראַנטשע האָט ער ציללאָז און פארטראַכט אריינגעקוקט אין ברונעם, זיך געשפּיגלט אין לויטער כוואַליעלעך וואַסער, וואָס זיינען ווי זילבערנע רייפן צוגעפאַלן צו די קאַלטע שטיינערנע ווענט, זיי געצערטלט, געקושט. ארום איז געווען שטיל. און די פיר גרויסע באַרג הארבעס ארום זיין ראַנטשע, די לאַנגע און געזונקענע אין דער ערד, זיינען באַדעקט געווען מיט שטיקער צעשרפהטע זון, ווי אָפּגעריסענע ברוינע און רויטע לבנות, וואָס זיינען פאַרשייטע צווישן די שווערע טאַנען און קאַקטוס־ביימער אומגעלאָפּן, זיך אראָפּגעליטשט הינטער די בערג און באַלד נאָך מיט מער אימפּעט און מיט געלעכטער זיך אַ הייב געטון אינדערלופטן ווי אָנצוזאָגן א גוטע בשורה.

דער אלטער איז אַלץ געווען אומעטיק. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און די רויטע, שאַרפע בלוט־פלעקן פון זיינע אויגן־ווינקלען, די באַשפּריצטע מיט גרינע און ברוינע שפּרענקעלעך האָבן אימהדיק אַף דעם געסל אַ לויער געטון, הענגען געבליבן ווי צוויי אויפגעשטעלטע קאַלטע שווערדן, גרייטע עמיצן אומצוברענגען... דאָס געסל איז אָבער ווידער געבליבן רואיק און גלייכגילטיק. ס'האָט זיך נאָך טיפער איינגעגלידערט אינעם אויפגעריסענעם איינגעווייד פון די צעגלידערטע בערג, אַף וועמענס שטאָלצע פאַריסענע קעפּ און מעכטיק אויפגעהויבענע אַקסלען, עם זיינען קליינע ווייסע שטיבלעך צעוואָרפן געווען, שטיבלעך וואָס האָבן אויסגעזען ווי גרויסע טויבן־נעסטן, באַדעקטע מיט רויטע און גרינע ציגלנע דעכער. און די צעפראַלטע, רויט־צעגליטע מידבר־זון האָט געפּראַכט איבער זיי, געשרפהט די שוואַרצע, שמאָלע סטעזשקעס וואָס האָבן ווי געשניטענע קאָבריצן געשפּרייט זיך איבער פאַרשידענע וועגן צו אַלע וויטע באַרג־נעסטן.

דעם אַלטן איז קיין זאַך ניט אָנגעגאַנגען. ער איז געווען פאַרשעמט און איינזאָם: דאָס גאַנצע שטעטל, — האָט ער געוואוסט, — איז שוין פול מיט געסט, אפילו מיט יענע אָרעמע קראַנקע, וואָס אָרדענען זיך איין

בא די אָרעמע באַרג־מענטשן, איבערצווזיין בא זיי א לענגערע צייט. נאָך זיין ראַנטשע איז פאַרבליבן אומפאַרדונגען. .

— בא אים, בא סעפערן, — האָט ער מיט ביטערניש א טראַכט געטון — האָבן זיי, די אומגליקלעכע, קיינמאָל ניט געפילט אַפּ זיך די פאַראַכטונג פון די געזונטע... זיי אָבער, די נישטיקע מענטשן, זיינען נאַריש און לייכטזיניק... פוסטע גרויסהאַלטערס... צום שלעכטן, צום אומבאַקוועמען פליען זיי, ווי א שמעטערלינג צום פייער. זיי שטופּן זיך אריין אין די טונקעלע, אין די נאַסע צימערן פון די אָרעמע פּענסיאָנען, צאָלן טייער און לעבן אין ענגשאַפּט ווי אין די קעסטלעך פאַר טויטע. זיי באַנעמען ניט די נאַטור, באַנעמען ניט די אמתע שיינקייט. דאָן סעפערס ראַנטשע, די געזונטע באַרג־לופט, וויל היינט קיינער, אפילו פון די אָרעמסטע קראַנקע ניט אָנקוקן. אים אָבער, סעפערן, אַרט דאָס סיי ווי ניט. במילא וויל ער שוין מער מיט די „גרינע" ניט האָבן צו טאָן. צופיל כבוד איז דאָס פאַר זיי, די „גרינע", די אויסלענדער, אז דער ערשטער איינוואוינער פון דעם דאָזיקן שיינעם, קאָרדאָבער באַרג־שטעטל זאָל זיי נעמען אין אַכט. אנדערש זיינען שוין די באַרג־מענטשן, די אמתע קריאָזשעס! זיי גיבן אים אָפּ כבוד און רעכענען זיך מיט זיין וואָרט, אויך מיט זיין וויסן, מיט דער חכמה! ווייל זיי ווייסן זיין אָפּשטאַם, ווייסן, אז דאָן סעפער איז דער באַלעבאָס פון א גרויסער ראַנטשע מיט עטלעכע הונדערט מעטער באַרגיקער ערד.

דער אַלטער האָט א שווערן זיפץ געטון. דאָס נאָכטראַכטן וועגן דער מענטשלעכער אומדאַנקבאַרקייט האָט אים נאָך מער פאַרומערט און אים געשטויסן צו אַנטלויפן אין א ווינקל, וואו אים וועט ניט אויסקומען צו ליידן פון קיינעמס גרינגשעצונג. ער האָט אָנגעשטאָפּט די ליולקע מיט טרוקענע בלעטער אָנשטאָט טאַבאַק און פאַרויכערט. עטלעכע אומרואיקע פּיפּקע געטון, אויסגעשפּיגן אין דער לופטן און זיך ווידער פאַרטראַכט:

— די אויסלענדער זיינען גאָרניט ווערט!... זיינען איינגעטונקען אין זינד... ס'זיינען אָבער פאַראַן גוטע מבינים... זיי ווייסן דאָס ניט! ווי די שיכורים, די בהמות, קומען זיי אַהער, די אויסלענדער, מען קומט אַ לעב טון און אויסלאָדן פון זיך די פאַרדאַרבנקייט פון דער גרויסער שטאָט... זיי פאַרומווירדיקן די געטלעכקייט פון די בערג, פאַרומווירדיקן דעם הערלעכן באַרג־מענטש, דעם קריאָזשע...

דער אַלטער האָט דערפילט א גרעניצלאָזן עלנט און א פאַרשעמטקייט, א ווייטיקלעכן באַנג, וואָס טרייבט אים פון דער שטוב, טרייבט אים צו לייטערן זיך, זיך געזונט מאַכן, דאָרטן וואוהין ער פאַרקלייבט זיך כמעט אַלע טאָג, ערגעץ ווייט צווישן די טיפסטע באַרג־פעלדן, וואו ער זאַמט זיך שאָען־לאַנג און גלייכצייטיק זיצט ער ניט ליידיק: סעפער רייסט דאָרטן אָן אַלערליי הייל־גראָזן און פאַרקויפט זיי צו די טוריסטן. ער האָט זיך אויסגעגלייכט, אַראָפּגערוקט טיפער איבערן געבויגענעם גרויען קאָפּ, דעם ברוינעם שטרויענעם הוט מיט דער ברייטער האַרטער ראַם, אָנגעשפּאַרט

זיך אפֿן קאָפּ פֿון זיין שווערן, דעמבענעם שטעקן און זיך אַ לאָז געטון איבערן הויף, פֿאַרלירנדיק זיך צווישן די שמאָלע, זיגזאַגיסע סטעזשקעס, צווישן די טיפֿע און מערקווירדיק שטילע באַרג־פֿאַלדן.

אַ הייסער ווינט האָט זיך אויפֿגעהויבן און געשמיסן איבער זיין לייב, אויפֿגעהויבן די ווייסע שיטערע האָר אפֿן קאָפּ, געלעקט, געוואַשן דעם הויפֿן מיט ווייסע שטיינער, דאָרטן אפֿן סאַמע העכסטן באַרג וואו סעפֿער איז געשטאַנען. ער האָט זיך קיין ריר ניט געטון, אַן אויסגעצויגענער ווי אַ מומיע, איינגעזאַפּט אין זיך די אַרומיקע גרינקייט אינאיינעם מיט דער פֿרייד וואָס איז אויפֿגעגאַנגען אין אים, אומגעלאָפֿן אין בלוט, זיך צעכוואַליעט מיט אַ יונגען געזאַנג און מיט לעבנס־קראַפֿט.

— ווי שיין, ווי מעכטיק, ס'איז דיין געשאַנק, גאָט!... — האָט ער דאָס פּנים מיט די הענט צום הימל אויפֿגעהויבן — און פֿאַרוואָס אַל־מעכטיקער, פֿאָטער מיינער, האָסטו ניט געבענטשט אויך דעם יונגען דור, די קינדער מיינע, די אייניקלעך — מיט דער גרויסער דערקענטעניש צו דיין גענאָד צום גרויסן געשאַנק?...

דער אַלטער איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט ניט געפֿילט ווי ריטש־קעס מיט שוויים ריזלען זיך איבער זיין פּנים, דעם שוואַרץ־גרינעם און באַדעקטן מיט האַרטע פֿינטעלעך שטויב און די שאַרפֿע זון, וואָס האָט איבער זיין קאָפּ געשלאָגן. ניט געזען ווי דער רויט־צעגליטער הימל האָט זיך מעכטיק און מיט דער פֿאַרביסנקייט פֿון אַ טיראַן, איבער די הויכע טונקל־גרינע באַרג־האָרבעס געשפּרייט. אַריינגעשטאָכן אין זיי טויזנטער, פֿיל קאָלירנדיקע, שמאָלע און שאַרפֿע זון־פֿיילן: פֿאַרוואָס גאָט, ווילן די קינדער אַנטלויפֿן פֿון דאַנען?... דערבאַרים דיך, טרייב פֿון זיי אַרויס דאָס ניט גוטע!...

סעפֿער האָט שווער געפּראַכט, ווי ס'וואָלט אים אויסגעפּעלט אָטעם און געפֿילט דערביי, אַז דאָס באַליידיקטע האַרץ זיינס וואַשט זיך אין טרערן אין אַזאַ גליקזעליקער לויטערקייט, וואָס וועט אים שוין באַרואיקן, ברענגען די געגאַרטע מנוחה, באַפֿרייען פֿון דער פֿיינלעכער פֿאַרשעמטקייט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף אַ שטיין און אָפּגעווישט פֿון פּנים די ריטש־קעס שוויים מיט די טרערן. געדאַכט האָט זיך אים, אַז די בערג האָבן דאָס געבעט זיינס אויפֿגענומען, זיי האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון גאַווהדיקן שווייגן, דערצאָרנטע און געקייטלטע איינס צום אַנדערן, גרייטן זיי זיך אַ וואָרף צו טאָן אַף די אויסלענדער, פֿאַרפֿירן אַ מילחמה.

סעפֿער האָט לויטער געשמייכלט און די רויטע בלוט־פֿלעקן פֿון זיינע אויגן־ווינקלען האָבן זיך פֿלוצים צעצונדן, געלויכטן ווי צוויי פֿייער־פֿונקען: אַ. ווען ער, סעפֿער, קען זיך פֿאַרוואַנדלען אין איינעם פֿון די דאָזיקע בערג!... ער וואָלט וואונדער באַוויזן... אויפֿגעשווידערט נאָך יעדן מאָל וואָס אַן אויסלענדער וואָלט אַף אים אַ טרעט געטון!... אַן ערדציטער־ניש וואָלט ער געמאַכט און זיי פֿאַרטריבן פֿון דאַנען, די פֿרעמדע, די

פּחדנים! אַ נייער דור וואָלט ווידער אויפגעקומען צווישן די בערג, אַ דור פון סאַמע קריאַזשעס!...

סעפער האָט געדענקט יענע „גאָלדענע" צייטן, ווען די בערג זיינען געווען דער ערדישער גן-עדן פון די געבירטיקע: פריי ווי די אָדלערס האָבן זיי געלעבט! געוואוינט אין די היילן, אַ סך קינדער געבראַכט אַף דער וועלט און פון קיינעם ניט אויסגעלאַכט געוואָרן.

דער אַלטער איז ווידער טרויעריק געוואָרן, אַ טיפע בענקשאַפט האָט געבושעוועט אין זיין אייפערזיכטיק האַרץ. ער האָט אַראָפּגעקוקט אין טאָל און געזוכט די „מאַמע" עלווירא, אַ זקנה פון אַריבער הונדערט יאָר, וואָס האָט דאָרטן געוואוינט אין אַ קליין ראַנטשעלע און געלעבט פונעם פאַר־קויפן די מילך פון די צוויי אייזלען אירע. די אַלטע האָט אַמאָל געפונען סעפערן אין טאָל און אים דערצויגן. עטלעכע טעג איז ער דעמאָלט אַלט געווען. זי האָט אים אָפּגעהיט און ליב געהאַט, מער ווי די אייגענע קינ־דער אירע, די צען זכרים און אַכט מיידלעך. אויך סעפער די „מאַמע" עלווירא האָט ליב געהאַט: ער האָט איר שוין אַפילו זיין וואָרט געגעבן צו זיין פאַרזיכטיק מיטן מעסער... אַן אַלט האַרץ — טענהט זי צו אים שטענ-דיק — מוז זיך באַפרייען פון כעס.

די אייגענע מאַמע זיינע האָט סעפער קיינמאָל ניט געקענט און ניט געוואָלט וויסן ווער זי איז געווען: יענע האָט גענומען פאַר זיך נאָר דעם גענוס — אַן אחריותלאָזע נקבה געווען — האָט דער אַלטער אַ גלייכגיל־טיקן שמייכל געטון — אַזאַ איינע האָט קיין רעכט ניט צו ברענגען אַ קינד אַף דער וועלט... נו, זאָלן איר גאָט און די היילקע פאַרגעבן די זינד!... — און ער האָט זיך פרום איבערגעצלמט.

— מוטער, מוטערל! — האָט דער אַלטער עטלעכע מאָל אויסגע־שריען — וואו זיינט איר דאָרטן?...

אַ טעמפּ ווידערקול איז אים פון דאָרטן אַנטקעגנגעקומען אינאיינעם מיטן דעשראָקענעם מעקען פון יונגע ציגעלעך, וואָס האָבן צווישן די בארג־פעלדן שפּאַצירט. מיט אַן אַנטוישטער מינע אַפן פּנים האָט סעפער אָנגעהויבן אונטערשניידן די הייל־גראָזן אַרום שטיין. געשניטן די גראָזן און געשפּאַנט אַליץ טיפער צווישן די בערג און אַראָפּ צום טאָל.

אַף אַ ווייסן, געקאַרבטן שטיין, איז באַם זוים פון טייכל געזעסן אַ פרוי, אַ טונקעלע און אַ שמאָלע, אַ קליינע, אַ מאָגערע. די טיפע פאַר־שטויבטע קנייטשן אַפן פּנים, די מידקייט אין די צוויי ברוינע איבערגע־שראָקענע אויגן, האָט עדות געזאָגט, אַז די פרוי איז אַ פרעמדע, נאָרוואָס אָנגעקומען פון ערגעץ. לעבן איר אין פּייכטן גראָז איז געלעגן אַ גרויסער בינט מיט זאַכן און די שיך מיט די זאָקן. אַ פאַרמויעכטע האָט זי זיך געשפּיגלט אין די דינע בלויע כוואַליעלעך, אין די ווייסע זאַמד-שטיינדלעך אַפן דעק, די באַדעקטע מיט שמאָלע ווייסע פישעלעך. געשפּיגלט האָבן זיך אין טייכל, אויך די שווערע, צעזייעטע פלאַכטעס פון אַ ווערבע-בוים, אונטער וועלכן די פרוי איז געזעסן.

סעפער האָט זי באַמערקט, זיך דערנענטערט און אוים דער אַלטער געוואויגהייט פון גאַסטפריינטלעכקייט, זיך אַ פאַרנויג געטון און אויסגע־רופן שטיל און ווארים:

— גאָט העלף! געבענטשט זאָל זיין אייער קומען אַהער.

זי האָט אַ ציטער געטון און ספּאָנטאַן אַנגעשטעלט אַף אים דאָס פּנים, אַ באַדעקטס מיט שטוינען און מיט אומרו די גרויסע, ברוינע און־מעטיקע אויגן.

ביידע שווייגנדיקע — סעפער אָן עטוואָס אויסגעבויגענער מיטן הוט אין איין האַנט און מיט דער אַנדערער האָט ער צוגעהאַלטן דעם שטעקן מיט די זשוזשעם באַ זיך אַפן אַקסל. זי — מיט ביידע הענט אַרום די אויפגעשטעלטע קני, פאַרפלאָכטן, האָבן זיך פאַרהידושט און מאָדנע אָנגעקוקט. קענטיק געווען, ביידע זיינען גרייט געווען צו פרעגן: ווי לאָזט זיך דאָס אַ מענטש מיט קלאָרע געדאַנקען גיין צווישן די בערג, ווען די היץ שרפהט אַזוי?!...

סעפער האָט די שטילקייט איבערגעריסן:

— קען איך אייך אפשר מיט עפּעס באַהילפיק זיין? — און ער האָט געמאַכט אַ שפּאַן נענטער צו איר.

די פרוי האָט אַ ווייַלע געטראַכט, זיך געיִשובֿט און באַלד צוגעגעבן:

— פירט מיך אַרויס פון די בערג. און אפשר קענט איר מיר דאָ אויסגעפינען אַ צימער צום דינגען!

דער אַלטער האָט אַ צאַפּל געטון. ניט אַנדערש, נאָר גאָט אַליין האָט אים היינט אַראָפּגעפירט אַהער. ער האָט זי שטום און פאַרזיכטיק אָפּגע־מאָסטן מיט זיינע אויגן, געפאָרשט מיט אַלע חושים, מיט דער גאַנצער פּרימיטיווער לעבנס־חכמה, מיט דער דערפאַרונג פון זיין טיפן עלטער, פון די שווערע און ביטערע אָפּגעלעבטע יאָרן...

ער האָט געוואָלט וויסן ווער יענע פרעמדע איז. צי איז דאָס אַ רייכע טוריסטקע, וואָס האָט זיך בכיוון אָנגעטון אין אָפּגעטראָגענע קליידער, כדי צו קענען אָפּנאַרן די באַרג מענטשן און זיך איינאָרדענען באַ זיי פּאָר האַלב געלט, יענע אַלטע מיידן, וואָס האָבן פיינט צו וואוינען אין די פּענסיאָנען, קענען דעם רעש און די פרעמדע פרייד ניט פאַרליידן, צי גאָר אַ שווינדזיכטיקע קראַנקע, וואָס וויל לעבן רואיק, זוכט זיך אויס־צובאַהאַלטן פון דער פאַראַכטונג פון די געזונטע.

— אויב איר ווילט און סאַ'יז אייך אָנגענעם, — האָט סעפער אַ זאָג געטון מיט אַ געמאַכטער גלייכגילטיקייט, — קומט צו מיין הויז. באַ מיר איז נאָך פאַרבליבן צום פאַרדינגען אַ צימער. אויך וועט אייך פון דאָרטן גרינג זיין אַ לויף צו טון אין שטעטל — האָט ער נאָך קאַלטער צוגעגעבן, זעענדיק די פרייד וואָס האָט אַ ציטער געטון אין דער פרעמדערס אויגן — אפשר וועט איר אַ בעסערן און אַ ביליקערן צימער געפינען.

איר שווייגן און דער שטומער צער אַף איר פּנים, אַפן געבויגענעם קאָפּ, האָט אים שוין אַלץ דערציילט. סעפער האָט געוואוסט, אַז זי האָט

שוין אומעטום געזוכט און געפרעגט און קיין צימער ניט געפונען. ער האָט זיך אויסגעגלייכט, פעסטער אָנגערוקט דעם בינט מיט גראָזן אַפן אַקסל און ס'האָט אַף אים אַ ווייע געטון מיט ניצחון, מיט גאווה, מיט אייגנליבע און מיט אַ גרעניצלאָזער געלט־גייציקייט, מיטן אייביקן כעס און אומצוטרוי פונעם אָרעמען באַרג-מענטש, וואָס האָט אָפּצועסן צו דער זאַט נאָר אין די הייסע זומער חדשים אין דער צייט פון טוריזם.

מיטן ווידערווילן פון אַ באַליידיקטן קנעכט, וואָס מוז חנפענען דעם פאַרהאַסטן באַלעבאָס זיינעם און מיט אַ שטאָלצער קאַלטקייט, וואָס היט אָפּ דעם כבוד פון העכסטן קריאַזשע, האָט ער שטום געוואַרט. נאָר דאָס פאַרומערטע פּנים זיינס, האָט זיך עטוואָס אויסגעלייטערט און די בלויע שטייפע אָדערן אַפן האַלדז, וואָס האָבן גענומען קלאַפּן האַסטיקער, האָבן זיך פּלוצים צעצויגן, זיך אויסגעברייטערט, ווי דאָס בלוט אין זיי וואָלט געזוכט אויפצורייסן די הויט און זיך אויסגיסן אַף עמיצן.

זי האָט אים נייגעריק באַטראַכט און געדאַכט האָט זיך איר, אַז דעם אַלטנס אויסזען מוזן זיכער האָבן יענע אומגליקלעכע מענטשן, וועמען מען פאַרציט אַ שטריק אַרום האַלדז צום דערשטיקן... זי האָט זיך פויל אויפגעהויבן, זיך אָנגעטון די שיך און געטראַכט:

נישטאָ פאַר וואָס מורא צו האָבן. עלנט זוכט עלנט... די מענטשן זיינען אומעטום אַלץ איינס!... די רשעות האָט קיין גרעניץ ניט... סיי די שטאָטישע און סיי די דאָרפישע. אַלע טויגן אַף כּפרות, פון איין בלאָטע געקנעטן...

סעפּער האָט אַרויסגענומען דעם בינט פון אירע הענט און מיט אַ צעשמייכלט פּנים אַ פרעג געטון:

— ווי אַזוי רופט מען אייך?

— מיך? איידל! אַדעלאַ!

— אַזוי איז גוט! — האָט ער מיט דאַנקבאַרקייט אַ קוק געטון אַף איר. און מיך רופט מען דאָן סעפּער!

— וויפל, דאָן סעפּער, קאָסט אייער צימער?

— דאָס וועלן מיר זען. ס'ווענדט זיך וויפל צייט איר דענקט באַ אונדז בלייבן.

זי האָט אַף זיין קאַלטקייט גאָרניט געענטפערט, נאָר אַ קליין זיפצל געטון:

— אפילו דעם גאַנצן לעבן, אַלטינקער...

## 2.

פאַרטאָג. אַ בלויע געדיכטע לופט האָט זיך געוויגט איבער די בערג, געהאָנגען איבער זיי ווי אַ שווערער זיידענער טוך. נאָר די בערגלעך אַרום סעפּערס ראַנטשע האָבן אויסגעזען וואַך, גדלותדיק צעפּראַלט, אויסגע־

רוטע און געוואַשענע אין דער באַנאַכטיקער ראַסע. געזעטיקטע ווי די זאַרגלאָזע און זעלבסטצופרידענע ווייבער, וואָס לעבן אין שטענדיקן פאַר־גניגן און פרייד, אין תאווה. געלאָפט האָט פון די בערגלעך מיט מיליאָ־נען פייער־שפריצן, זיך אַרויסגעריסן פון די ברייטע, אויפגעריסענע אויגן זייערע, די טיפע ווי דער ים, גרייטע וועלטן גאַנצע דורכצובויערן.

אויך סעפער מיט זיין ווייב זיינען שוין געווען וואַך: ביידע זיינען געזעסן פאַרנט לעבן דער ראַנטשע, באַם זוים פון גאָרטן און געטרונקען אַ מאַטע. דאָס שטילע פייערל צווישן צוויי גרויסע ציגל האָט זאָרגלאָז געצאַנקט, זיך געטיקט און געטריבן געוואָרן פון ווינקל צו ווינקל פונעם לייכטן זומערדיקן ווינטל. סעפער האָט אויסגעזען מאָדנע שטיל און פאַר־טאָן אין זיינע מחשבות: געדאַכט האָט זיך אים, אַז דער גאָרטן איז גע־וואָרן שענער און אַז די פלאַנצן, די אַלערליי בלומען, שעפּטשען שטיל און לויבן דעם אָנקום פון טאָג, בענטשן דאָס לעבן. אַ גרויסע רויטע דאַליע האָט טאַקע אַ רייד געטון, אַ צעפּראַלטע פון זאַפטיקער איבערגעצייטיקט־קייט, דאָס צעלאַכטע פּנים אירס צום הייליק פאַרטראַכטן הימל אויפגע־הויבן און דערביי געהאַלטן אָפן די דורשטיק גראָבע ליפּן אירע, די פאַר־פירערישע און גרייטע צום קושן די וועלט, זיך געהנדלט און געגרויסט מיט איר ווייבערישן רייץ:

— ווי שיין דאָס לעבן איז!...

אַ ווייסער קנאָספּ האָט איר שעפּטשען דערהערט און האָט פּלוצים די ווילדע צוויי אויגן צעעפנט און מיט באַרוישונג, מיט שטוינען זיך אַרומגעקוקט, עפּעס געזוכט ווי ער וואָלט אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ גרע־ניצלאָזן באַגער צו פרייען זיך, זיך אָנשיכורן מיט דער געדיכטער ווייניקער לופט און ווי אַ שמעטערלינג זיך אַ לאָז טון אין אַ ווילדן טאַנץ אַרום פייערל. זי האָט אומרואיק געצאַפּלט, געלאָקט אין אַ צאַרטן וויברירן, גע־ברענט מיט אַלע אירע אויפגעוואַכטע חושים צו באַהעפטן זיך מיט דעם אומבאַקאַנטן, מיטן לעבן, — איר ערשטע אַנטפּלעקונג...

— וואָס קוועלסטו אַזוי פון דער וועלט? — האָט זיך באַליידיקט אָנגערופן אַ צוגעוועלקטער זשאַסמין מיט אַ חוזק־שמייכעלע פון אַן אַלטער פאַרביסענער מויד וואָס האָט שוין ניט קיין בעלנים אַף זיך, — ניט אַלץ שוועסטערל, איז דאָ אַזוי הערלעך ווי דו מיינסט... באַלד קען עמיצער דיין צוטרוי געווינען און אים אויסנוצן... מען וועט דיך פון צווייגל אָפּ־רייסן, דיך איינשטעקן אין אַ לאָץ פון אַ שוויסיקן ראָק... שפּעטער, ווען מען האָט דיך שוין צעבראָכן, אויסגעזויגן פון דיר די זאַפט, דעם חיות, וועט מען דיך אַוועקוואַרפן!...

דער ווייסער קנאָספּ האָט זיך אומצוטרויליך און מיט ווידערווילן אָפּגערוקט פון איר פאַרביטערטער רויזן חברטע און שטיל געשווידערט. זיך דערשראָקן מיט די ריינע, הימלישע אויגן אין אַלע ווינקעלעך אַרומ־געקוקט.

אינעם, סעפערס ווייב האָט דאָס גרין־שוואַרצע פּנים אָפן מאַן אָנ־

געשטעלט, דאָס גרויסע בעלמע אויג אירם און אים פון דער געמיטלעכער פּאַרטראַכטקייט ניט געוואַגט אַרויסצוברענגען. איר איז ליב געווען זיין רואיקייט; זי האָט אים נאָר געוואָלט זאָגן, אַז די מאַמע עלווירא איז נעכטן געווען און זיך נאָכגעפרעגט אַף אים. אינעם האָט אים לייכט פאַרן אַקסל אַ טאָרע געטון און געזאָגט:

— דאָן, איר וועט אפשר צופאָרן היינט צו דער מאַמע?

ער האָט אויסגעדרייט צו איר דעם פּנים און אַ וואַרעמען שמייכל געטון:

— איך וועל מסתמא היינט אָדער מאָרגן צופאָרן.

זי האָט זיך געוואונדערט און ניט געוואוסט די סיבה פון זיין רואי־קייט, פון ניט זיין בא דער מאַמען שוין עטלעכע טעג. סעפער האָט ווידער אַ זאָג געטון:

— פּאָר אַליין אַריבער אַהין. לאָז דער מאַמען גריסן פון מיינעט־וועגן; זאָג, אַז די נייע שכנה אונדזערע, איז דאַכט זיך אַ קריאָזשע.

זי האָט אַ זופּ געטון די מאַטע און ניט געוואַגט ווידערצושפּעניקן דעם מאַן. אָבער אויסגעקומען איז בא איר, אַז דער מאַן קען אויך אַמאָל אַ טעות האָבן. אַ פרוי פון דער גרויסער שטאָט טאָר מען ניט גלויבן... דאָרטן זיינען זיי אַלע אומערלעך... אינעם האָט אַף אים ווידער אָנגע־שטעלט דאָס בעלמע־אויג און ניט דרייסט אַ זאָג געטון:

— ס'איז שווער, דאָן סעפער, צו דערגרונטעווען דעם מענטשן!... אַ סך זיינען גאָר געראָטן אין די טונע־פייגן, ווי נאָר דו רירסט זיי אָן, צעבלוטיקן זיי דיך...

סעפער האָט צונויפגעצויגן די צוויי ווייסע, שטעכיקע ברעמען און מיט אַ מינע פון אַ וועלט־קענער זיך צעשמייכלט; דעם ווייבס ביישפּיל איז אים יאָ געפעלן, ער האָט אָבער ניט געוואָלט נאָכגעבן:

— סעפער איז שוין מער ניט קיין אינגעלע! — האָט ער אויסגע־רופן מיט ווירדע צו זיך אַליין — קיינער וועט אים שוין ניט אָפּנאַרן...

ער האָט צוגענומען די פרישע מאַטע, וואָס דאָס ווייב האָט אים דערלאַנגט און זופּנדיק צו קליינע זיפּעלעך, האָט ער נאָכגעטראַכט פון אַלע זיינע ביז איצטיקע שכנים, זיי געפּרואווט צו פאַרגלייכן מיט איידלען. ער איז פּאָרט געבליבן בא זיין מיינונג: קיין איינע פון יענע אויסלענדישע שכנים, די געסט, זיינען נישט געווען ווי זי, די נייע. יענע האָבן זיך גע־האַלטן גרויס. דריי מאָל אַ טאָג געביטן די מלבושים און אויסגעקוקט, אַז ער, סעפער, מיט זיין ווייב זאָלן זיי באַדינען. די ווידער, איז אָן אמתע קריאָזשאַ: גייט אום באָרוויס בא דער שטוב, שפּאַצירט צווישן די בערג ווען די זון שרפהט. שוין מער פון צוויי וואָכן, אַז אַ נקבה איז אָן דער השגחה פון אַ זכר, און איז רואיק...

רואיק איז אָבער די נייע שכנה זיינע ניט געווען. דער קליינער גע־שפּרעך פון דאָן סעפערן מיטן ווייב האָט זי אַרויסגעבראַכט פונעם לייכטן דרימל און זי ווידער אַריינגעפירט אין אַ וועלט פון זאָרג. איידל האָט די

אויגן צעעפנט און זיך ברייטלעך אויסגעצויגן אפן שמאָלן סקריפּענדיקן בעטל, אַרויפגעצויגן דעם ווייסן ליילעך ביז צום האַלדז און שווייגנדיק איינגעזאַפּט אין זיך דעם שאַרפן אַראָמאַט פון די בלומען, וואָס האָבן אַריינגעקוקט צו איר דורכן אָפענעם פענצטערל. איידלען האָט באַנג געטון, פאַרוואָס די באַלעבאַטים האָבן זי פון שלאָף אויפגעוועקט: געגוג שלאָפלאָזע נעכט האָט זי שוין דאָרטן פאַרבראַכט... אָבער אין כעס, איז איידל ניט געווען. פאַרקערט, איר האָט זיך געדאַכט, אַז די לעצטע צען יאָר זינט זי איז אין אַרגענטינע, האָט זי נאָך קיינער אַזוי ניט ליב געהאַט און פאַרשטאַנען, ווי די אַלטע באַלעבאַטים אירע, איבערהויפּט טאַטע סעפער. זי האָט זיך מער ניט געפילט ווי אַ שוואַלב אין אַ שטייג פון בערן...

זי האָט איינגעשטאָכן די פאַרשלאָפענע אויגן אין דער גרויער טונקלקייט פון דער ראַנטשע, באַטראַכט די שוואַרצע, נאַסע ווענט פון בלאָטע, די באַדעקטע מיט אַ גרינעם מאָך פון שימל, געזען די גרויסע, שוואַרצע הילצערנע שאַפע אָן אַ שפּיגל און אַ צעפּרעסענע פון מילבן און פון מייז, געזען דעם קאַסטן מיטן שטרויענעם בענקל און זיך אַלץ ניט געגלייבט, צי געפינט זי זיך טאַקע אין אַ רואיק ווינקל אין איר אייגענער היים... זי האָט אַ מעלאַנכאָלישן שמייכל געטון און זיך דערמאָנט, אַז זי איז טאַקע ניט אַליין. זי האָט פריינט און געפילט דערביי אַ דערלייכטערונג אין אַלע אירע אברים, געפילט, אַז די שוואַכע און אויסגעהאָרעוועטע הענט מיט די פיס, אַלע גלידער, וואָס האָבן זיך די לעצטע פאָר יאָר נאָכגעגעבן דער פאַרלוירנקייט, זיך געבראָכן אונטער דער לאַסט פון יסורים, הייבן אָן קומען צו זיך, ווערן פעסטער, געמיטלעכער און געוואַגטער.

אָבער קיין מנוחה און קיין פרייד האָט ניט געהאַט קיין שליטה איבער איר. די גאַנצע נשמה אירע איז ווי איינגעוועבט געווען אין אַ גרויען שפּינוועבס. אויך האָט זי ניט געזוכט צו באַפרייען זיך פון דער שטילער פּיין, וואָס האָט זי ניט פאַרלאָזט, סיי באַטאָג און אויך ניט אין די שלאָפלאָזע נעכט. פון יעדן ווינקל האָבן אָף איר געלויערט די שטראָפנדיקע בליקן פון די אייגענע, דאָרטן אין דער אַלטער היים. אַ שטומער ווייטיק האָט זי געטאָטשעט ווי אַ וואָרעם און איידל האָט וועגן אים ריידן ניט געקענט: איינער פון יענע ווייטיקן פון וועלכן מען „רעדט" אַרום טויזנט מאָל און דאָך בלייבט דער אמת פאַרהוילן... איינגעגעסן ווי אַן אומהיילבאַרע קרענק אין אייגענעם פלייש און בלוט.

איין זאַך נאָר האָט איידל געפילט: אוועק איז ווי מיטן פייער דאָס לעבן אירס, די האָפענונג. אין טייכן בלוט איז אוועק די אַלטע היים, דאָס שטיבל, דער גאָרטן און דער וואַלד, וואו זי האָט שטילערהייט אירע שיינע, מיידלשע חלומות געוועבט... אין שטאָט איז איידל געווען פאַרנומען מיט אייגענע דאגות און ראַנגלענישן און וויפל מאָל זי האָט אַ טראַכט געטון פון די אייגענע אירע, האָט זי, כדי צו פאַרטרייבן פון זיך די פּיין, באַלד אַ תירוץ געפונען: אויך זי, איידל, מאַטערט זיך... אָבער אונטערן אַלטן

סעפּערס השגחה האָט זיך אײדלען געלעבט גוט און דאָס קול פֿון געװיסן איז געװאָרן מעכטיקער און שטרענג. און דאָך, האָט אײדל געװאָלט לעבן... און שטענדיק בלײַבן מיט די צװײ אַלטע לײַט.

אין שטאָט, װאו זי איז געװען אַרומגערינגלט מיט „װאַרעמקײט" האָבן זי דעם מאַנס פֿרײַנט, װאָס זײַנען אױך אירע פֿרײַנט געװען און אױך די לאַנדסלײַט זײערע, פֿײַנט געהאַט. זײ האָבן זיך אָבער באַמיט די פֿײַנטשאַפֿט ניט אַרױסצואװײַזן און אָנשטאָט שינאה, איר אַרױסגעװיזן אַן איבערגעטריבענע װאַרעמקײט פֿון װעלכער אײדל האָט געליטן... געוואוסט האָט זי, אַז הינטער אירע פּלײצעס שטעלט מען איר אַרױס אַ פֿײג; אַז צװישן זיך, רופֿט מען זי: אײדעלע די שלאַנג, די װעדמע, די בעזדיטניצע... אַלץ צונעמען נאָך פֿון די ערשטע גרינע יאָרן אירע...

אײדל האָט זײ אױסגעמיטן און פֿאַרכמאַרעט געשװיגן. זײ האָבן ניט געװאוסט, אַז די זאָרג פֿאַר אירע אײגענע פֿאַרומערט איר דאָס לעבן. אַ פֿאַרביסענע עקשנות האָט זיך אָפּגעזעצט אין איר: ניט באַקלאָגן זיך פֿאַר זײ!... אױך האָט אײדל ניט אַרױסגעװיזן קײן פֿרײד מיט איר רײַכקײט, זיך ניט געקענט מיטפֿרײען און מיטלאַכן מיט זײ, לעבן זאָרגלאָז און צופֿרידן. די צוריקגעהאַלטנקײט אירע האָט געװעקט אַכטונג און אױך האַס. אָבער דעם רײנעם אמת האָט בײַ איר קײנער ניט געװאוסט. קײנער פֿון די אײגענע האָבן נישט חושד געװען, אַז אײדל איז אַנטױשט, אַז דער עלנט און די בענקשאַפֿט אַהײם, די בענקשאַפֿט נאָך אַ רײן לעבן, טאָטשעט זי װי אַ װאָרעם. אָבער, שױן זײענדיק װײַט פֿון יענעם לעבן, האָט נאָך אַלץ די באַלײדיקונג נישט אױפֿגעהערט צו שרײען, צו שטראָפֿן: פֿאַרװאָס האָט אײדל ניט איבערגעלאָזט דעם דאָן בערנאַרדאָ אירן באַלד װי ער האָט זי אַריבערגעבראַכט פֿון דער אַלטער הײם? נאָך װאָס האָט זי זיך געהאַלטן אין אים, דעם רײַכן קױנטעניק מיט די טױזנטער טאַרכעטלעך, זײַן גרעסטע נחמה!...

אײדל האָט אָבער געװאוסט דעם אמת: זי האָט אים מורא געהאַט איבערצולאָזן, װײל ער האָט געליטן אױף אַ הױכן בלוט־דרוק און זיך ניט געטאָרט ערגערן. מורא געהאַט אײנצושטעלן אַ מענטשנס לעבן צוליב זיך... אױך די דרײ גראָטענע טעכטערלעך, דעם דאָן בערנאַרדאָס, האָבן זי צוגעהאַלטן. די אײגענע מאַמע זײערע האָט זײ איבערגעלאָזט אינײנעם מיט דעם מאַן און איז אַװעק װאױנען מיט זײנעם אַן אײנקאַסירער, אַ יונגער און שײנער בחור.

אין די בריװ, װאָס דער דאָן בערנאַרדאָ האָט געשריבן קײן בעסאַראביע צו אײדלס טאַטע, דעם קוזין זײנעם, האָט ער זיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר אַ רײַכן אַלמן; עטלעכע מאָל געשיקט קלײנע סומעס מיט געלט און נאָכדעם, װאָס ער האָט געבעטן דאָס בילד פֿון אײדלען און זי איז אים געפֿעלן, האָט ער צוגעשיקט אַ פֿאַרטיקן תקיעת־כּף און אױך אַ שיפֿסקאַרטע מיט אַרױספֿאָדערונגס־פּאַפּירן. אײדל האָט אָבער ניט געװאָלט אַװעקפֿאָרן, ביז ער װעט ניט אַרױסנעמען מיט איר אינײנעם די גאַנצע

משפּחה אירע. די טאַטעמאַמע און דריי קלענערע שוועסטער מיט צוויי ברידער. בריוו זיינען געלאָפן אַהין און צוריק. דאָן בערנאַרדאָ האָט זיך געבעטן, געשוואוירן, אַז באַלד ווי ער וועט חתונה האָבן מיט איידלען, וועט ער זיך אַ נעם טון צו מאַכן די פּאַפּירן פאַר דער גאַנצער משפּחה אירער. ער האָט אָבער דעם צוזאָג ניט געהאַלטן. וויפל מאָל זי האָט אים דערמאָנט וועגן דעם, האָט ער איר געענטפערט מיט אַ וואַרים פאַרצויגן שמייכעלע אַפן פּנים: ווּעסט זען, אַדעליטשקע טייערע, אַז היינט אָדער מאָרגן, וועל איך האָבן אַן אוידיענץ מיטן אינערן מיניסטער... זיינער אַ קרוב, אַ ראַדיקאַלער פירער האָט דאָס מיר צוגעזאָגט... זיי וועלן מיר שוין געבן אַ רעקאָמענדאַציע צום דירעקטאָר פון אימיגראַנטן־הויז און אַלץ ווערט באַ מיר געבוירן אין איין מינוט!... זאָלן זיך נאָר, אַדעליטשקע, פאַרבעסערן די צייטן...

די ערשטע צייט האָט אים אַדעלאַ געגלויבט, כסדר איז דער מוח אירער פאַרנומען געווען מיט די אַרויספאָדערונגס פּאַפּירן און געדאַכט האָט זיך איר, אַז אינגיכן וועט אַלץ ווערן אַ פאַקט. שפּעטער זיינען טאַקע געקומען בעסערע צייטן, גאָר גוטע. דאָן בערנאַרדאָ האָט זיך געקויפט אַן אייגן הויז און אַ שיינעם אויטאָ. די גוטע פאַרדינסטן האָבן זיך אים אָפּגעזעצט אַפילו אַפן קאַרק: פון פעטקייט איז דער קאַרק באַ אים בלויליך געוואָרן, גלאַט, ווי דער געשוואָלענער בויך פון אַ ים־חזירל, און די צוויי קליינע כיטרע אייגעלעך זיינען אומגעשוואומען אין דער פעטקייט פון די טיפע אויגן־לעכער, ווי צוויי גריוון אין אַ טאָפּ מיט שמאַלץ.

דעמאָלט האָט איידל דערפילט דעם גאַנצן אמת. זי מיט איר מאַן האָבן זיך קיינמאָל ניט ליב געהאַט! זי האָט אויפגעהערט מאָנען דעם צוזאָג, איז מער ניט געווען צודרינגלעך. האָט אים פיינט באַקומען פון גאַנצן האַרצן. זיך געפילט אָפּגענאַרט, אַן אַרויסגעריסענע פון איר היים. זי האָט אָבער די האָפענונג ניט אויפגעגעבן, געמיינט אַז דער שטומער פּראָטעסט, די געטרייקייט אירע צו דער שטוב מיט זיינע קינדער, די גרויזאַמע קאַלטקייט מיט וועלכער זי איז אים אַנטקעגן געקומען, וועט אין אים אויפוועקן דעם מענערישן שטאָלץ, דעם געוויסן. אין דעם האָט אויסגעבראָכן די מילחמה און דער דאָן בערנאַרדאָ איז פּלוצים געבליבן דער גערעכטער, דער פיינער מענטש... איידל האָט אים אָבער מער ניט געקענט מוחל זיין: אים געהאַלטן פאַר דעם גזלן פון אירע אייגענע און אויך זיינע. געהאַלטן אין איין באַשולדיקן: פאַרוואָס האָט זי געשוויגן? אַף כוח באַדאַרפט באַ אים אַרויסרייסן דאָס וואָס איר איז געקומען... אָדער באַדאַרפט האַנדלען ווי אַ מענטש מיט ווירדע, ניט מורא האָבן פאַר לייטישע מיילער און געבליבן באַ אַ מאַן וועמען זי האָט געהאַסט; זיך ווידער אוועקגעגעבן פאַר זיינע קינדער...

סיי ווי איז דער דאָן בערנאַרדאָ געשטאָרבן פון ערגערניש: זיינע אַ קונהטע, אַ שפּאַנישע טענצערן פון אַ קאַבאַרעט האָט באַ אים געקויפט פאַר צען טויזנט פּעזעס צירונג, וואָס האָט אַליין געקאָסט דריי, און זי

איז אַוועקגעפאָרן פון לאַנד. דאָן בערנאַרדאָ איז אומגעלאָפן פון איין קאַ־באַרעט אין אַנדערן, זיך נאָכגעפרעגט און אומעטום אויפגענומען געוואָרן מיט ביטול, מיט שפּאָט. ער האָט דעם פאַרלוסט ניט געקענט איבערטראָגן. אים זאָל אַ פרוי אַזוי אָפּנאַרן... און אין אַ הייסן זומער־טאָג האָט מען אים אַהיימגעבראַכט פון גאַס מיט אַן אָנפאַל אָפן הויכן בלוט־דרוק. ער איז מער פון בעט ניט אויפגעשטאַנען...

איידלען איז איבערגעבליבן אַ סך פאַרשמאָלצעווע טאָרכעטלעך מיט די דריי טעכטערלעך זיינע, צוויי פון וועלכע זיינען שוין געווען כלות פאַר אָרעמע סטודענטן, וועמען דאָן בערנאַרדאָ האָט אויסגעהאַלטן מיטן לערנען און זיי צוגעשריבן אַ שיינעם נדן...

די מאַמע פון דאָן בערנאַרדאָס טעכטער האָט זיך אַרויסגעוויזן... אַ הויכע אידענע, אַ ברייטע ווי אַ לאָקאָמאָטיוו מיט אַ ווייס פאַרפּודערט פנים און מיט בלויע געשוואָלענע קישעלעך אונטער די אויגן. שוואַרצע קליידער האָט זי געטראָגן. געטרויערט נאָך דעם מאַן... אויך אַ ברודער אירער איז געקומען. אַ איד מיט אַ פאַרגרעבט פּנים און מיט אַ האַרטער עקשנות אין די אומצוטרויערלע ביר־קאַליר אייגעלעך. אַ גרויסן פּאַפּיר האָבן זיי איר געוויזן, אַ באַקלעפּטע מיט מאַרקעס און מיט זיגלען . . . מיט עטלעכע אונטערשריפטן. אַ באַשטעטיקונג, אַז איידל איז אַ פרעמדע אין דאָן בערנאַרדאָס הויז... זי האָט צעשטערט דעם גליקלעכן פאַמיליע־לעבן פון אַן אָרנטלעכער פרוי, צוגענומען בײַ איר דעם מאַן, די קינדער, דאָס גאַנצע פאַרמעגן...

איידל האָט עפּעס ניט באַנומען דעם גאַנצן ענין. געוואוסט האָט זי, אַז די קינדער זיינען אירע, זי האָט זיי אויסגעבאָוועט. צוליב זיי האָט זי זיך ניט געגעט מיטן דאָן בערנאַרדאָ... שווייגנדיק האָט זי אויסגעזוכט אַלע טאָרכעטלעך זיינע און זיי אַוועקגעלייגט אָפן טיש:

— אָט, דאָס איז די איינציקע זאַך וואָס זי קען איר אַוועקגעבן... מער ווייסט זי פון גאָרניט. זי האָט זיך קיינמאָל ניט אינטערעסירט מיט דאָן בערנאַרדאָס געשעפטן, ניט געוואוסט בײַ אים קיין חשבון...

— ניט דאָס איז דער עיקר — האָט געטענהט דאָן בערנאַרדאָס שוואָגער און געגעבן צו פאַרשטיין, — אַן איינגענע מאַמע וואַלגערט זיך ניט אין דער בלאָטע... פאַר מיליאָנען קויפט מען זי ניט... איידל מוז דאָס פאַרשטיין. זי האָט אָפּגעלעבט בײַ די צען גליקלעכע יאָרן, זיך גע־באָדן אין פרעמדער פראַצע... געהאַט וואוילטאָג... זאָל דאָס איר זיין צום געזונט... קיינער האָט חלילה צו איר גאָרניט!... פאַרקערט, מען וועט זיין צו איר יושרדיק: אידן בני רחמנים... געלט שפּילט דאָ קיין ראָלע ניט!... איידל וועט באַקומען אַ גאַנצן טויזנטער און זאָל זיין שאַ־שטיל, ווי בײַ לייטן, ווי גאָט האָט געבאָטן...

דאָס שרעקלעכסטע איז פאַר איר געווען, וואָס אויך די טעכטער, דאָן בערנאַרדאָס, האָבן זי פאַרשטויסן. זיי, וואָס האָבן געוואוסט דעם גאַנצן אמת; געוואוסט, אַז גאַנצע פינף יאָר זיינען אַוועק איידער דער

טאַטע זייערער האָט ווידער חתונה געהאַט און די מאַמע האָט אַלץ ניט געוואָלט צוריקגיין צו אים. אין אירע איינזאַמע טעג האָט אײדל געזוכט טרייסט בײַ זיי: ווי אַ שיינע וואונדער־מעשה האָבן זיי אויסגעהערט אירע טענות; זי געקושט און גערופן טייערע, שיינע מאַמעניו... דעמאָלט האָט זי זיי נאָך מער ליב געהאַט און געפילט, אַז די מיידלעך זיינען באמת אויסגעשטעלט אויף איר גענאַד. אײדל די ווערמע, די שלאַנג, די ברוגזע, וועט זיך מוזן אָפּוועקגעבן פאַר זיי!...

— זיי קענען איר גאָרניט העלפן!... — האָבן זיי מיט פאַלשן טרויער געטענהט צו איר. — עס פּאַסט זיי ניט, די צוקונפטיקע דאָקטערשעס, זיי קענען ניט צוליב אײדלען דערלאָזן צו אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל...

זי האָט ווידער גאָרניט געזאָגט. אײדל האָט געוואוסט וואָס איר קומט בײַ זיי און גאָרניט געבעטן. צונויפגעפּאַקעוועט אירע זאַכן און אין אַ באַנאַכט, ווען די קינדער זיינען אַוועק טאַנצן, זיך כמעט אַרויסגעגנבעט פון שטוב, זיך געהיט אַז שכנים זאָלן איר ניט באַמערקן, כדי אויסצומיידן דעם לייכטזיניקן ביטול אויף וועלכן אַ סך מענטשן זיינען גרויסע בריה׳ס...

אַ סך טעג האָט זיך אײדל אין איר קליין צימערל איינהאַלטן ניט געקענט. דער עלנט און די בושה האָט זי אַרויסגעטריבן אויף דער גאַס. זי האָט אָבער פיינט באַקומען מענטשן, זיי אָנקוקן ניט געקענט... אויסגעמיטן דאָן בערנאַרדאָס קינדער, כאָטש זי האָט געבענקט נאָך זיי... שפּעטער האָט זי זיך אַריינגענומען אין די הענט, איז אַוועק אַרבעטן צו איר אַלטן פאַך, בײַ פוטער און גוט פאַרדינט. די אַרבעט האָט איר אָבער געשאַדט צום געזונט, און אויסגעמאַטערטע פון די איבערלעבונגען, האָט זי באַקומען אַ שווערע אַסטמע און געמוזט ליגן אין שפּיטאָל. קיינער פון אירע פריינט און חברטעס איז ניט געקומען זען וואָס זי מאַכט. אײדל האָט פאַרשטאַנען: זיי האָבן מורא, טאָמער וועט זי מוזן אָנקומען נאָך זייער שטיצע...

אַרויס פון שפּיטאָל, האָט זי פאַרקויפט דעם איינציקן גוטן מלבוש און אַביסל צירונג — די כלה מתנות אירע — און איז אַנטלאָפן פון דער גרויסער שטאָט ווי פון אַ פייער. די אייביקע בענקשאַפט אַהיים, נאָך דער דאָרפישער געמיטלעכקייט, נאָך דער פרייער נאַטור, וואו זי איז געבוירן און אָפּגעלעבט ביז עטלעכע און צוואַנציק יאָר, האָט אײדלען צוגעבונדן צו די בערג, אויפגעוועקט אין איר אַ נייעם אינהאַלט. די געפאַלנקייט אָבער, האָט זי אַלץ געפּייניקט. געקוקט אויף זיך, ווי אויף עפּעס אַן אומווירדיקער זאַך... פאַרגעסן, אַז אַמאָל איז זי געווען די גראַטנסטע טאָכטער בײַ רואוון דעם האַלב בלינדן קושניר, די געטרייסטע. פון קינדווייז אָן געהאָרעוועט גלייך מיטן טאַטן און מיט דער מאַמען בײַם נייען די פעלצן.

אַ סך מאָל אין די קאַלטע ווינטערדיקע פאַרטאָגן, ווען זי פלעגט אַן אויסגעהאָרעוועטע צופאַלן צום געלעגער, ווי אַ דורשטיקער צום ברונעם, האָט דער מאַמעס זיפצן אין קיך, זי פון געלעגער אויפגעהויבן. אײדל

האָט ווידער אַרויפגעוואָרפן אַף זיך דאָס קליידל און איז אַוועק אין קיך. דער שניי האָט זיך געריסן הינטער די קליינע, פּויערישע קיך־פענצטערלעך, געוואָיעט אינעם בלויען פאַרטאָג און זיך צונויפגעגאָסן מיט דער מאַמעס זיפצן: פאַרשעם ניט גאָט, די אַלטע יאָרן מיינע!... שיק מיר צו לייטישע זיווגים פאַר מיינע בריליאַנטענע טעכטער...

איידל פלעגט דעמאָלט אויסקנעטן די מולטער מיט ברויט און מער ניט איבערגעלאָזט די מאַמע. אָבער געפילט האָט זי, אַז דער מאַמעס זיפצן און מורא האָבן, אַז די מיידלעך וועלן חלילה קיין חתנים ניט קריגן, וועט זי שוין, איידלען ניט לאָזן פאַרזיצן... זי וועט ניט ווערן די שטערונג פאַר די צוויי קלענערע שוועסטער, ראָזע און בלומע, שענערע פאַר איר און מיט ווינציקער פרעטענזיעס... קיין סך נדן האָט דער טאַטע ניט געהאַט צו געבן, איז איידער התונה האָבן אין דער היים, נעמען אַן אַלטן אידן מיט עטלעכע קינדערלעך, האָט איידל בעסער אויסגעקליבן דעם וועג, אַוועקגעבן זיך פאַר די אייגענע און זי וועט זיין גליקלעך... סיי ווי האָט זי ניט געקענט צוקומען צו דעם וואָס זי האָט געוואָלט...

איידל האָט אַלץ די אומגלויבלעכע בליקן איבער דער ראַנטשע אומגעפירט און כסדר געוועז אונטערן איינדרוק פון אַ שווערן חלום. אויסגעדאַכט האָט זיך איר, אַז זי איז באַ זיך אין דאָרף, גייט אום אַף חרובע בערגלעך, באַדעקטע מיט פאַרברענטע מענטשלעכע גופים. דאָס שטיבל זייערס איז געשטאַנען אַ ליידיקס און אַ פינצטערס, נאָר פון די אויסגעזעצטע שויבן האָבן אַף איר אַ לויער געטון גרויסע אויגן, דראָענדיקע: עפּעס האָבן זיי געמאָנט באַ איר... זי איז אַוועק ווייטער צווישן די פעלדער, נאָר אויך דאָרטן איז געווען פיינלעך שטיל און וויסט. פון הינטער דער גרויסער דאָרפישער מיל האָבן זיך אַפּירגעשלייכט עטלעכע מענטשן, אָנגעטון אין שוואַרצן. זיי האָבן אָנגעשטעלט אַף איר די אויסגעמוטשעטע פּנימער און די שרעקלעך גרויסע אויגן, שטאַרע און בייזע... זיי האָבן זי אַ רוף געטון מיט די בליקן ווי מיט ווערטער און האָבן זיך אַוועקגעשלייכט צום וואַלד. דער וואַלד איז געשטאַנען אַ שוואַרצער און שטיל געגרוישט, געברומט און אָנגעוואָרפן אַף איר אַ שרעק...

איידל נעמט זיי נאָכלויפן און פאַלט אַריין אין אַ טיפן זומפּ. דאָרטן האָט זי אַנדערע מענטשן געזען, מאָגערע, ווי די סקעלעטן און לעבנסלאָזע, זיי ראַנגלען זיך אין זומפּ, הייבן זיך אויף און ציען זיך אַוועק איבערן פינצטערן אומענדלעך לאַנגן וועג, אַ וועג וואָס איז באַדעקט מיט בערגלעך מתים און מיט צעבראָכענע מצבות... אין דעם האָבן אַף איר אַ בליק געטון צוויי אין בלוט איינגעטונקענע אויגן, אָנגענומענע מיט חשבות און מיט טויזנט קללות... איידל האָט זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן אַנטלויפן. וואָס מער זי לויפט, אַלץ טיפער אין זומפּ ווערט זי פאַרזונקען און אַלץ בריענדיקער קלעפּן זיך צו איר יענע אויגן: האָסט אונדז פאַרלאָזט איידל.... לעבסט אַ גוטן טאָג אין אַמעריקע און מיר שטאַרבן אויס ווי די בהמות... באַלד זיינען אָנגעלאָפן מחנות סאָלדאַטן, רומענישע און אויך דייטשישע:

פון די ברייטע אויפגעריסענע פּיסקעס זייערע האָבן זיך ארויסגעטראָגן לאַווען פייער און באַדעקט די מענטשן אין זומפּ... איינעם פון זיי האָט זי טאַקע דערקענט: דער זשאַנדאַר,' וואַניצו דער לאַנגער מיטן שוואַרצן אימהדיקן פּנים פון א בולדאָג... זי מיטן טאַטן האָבן אַמאָל אויפגענייט א טייערן פּעלץ פאַר וואַניצוס א געליבטער, קאַטיאַ די אויסגעלאַסענע. קיין געלט פאַר דער אַרבעט האָט מען ניט גענומען. וואַניצו אָבער, האָט א שפּיי געטון דעם טאַטן אין פּנים, ווייל דער טאַטע האָט ניט דערלאָזט, אַז דער ציגיינער זאָל זיך וויצלען אין דער אַנוועזנהייט פון די דריי טעכטער זיינע...

פינצטער און זינלאָז איז געווען וואַניצוס פּנים, אויך פון פּיסק בּאַאים, פון די נאָזלעכער, פון די אויערן, פון יעדן אבר, האָבן זיך שטיקער פּולווער ארויסגעריסן און זיך צעגאָסן איבערן וואַלד ווי הייסער צעלאָזענער קופּער. און דער קופּער ריזלט, שווימט אוועק צום דאָרף, פאַרטרינקט די בערגלעך, די בהמות און דעם אַלטן אידישן בית־עולם... אַלץ וואַקלט זיך, זינקט אין א תהום פון אויפגעברויזטן בלוט, וואָס שוימט, לויפט איבערן דאָרף, טראָגט זיך אין ברייטע כוואַליעס, גראָבט אונטער די ערד, דעם וואַלד, די פעלדער...

איידל איז אַלץ געשטאַנען און פון שרעק זיך פון אָרט קיין ריר נישט געטון. באַלד אָבער האָט זיך באַוויזן ראָזאַ, די קלענערע שוועסטער אירע. זי טוט א שלעפּ איידלס רעכטע האַנט און לויפט מיט איר אַריין טיפער אין וואַלד... ראָזאַ כאַפּט זיך ארויף אַף א הויכן סאָסנע־בוים און כאַפּט אויף די שטיקער פּולווער וואָס רייסן זיך ארויס פון וואַניצעס פּיסק, שליידערט זיי מעכטיק איבער די קעפּ פון די פאַרפאַלגער... אויך זי, איידל האָט געוואָלט ארויף אַפן בוים, איז איר אָבער פּלוצים פינצטער געוואָרן אין די אויגן, אַלץ ארום איר האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א גרויען באַרג מיט רויך וואָס האָט זי אינגאַנצן דערשטיקט... נאָר ראָזאַס קולות האָבן אַלץ טיפער און חוזקדיקער אריינגעדרונגען אין אַלע אירע פאַרגליווערט געוואָרענע אברים: — לעבסט איידעלע, א גוטן טאָג אין אַמעריקע... אויך דיר וועט דאָס אויסגיין צום שלעכטן!... דער טאַטע, די מאַמע, די ברידער — אַלע אינייִנעם האָבן מיר דיך פאַראַכטעט, פאַלשע שוועסטער...

טרערן האָבן א פלייץ געטון פון איידלס אויגן און געדאַכט האָט זיך איר, אַז פון די שוואַרצע בלאָטיקע ווענט אין סעפערס ראַנטשע, פון יעדן ווינקל לויערן ווידער אַף איר טויזנטער פאָר אויגן, באַקאַנטע און פרעמדע, טויזנטער פאָר הענט, ווי אייזערנע שטאַנגען הייבן זיך מעכטיק קעגן איר, שעלטן... ספּאָנטאַן, ווי א געטריבענע פון א משוגעת איז איידל פון בעט אַראָפּגעשפּרונגען און אינגאַנצן א בלייכע, א באַגאָסענע מיט טרערן צוגעלאָפן צום פענצטערל. א שטילע, א צעשמייכלטע געמיטלעכקייט האָט איר אַנטקעגן געבליקט. איידל איז אָבער געווען אין אַן אַנדער וועלט. געדאַכט האָט זיך איר, אַז די גרויע, צעזייעטע וואָלקנדלעך אַפן וויים־בלויען הימל, דעם אומענדלעך טיפן, זיינען דורכגעפלאָכטן מיט טויזנטער ברוינע און שוואַרצע צעפּ, צעפּ פון דערהרגעטע אידישע טעכטער, וואָס זיינען

שוועך געוואָרן ווי אייזערנע קייטן און די קייטן טוען זיך אָליין אָן ארום די העלדזער פון רומענישע און דייטשישע עלצטע, וואָס הענגען אַף תליות...

זי האָט אריינגענומען דאָס פּנים איןביידע הענט און ביטער גע־וויינט. געקלאָגט מיטן גאַנצן צער פון אַ שולדיקער... אין דעם האָט איידל דערפילט אַ ווארעמע האנט בא זיך אַף דער פּלייצע. זי האָט זיך געגעבן אַ דריי אויס און אינגאַנצן אַ צעטומלטע, מיט צעמישטע בליקן זיך פאַר־וואונדערט ארומגעקוקט. סעפּער איז געשטאַנען אנטקעגן איר. אַ פאַר־לאָרענער שמייכל האָט גערוט אַף זיין פּנים פון שטוינען. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר איר צערודערט פּנים. געמאַכט אַ שפּאַן אַף צוריק:

— פון טראַכטן, מיין ליבע פרוי — האָט ער שטיל און געטריי אַ זאָג געטון — פון וויינען, ווערט דער מענטש ניט קליגער... סיי ווי ווען מיר, די שטערבלעכע, ניט וויסן וואָס עס טוט זיך אַף יענער וועלט און וואָס דער מאָרגן קען אונדז ברענגען... דאָ אָבער, אַף דער וועלט — האָט ער מילד און מיט באַדייטונג צוגעגעבן — האָבן מיר יאָ אַביסל גליק... גאָט האָט אונדז געגעבן די בערג און די זון. וואָס נאָך, דאַניאַ אַדעלאַ, קענען מיר פאַרלאַנגען פון אים? אויך די פרייהייט האָט ער אונדז געגעבן. קומט, מיין אַלטע וואַרט דאָרטן אַף אונדז מיט דער מאַטע.

## .3

באַטאָג איז די ראַנטשע ווידער איינגעוועבט געווען אין אַ גרינער צעבוואַליעטער שטילקייט. זיך געהויקערט אונטער דער לאַסט פון אַ שווע־רער פּראַכנדיקער צעגליטקייט און אונטער אַ רויטער הימלישער שרפה. אַ שאַרף זומער ווינטל האָט אַ ווייע געטון צווישן די ווילד־גראָזן, אויפ־געהויבן די האָר פון עטלעכע אייזלען, וואָס זיינען אויסגעלייגט געווען אין די בערג־פּאָלדן. איינגעזאַפּט אין זיך די ריחות פון גרינע קאַקטוסן און ווילד צעוואַקסענע טאַנעןביימער.

די טירלעך פון די קליינע ראַנטשעלעך זיינען געשטאַנען אָפן, העפּ־קערדיק צעפּראַלט, ווי די אויפגעריסענע בייכער פון גרויסע, געפּייגערטע פערד. סעפּערס ביידע זין האָבן אומזיניק גערעדט פון שלאָף, זיך געוואַל־גערט אַף די קאַטרעס און געפּילט די מידקייט פון שיכורן ביז שפּעט באַ־נאַכט. דער אַלטער איז אָנגעקומען פון צווישן די בערג. אַ געהיימע אויפ־גערוימטקייט האָט גערוט באַ אים אַפן פּנים. ער האָט אויפגעהאָנגען דעם בינט מיט הייל־גראָזן וואָס ער האָט געבראַכט, אַף אַ גראָבן צווייג פון פייגן־בוים און שטיין געבליבן מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן, געטראַכט, זיך געוואָלט דערמאָנען וואָס איינגעלעך האָט ער ווידער צו טון. אַלע טאָג אין דער אייגענער שעה ווען ער קומט פון די בערג, לייגט ער זיך

צו אויסרוען, אָדער ער טרינקט מאַטע. ער האָט זיך אָן עפּעס דערמאָנט. איז אַוועק צום פּלומפּ און אָפּגעוואַשן די הענט, אָנגעפּאָמפּעט אַ בלעכל וואַסער, זיך אָנגעטרונקען און ווידער אָנגעפילט דאָס בלעכל. אַוועק צו איידלס ראַנטשע און שטיין געבליבן הינטער דער פאַרמאַכטער טיר, געוואַרט, געשמייכלט פאַרלעגן און ניט געוואַגט אָנצוקלאַפּן. אין דעם איז איידל אַרויסגעקומען אַ שטילע און אַן אויפגערוימטע, קענטיק געווען, אַז דער איינדרוק פונעם באַנאַכטיקן חלום, איז נאָך אַלץ ניט פאַרווישט געוואָרן און זי איז נאָך אַלץ ניט געקומען צו זיך. סעפער האָט זיך נאָך ברייטער צעשמייכלט, איינגעשטאָכן אין איר פּנים די רויטע בלוט־פלעקן פון זיינע אויגן־ווינקלען און גלייך אויסגעפונען די פאַרענדערונג: ניט אַנדערש, נאָר היץ מאַכט איר שלעכט — האָט דער אַלטער אַ טראַכט געטון און איר באַלד אונטערגעטראָגן דאָס בלעכל:

— טרינקט, דאָניאַ אַדעלאַ, אַ פרישׁ ביסעלע וואַסער. איר וועט זיך מחיה זיין.

זי האָט צוגענומען דאָס בלעכל און אויסגעטרונקען דאָס וואַסער. דער אַלטער איז געווען גליקלעך:

— ווייסט איר, אַז מיין ברונעם איז דער בעסטער?...

— אַוודאי! — האָט איידל אָנגעשטעלט אַף אים אַ דאַנקבאַר פּנים

— דאָס וואַסער דערמאָנט מיך שטענדיק אָן די טיפע, קאַלטע ברונעמער פון מיין דאָרף...

סעפער האָט ווידער געשמייכלט. ער האָט ניט געגלויבט, אַז ערגעץ אין דער וועלט קען זיך געפינען נאָך אַזאַ טיפער ברונעם מיט אַזאַ לויטער וואַסער ווי זיינס! אייגנטלעך קומען דאָך אַלע שכנים פון די נאָענטע האַ־טעלן בעטן באַ אים וואַסער. ער האָט אַ צענעם געטון ביידע הענט און אָנגעוויזן אַף די בערג:

— אויך די פּאַנאָראַמע איז דאָרטן פאַראַן? גייט אַהין, פרוי אַדעלאַ, וואָס מער און איר וועט אויסגעהיילט ווערן. די מענטשלעכע נשמה נוי־טיקט זיך אין דער נאַטור...

איידל האָט אַ שטומען קוק געטון צו די בערג און באַלד די בליקן צום אַלטן אַריבערגעטראָגן. אַ מאָדנע אימה האָט די געטריישאַפט זיינע אויפגעוועקט אין איר: אַ צווייפל, טאָמער וועט זי אים ניט קענען אָקעגנ־קומען מיט דער אייגענער ברייטקייט... וואָס וועט שפּעטער זיין?... זי, איידל די וועדמע, האָט שוין ניט מער קיין האַרץ... האָט פאַר קיינעמס־וועגן קיין ביסל וואַרעמקייט!

אויסגעקומען איז באַ איר, אַז אַזאַ אַלטער מענטש, מוז שוין זאָרגן נאָר פאַר זיך אַליין. זי האָט אים אומניחהדיק אין פּנים אַריינגעשעפּטשעט:

— נאָך וואָס, דאָן סעפער, באַמיט איר זיך פאַר מיינעט וועגן?

ער איז געוואָרן ערנסטער און אַ לייכטער אומעט האָט אויפגעטויכט אין זיינע אַלטע אויגן:

— רעדט ניט אַזוי, דאָניאַ אַדעלאַ! — האָט סעפער אַראָפּגערעדט

צו די שפּיצן פון זיינע איבערגעדרייטע שיך — איר ווייסט ניט ווי מיך פאַרדריסט דאָס!... נו, איך בין דאָך ניט קיין קינד... — ער האָט אַף איר אַ טריבן, אָבער אַ וואַרעמען קוק געטון און פאַרלעגן געשמייכלט. — איך טו אַלצדינג מיט מיין בעסטן ווילן. עמיצער מוז דאָך אַף אייך אַ קוק טאָן?!...

זיין גוטסקייט האָט איידלען גערירט ביז טרערן. זי האָט אָבער קיין וואָרט ניט געזאָגט. סעפּער האָט אַ זיפץ געטון:

— מען טאָר ניט, דאָניאַ אַדעלאַ, זיין אַזוי טרויעריק. ס'איז אַ זינד...

סעפּער איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן, איינגעשטאָכן די אויגן אין די בערג און זיך ווידער דערמאָנט: וואָס עלטער עס ווערט אַ מענטש, אַלץ איינזאַמער איז ער... די קינדער האָבן חתונה, גייען זיי אַוועק. דער אייגענער מאַן, דאָס ווייב — איז נענטער פון די אַלטע טאַטע-מאַמע...

ער האָט אַ זיפץ געטון און זיך אָנגערופן:

— איר האָט דאַכט זיך ליב אונדזער געגנט? איר זיינט פון די אונדזעריקע, אַ?...

איידל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אַף יאָ. זי האָט זיך גוט איינגעקוקט אין באַרג און ווי אַ פּאַרטראָגענע אין אַ פרעמדער וועלט שטיל אַ זייע געטון צווישן די ציין:

— און איך, דאָן סעפּער, וועל שטענדיק בלייבן מיט אייך!... וועל דאָ אָנהייבן אַרבעטן, איר וועט זען...

דער אַלטער האָט אַף איר אָנגעשטעלט די צעטומלטע אויגן און אַ ווייכע פרייד האָט אויפגעבליצט אַרום דעם איינגעפאַלענעם מויל זיינעם. אומרואיק אַ פּיר געטון מיטביידע הענט באַ זיך אַף דער ברוסט און אינגאַנצן אַן אויפגעברויזטער, האַסטיק אויסגערופן:

— ווי שיין דאָס איז פון אייך, פרוי אַדעלאַ! געבענטשט זאָל זיין אייער קומען צו אונדז!

אין דעם האָט זיך דערהערט דאָס וויינענדיקע הירזשען פון סעפּערס אייזלען, וואָס זיינען געשטאַנען הינטער דער ראַנטשע און די משוגענע לויפעריי פון די עופות. דאָס פּאַטשן פון די פליגל, דער געלויף פון ווינקל צו ווינקל און דאָס אומנאַטירלעכע קוואָקען זייערס האָט אויפגעוועקט דעם דרימלענדיקן אַרום און אויך סעפּערס צוויי זין מיט דער שנור. זיי זיינען אַרויס פון די ראַנטשעס און זיך געלאָזט לויפן צום אַלטן. ער האָט אַ צענעם געטון ביידע הענט און מיט שטילער ווירדע אויסגערופן:

— די אינגלעך קענען גיין שלאָפן!... איך וועל שוין אַליין אויסגעפינען...

סעפּער איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן, קענטיק געווען, אַז אַלע זיינע חושים זיינען געוואָרן אָנגעצויגן ווי די סטרונעס. ער האָט זיך פאַרזיכ-

טיק ארומגעקוקט און אויפגעשטעלט ביידע הענט אנטקעגן איידלס פּנים און זיך אָנגערופן:

— בלייבט דאָ. איצט אין די הייסע שאָען, יאָווען זיך אהער שלענג, פאַר אייך קען דאָס אַמאָל זיין געפערלעך.

סעפער האָט אַ סווישטש געטון און אַ מחנה אייניקלעך זיינע זיינען געקומען צולויפן, שווארצע, האלב־נאַקעטע אינגעלעך און מיידעלעך. אלע האָבן געהאט גרויסע שווארצע אויגן, אָנגענומענע מיט אַ מאָדנער גירי־קייט און מיט יום־טוב, מיט דערוואַרטונג. דער אַלטער איז אומגעגאַנגען מיט זיי איבערן הויף, געזוכט אין אַלע פאַרבאָרגענע ווינקעלעך הינטער די ראַנטשעס און אין די קיכן, אין די שטאַלן, סיי אין די קליינע הינער־שטיבלעך. סעפערס פּנים האָט אויסגעדריקט זאָרג און פאַרשעמונג. קענ־טיק געווען, אים איז געגאַנגען אין לעבן אויסצולערנען די אייניקלעך ניט נאָכצוגעבן...

ער האָט ארויסגעצויגן דעם לאַנגן מעסער פון גאַרטל און וואויל־קענעוודיק אַ פּאָך געטון מיט אים איבער די צונויפגעטוליעטע קעפּלעך פון קליינוואַרג, וואָס האָבן צוטרוילעך ארום זיידן געפּויזעט. דער שאַר־פער קלונג פון מעסער האָט אַ שווערן קרעכץ געטון און איבערגעשניטן די געדיכטע לופט:

— קומט, אינגלעך! לערנט אייך פון זיידן בייצוקומען אַ שונא... אַן אמתער קריאָזשע, איז בראַוו!...

ער האָט זיך צוגעשאַרט צו אַ פּאַרלאָזטן אויוון, אַ צעבראָכענעם, אַ צערייע געטון אין אים די אָנגעוואָרפענע צעבראָכענע טעפּ און צוויי גרינע, אויפגעבליצטע אויגן פון אַ שלאַנג האָבן אַף אים אַ לויער געטון פון דאָרטן. אויך סעפערס אויגן האָבן אויפגעבליצט. די שלאַנג איז אַ ווײַלע געבליבן אומבאַוועגלעך. דער שווערער צעגאָסענער בויך אירער האָט אומרואיק אַ ציטער געטון, זי האָט ארויסגעשטעלט אַ לאַנג צינגל, אַ רויטס און אַ שאַרפס ווי אַ מעסער און זיך באַלעקט דאָס פּיסקל. מיט־אַמאָל און אויגנבליקלעך האָט זי זיך געגעבן אַ צי אַף צוריק, זיך איינ־געשרומפּן און געוואָרן קיילעכיק ווי אַ בייגל פון אַ גומי. סעפער האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. קענטיק, אַז די זיכערקייט מיט זיך אַליין איז אים ליב געווען. באַלד האָט זיך די שלאַנג ווידער אויסגעצויגן און מיט דער גאַנצער פוריע פון שרעק, אַ לויער געטון מיט די פאַרשפּיצטע אויגן אַף פאָרויס און זיך אַ לאָז געטון צום אַלטן...

סעפער האָט געמאַכט אַ שפּאַן אַף צוריק און מיט אַן אויסערגע־וויינלעכער רואיקייט פון אַן אַלטן יעגער איר אַריינגעשטאָכן דאָס מעסער אין סאַמע מיטן פון קאָפּ, זי אַרויסגעשלעפּט פון אויוון.

די שלאַנג האָט אַ פּישטשע געטון און זיך קאָנוואַלסיוו צעהוידעט, זיך געוואָרפן אַהין און צוריק. אין דעם האָט זי מיט אַ מעכטיקן כּוח אויפגעהויבן דעם עק אינדערלופטן און אָנגעהויבן פּאַכען מיט אים פאַר סעפערס פּנים. דער אַלטער האָט געכאַפּט אַ ברעט וואָס איז דאָרט געלעגן

און עטלעכע קלאַפּ געטון איבערן עק. די שלאַנג איז געוואָרן שוואַכער, זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג און יסורימדיק געציטערט, גע־צאַפּלט און זיך געוואָרפן אין די לעצטע אַנגסטלעכע מינוטן.

דער אַלטער האָט אָפּגעאָטעמט פריי. אַ וואַרעמע רויטלעכקייט האָט באַדעקט די קנייטשן אונטער די אויגן, די אַנגענומענע מיט גאווה און מיט ניצחון.

— אַ מעסער, קינדער מיינע, — האָט ער מיט חשיבות אין קול צום קליינוואַרג אַ זאָג געטון — איז אַ וויכטיקע זאַך!... באַם קריאַזשע, איז דאָס מעסער בילכער פון אַ גאַליעט!... לערנט אייך קינדער פון די אַלטע באַרג־מענטשן!... בראַוו און געוואַגט זיינען זיי...

דער אַלטער האָט איינגעשטאָכן די אויפגעשיינטע אויגן אין דער שלאַנג און אים האָט פאַרדראָסן, פאַרוואָס קיינער פון די אויסלענדישע שכנים האָבן ניט געזען זיין בראַווקייט. יענע האַלטן געשעפטן, זיינען כיטרע סוחרים, אָבער — פּחדנים!... ס׳וואָלט געווען גענוג, ווען די דאָ־ניאַ אַדעלאַ זעט כאָטשע די בראַווקייט זיינע!... אויך זי וואָלט זיך באַ־דאַרפט צופּאַסן צום באַרג לעבן. אָבער אויך צווישן די באַרגיקע, די קריאַ־זשעס, זיינען פאַראַן טויגעניכצן — האָט זיך דער אַלטער אַ צעזיפצט גע־טון: דער מחותן זיינער, דאָן פּעפּע, האָט איינגעהאַנדלט אַ מציאה... גע־קויפט אַ שטיק באַרג ווייט פון שטעטל. אַן אויסלענדער האָט באַ אים גענומען דריי פּעזעס דעם מעטער. פאַר דעם געלט, קען מען שוין קויפן אין שטעטל. אָבער אַ מיצווה אַף אים, דעם נאַרישן דאָן פּעפּע... ווען ער זאָל נאָר געווען אַ פּרעג טון באַ אים, באַ סעפּערן, וואָלט אַלץ געווען גוט.

דער אַלטער האָט געפילט אַ בייזקייט צום אויסלענדער, וואָס האָט מיט אַ סך יאָרן צוריק אָפּגעקויפט טויזנטער מעטער באַרג אַף צוואַנציק סענט דעם מעטער. סעפּער האָט געפילט, אַז די צונג זיינע האָט זיך פּלו־צים אַ צעבונד געטון און אין אַנבליק פון דער גרויסקייט אין די אייגענע אויגן, וואָלט ער חשק געהאַט אויסצוטענהן זיך מיט די פּרעמדע, זאָגן דאָס וואָס ס׳האָט זיך ווי אַ גאַנצער באַרג אָנגעזאַמלט באַ אים אַפן האַרץ...

די שכנה איז צוגעקומען און אים אויפגעוועקט פון טראַכטן. די אייניקלעך אַרום אים זיינען געווען פאַרטיפט אין נאָכפאָלגן דעם זיידנס אַרבעט.

— דאָן סעפּער! — האָט זי אויסגערופן מיט באַגייסטערונג — איצט זע איך שוין, אַז איר זיינט אַן אמתער באַרג־מענטש.

ער האָט אויסגעדרייט צו איר דאָס פּנים און צופרידן געשמייכלט:

— אַן אויסלענדער — האָט סעפּער ספּאָנטאַן אויסגערופן — טויג זיך ניט אויס צום אמתן באַרג לעבן... זיי זיינען גוטע סוחרים...

איידל האָט געשוויגן. ווי שטענדיק, ווען דער אַלטער באַקלאָגט זיך פאַר איר, האָט טענות צו די אויסלענדער, האָט זי ווידער געהאַט דעם פיינלעכן געפיל, אַז מיט דעם מיינט דער אַלטער נאָר די אידן... איידלען איז שווער געווען צו שמועסן מיט אים וועגן די "פרעמדע" און נאָך

שווערער — צו שווייגן. א סך מאָל, און דאָס איז פאָרגעקומען כמעט אַלע טאָג אין די אָפּרו שאָען, האָט סעפער ליב געהאַט צו דערציילן דער שכנה זיינער, פון דעם גרויסן שאָדן וואָס די אויסלענדער האָבן אהין געבראַכט... סעפער איז חושד געווען איר שווייגן. געמיינט, אַז די שכנה איז ניט בכוח צו באַנעמען די באַליידיקונג פון אַ באַרג־מענטש און די עוולות וואָס פרעמדע באַגייען קעגן אים...

— אַ שלאַנג איז אַ געפאַר! — האָט דער אַלטער אַ זאָג געטון — אָבער מיט מענטשן, דאָניאַ אַדעלאַ, מוז מען אויך וויסן ווי זיך צו באַגיין... צופיל טאָר מען קיינעם ניט געטרויען.

איידל האָט ניט באַנומען וואָהין ער האָט געצילט. לויט דער שטימונג, האָט זיך איר געדאַכט, האָבן זיך אינגאַנצן יענע טענות ניט געקלעפּט. זי האָט ווידער קיין וואָרט ניט געענטפערט, נאָר מיט די אויגן אַלץ אַפּלאָדירט זיין בראַווקייט... ער האָט זיך געפילט געהויבן, אים איז גוט געוואָרן אַפן האַרצן.

— די פרעמדע, — האָט סעפער מיט ביטול אַ לאַך געטון — קאָמען אהער נאָר רייך ווערן!... זיי שאַצן אַפילו ניט אָפּ ווי געהעריק די פעיקייטן אונדזערע...

איידל האָט אַ קוק געטון אויף די בערג און איר איז פּלוצים איינגעפאַלן, אַז אויך ער, דער אַלטער איז אַ רייכער מאַן, כאָטש ער ווייסט דאָס אַליין ניט. זי האָט זיך אַ ווײַלע געישובֿט און באַלד צוגעגעבן:

— בויט דאָ אויס עטלעכע שטיבלעך צום פאַרדינגען, וועט איר האָבן אַ סך געלט, דאָן סעפער.

דער אַלטער האָט אַ בייסיקן שמייכל געטון. קענטיק, אַז אַ זי ווייסט גאָרניט אין קיין מענערישע ענינים — האָט ער אַ טראַכט געטון — אָט איז דאָך זיינער אַ באַקאַנטער אומגליקלעך געוואָרן. ער האָט זיך אָנגעשטעקט מיט דער אַמביציע פון דער גרויסער שטאָט... רייך האָט ער געוואָלט ווערן... אויסגעבויט אַ לוקסוס פּאַלאַץ צום פאַרדינגען און איז דורכגעפאַלן. ער איז שולדיק געבליבן אַ סך געלט. ס'זיינען אהער געקומען די רייכע לייט, די באַלעבאַטים פון די בענק, זיי האָבן רעמאַטירט דעם פּאַלאַץ, אים פאַרקויפט פאַר ווינציק געלט... און דער פריינט איז געבליבן באַ גאָרניט. ער פירט אום איבער די קאָרדאָבער גאַסן מאַנים מיט לימענעס צום פאַרקויפן... אַ זי, האָט סעפער אַ טרויעריקן שמייכל געטון, וועט ניט באַנעמען אַזאַ מעשה... ער וויל איר טאַקע גאָרניט דערציילן. וואָס פאַרשטייען זיי פון באַנק־זאַכן, פון היפּאָטעקעס? דאָס זיינען זאַכן פאַר די אָפענע קעפּלעך...

סעפער האָט זיך ווידער צו דער שכנה געווענדעט:

— מיר איז ליב די רואיקייט. די אויסלענדער קומען אהער קראַנקע, צעפּוילטע... גאָט שטראָפט זיי...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַרויסגעצויגן דאָס מעסער פון דער

טויטער שלאַנגס קאָפּ. זי אויפגעהויבן אינדערלופטן און מיט באַדייטונג צום קליינוואַרג א זאָג געטון:

— אינגלעך, נעמט די שלאַנג און טראָגט זי אוועק הינטער דער ראַנטשע, שינדט זי גוט אָפּ און קלאַפּט אָן דאָס פעלכל אָף א ברעט אנט־קעגן דער זון.

ער האָט אָפּגעווישט דאָס מעסער אין א פּאָלע פון רעקל, אים ווי־דער פאַרשטעקט אין גאַרטל און אָנגעשטעלט אָף איידלען א רואיק פּנים, א צעשמייכלטס, א באַדעקטס מיט גאווה.

— מיין לעבן, פרוי אַדעלאַ, איז א גרינגערס און א ריינערס פון זייערן...

פון הינטערן באַרג איז אָנגעקומען א בחורל פון א יאָר פופצן, א הויכער און א בויגעוודיקער מיט א שוואַרץ קיילעכיק פּנים, א באַ־נאָסנס מיט קינדישער מילדקייט און מיט מענערישער פאַריסנקייט. סעפּער האָט אים אַנטקעגן געשטרעקט ביידע הענט און מיט וואַרימקייט אַריינ־געשמייכלט אין אינגלס פּנים:

— וואָס, טשאַטאָ, האָט אייך אהער געבראַכט? — האָט ער אויס־גערופן פאַרחידושט — די היץ איז צו שטאַרק. האָט עפּעס געטראָפן אין אייער הויז? וואָס מאַכן די אַלטע לייט? האָט איר עמיצן צוגאַסט?

דער בחורל האָט זיך וואָוילױנגעריש א דריי געטון אָף איין פוס און אָנגעשטעלט אָפּן אַלטן די טיפע, שוואַרצע אויגן זיינע, אומרואיק ביטערע.

— דאָן סעפּער, דער פאָטער האָט געבעטן איר זאָלט אים לייען דעם גרויסן מעסער אייערן!

דער אַלטער האָט אינסטינקטיוו אָפּגעלאָזט דעם אינגלס הענט און געמאַכט א שפּאַן אָף צוריק, צונויפגעצויגן די ברעמען און א גרויער וואָלקן האָט באַדעקט דאָס אומצופרידענע פּנים זיינס.

— גייט זאָגט אייער טאַטן, יונגערמאַן — האָט ער אָף אים אָנגע־צילט די רויטע בלוט־פלעקן פון די אויגן־ווינקלען — אז נאָר צוויי זאַכן אין לעבן זיינען מיר פאַרבליבן הייליק — מיין ווייב און מיין מעסער!... אַלץ אין דער וועלט, מיין קינד, וועט דיר אָן אמתער קריאָזשע אויסבאָרגן, נאָר ניט דאָס ווייב און ניט דאָס מעסער. ווייי וועט זיין צו דעם, וואָס וועט פרואוון פאַרשוועכן איינס פון זיי ביידן!...

## .4

פאַרנאַכט. א בלויע לופט איז געהאַנגען איבער די בערג און ווייס־בלויע וואָלקנדלעך האָבן אומשפּאַצירט אָפּן הימל, דעם מערקווירדיק שטילן און פאַרטראַכטן. לינדער, סעפּערס יונגערער זון, א מענטש פון א יאָר דרייסיק איז אַרויסגעקומען פון זיין ראַנטשע. א הויכער מיט א שמאָל

פּנים, אַ קנאָכיקס און מיט לאַנגע, קנאָכיקע הענט און פיס, אַ רירעוודיקער ווי אַ יונגער הירש. ער האָט פויל געגענעצט און שטום אַ קוק געטון אַרום זיך. אַ ווײַלע געטראַכט, ווי ער וואָלט ניט געדענקט צוליב וואָס ער האָט זיך אַרויסגערוקט פון דער ראַנטשע. באַלד אָבער האָט ער אַ פאַרזשמורע געטון די אויגן און מיט פאַרביסנקייט צוגעשאַרט דעם שאַרפשטיין צו זיך, זיך אַראָפּגעלאָזט אַף די קני און אָנגעהויבן אָנשאַרפן זײַן מעסער. די דינע, שפּיזלדיקע, רויט־גרינע פונקען וואָס האָבן פון אונטערן מעסער געשפּריצט, האָבן זיך ווי צונויפגעגאָסן מיטן שאַרפן בלישטש פון זײַנע אומצוטרויִלעכע ברוינע מאַנדל־אויגן, די הייסע און אומרואיקע.

אין הויף און אויך די נאָענטע שכנים האָבן לינדערן געהאַלטן פאַר אַ שטילן מענטשן און ניט פאַרשטאַנען די איינזאַמקייט זײַנע: אַפילו די מאַטע האָט ער ניט ליב געהאַט צו טרינקען מיט די טאַטע־מאַמע און מיט די שוועסטער, ווען זיי זײַנען זיך אַהין צונויפגעקומען. לינדער האָט ליב געהאַט זײַן אייגן שטיל ווינקל. הינטער דער ראַנטשע צווישן אַ הויפן שטיינער, אַרומגעוואַקסענע מיט ווילדע קאַקטוסן, פלעגט ער זיך שאָענלאַנג, שווײַגנדיק רויכערן איין ציגאַר נאָכן אַנדערן, אָדער טרינקען די מאַטע מיט ווײַב און קינד — עסן די אַסאַדע.

ער האָט גערעדט שטיל און אויסגעמיטן דיסקוסיעס. געגאַנגען און געאַרבעט לאַנגזאַם. האָט אויסגעזען מיד און פלעגמאַטיש, מער פון וואַלגערן זיך צופיל אַף דער קאַטרע, פון פוילקייט, ווי פון אַרבעט... קיינער פון די אייגענע איז ניט חושד געווען, אַז אונטער דער פאַרביסענער באַהערשונג זײַנער, האָט געברויזט אַ ווילדע לײַדנשאַפט, אַן איבערנאַטירלעכער וואולקאַן...

גיך און אומזיניק האָט ער אומגעפירט דאָס מעסער איבערן צעהיצטן שאַרפשטיין, און קעגן אייגענעם ווילן אַלע מאָל אַ וואָרף געטון די בליקן צום טירל פון איידלס ראַנטשע, דורכגעבויערט מיט זיי די שטילקייט, דעם אַנגסט וואָס האָט אַרויסגעשריען פון זײַן אייגן בלוט, דאָס ניט געוואָוינטע צו באַהערשן...

אַן עקשנותדיקע שטומקייט איז אים פון דאָרטן אַקעגנגעקומען. לינדער איז געוואָרן אויסער זיך. ער האָט זיך ספּאָנטאַן פון אָרט אַ ריס געטון און מיט וואַנזיניקער אומבאַזאַכטקייט אַוועק הינטערן באַרג. שטיין געבליבן מיטן פּנים אין פענצטער פון איידלס ראַנטשע. אַ קאַלטע גרויקייט האָט דאָרט געהערשט. זי איז ניט געווען. לינדער האָט שווער געאָטעמט, גלײַך ווי די געצוימטע אברים זײַנע וואָלטן זיך געגרייט אויפצופּראַלן און טויזנט לאַוועס מיט אָנגעזאַמלטן פײַער וועלן זיך פון זיי אַרויסרײַסן און דאָס פײַער וועט פאַרשרפהן די בערג, דעם טאַטנס ראַנטשע אינאיינעם מיט דער ניט נאָכגעביקער שכנה...

סעפּער איז אָנגעקומען פון צווישן די בערג. בײַ דער מאַמע עלווירא צוגאַסט געווען. אַ צעשמייכלטע געמיטלעכקייט האָט גערוט אין די טיפע קאַרבן אַפן שטערן בײַ אים, אַ זאָרגלאָזע פרייד. ער האָט זיך שטום אַרום־

נעקוקט, עפּעס געזוכט. דערזען דעם זון הינטער איידלס פענצטער, איז דורכנעלאָפן א אימהדיקער ציטער איבער זיין לייב. ער האָט איינגעשטאָכן די רויטע בלוט־פלעקן פון די אויגן־ווינקלען אין זונס פּלייצע און א בייזן צישע געטון:

— ווי ועט זיין צו דעם זון, וואָס ועט פּרואוון פארשוועכן זיין פאָטערס גוטן נאָמען...

ביידע, מאמע און זון, זיינען מיט באַרגיקער גבורה שטיין געבליבן איינס קעגן אַנדערן. לינדער, מיט א געבויגענעם קאָפּ און סעפער, מיט צוויי דרײַענדיקע אויגן פון א שטרענגן ריכטער... לינדער האָט זיך ספּאָנטאַן אויסגעדרייט און אזוי מיט א געבויגענעם קאָפּ אוועק אין זיין ראַנטשע, זיך א וואָרף געטון אַף דער צעפאָרענער קאטרע צווישן די קוי־טיקע שטיקער וואָל פונעם אלטן, צעפליקטן מאַטראַץ. ער האָט געריי־בערט איין ציגאַר נאָך דעם אַנדערן, דער גרויער אַנגערוקטער וואָלקן רויך וואָס האָט זיך ארויסגעצויגן פון זיינע ברייטע אויפגעריסענע נאָזלעכער, האָט עטוואָס פארטונקלט דעם אומרואיקן בלישטש אין זיינע אויגן. אויגן, פולע מיט הונגער וואָס האָבן פארלוירן געלויערט איבער דער טיפער, קיילעכיקער סטעליע, די פארויכערטע און באוואַקסענע מיט א שווארצן מאָך, וואָס איז באקלעפּט געווען מיט אלערליי טויטע און לעבעדיקע אינ־זעקטן, מיט שפּינען און מיט גרויסע טויטע שווארצע פליגן.

— וואָס איז לינדער, א מאַנצביל, אָדער ניט?... — האָט ער א שווערן סאָפּע געטון — זי גייט אום צווישן די בערג, נאָך וואָס?.. אַלע טאָג האָט זי דאָרטן א נייעס!...

טיטא, לינדערס ווייב איז אריין אין ראַנטשע. אראָפּגעוואָרפן פון קאָפּ א גרויסן בינט מיט גרעט און שטיין געבליבן מיט פארלייגטע הענט אַנטקעגן מאַן. א גלייכע מיט א וויכטיקער מינע אַפן פארשוויצטן פּנים און מיט אַן הכנעהדיקן שמייכל אין די אויגן, די שווארצע און שמאָלע ווי צוויי פעטע זאַפטיקע מאַסלינעס און אָנגענומענע מיט שטומע סודות, מיט בייזקייט — גאָט, דערבארים דיך אַף אונדז! — האָט זי א צענעם געטון די גראָבע, שוואַרץ־בלויע ליפּן אירע — ביז ווען נאָך וועלן מיר ליידן?...

לינדער האָט זי שטום אָנגעקוקט און א גרויער וואָלקן האָט באַ־דעקט דאָס אומצופרידענע פּנים זיינס, דאָס באדעקט מיט באַפעלעריש־קייט פון א שטרענגן הערשער. אין אירע אויגן איז אויפגעגאַנגען נעבעט און פארבאָרגענע שרעק. זי איז צוגעגאַנגען צום מאַן. ארויפגעלייגט ביידע הענט אַף זיין קאָפּ און הכנעהדיק אין די שטרענגע אויגן זיינע ארייננגע־קוקט. דערזען אין גאַרטל באַ אים דעם אָנגעשאַרפטן מעסער, איז איר פּנים נאָך פינצטערער געוואָרן. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די בריסטן אַף זיין האַרץ און געפּרואווט ארויפלייגן א האַנט אַפן מעסער.

— איר קענט מיר אפשר, דאָן לינדער, אויסלייען אייער מעסער? —

האט זי מיט א געמאכטער זיסקייט ארייגגעשמייכלט אין זיין פנים — איך וועל א לויף טון צווישן די בערג און וועל אנהאקן אביסל האלץ.

ער האט זיך אפגעשטויסן פון זיך. ביידע — מאן און ווייב האבן פארלוירן געשמייכלט, אבער אין די אויפגעבליצטע בליקן זייערע האט זיך געטיקט ווילדע עקשנות. קענטיק געווען: ביידע זיינען גרייט אויס־צופירן די אייגענע קאפריזן, זאל אפילו קומען צו א געשלעג... טיטא האט אנגעשטעלט די פינגלעך פארטרערטע אוינן אפן שטרויענעם קיישל, וואו די קליינע טאכטער אירע איז געשלאפן און ביטער געזיפצט. זי האט ניט באנומען דעם מאנס אומרו און אויך ניט זיין בייזקייט. זי האט נאר גע־וואוסט, אז דער מאן וועט באלד אוועקגיין אין שענקל און פארשיכורן די פאר פעזעס, וואס ער האט פארדינט באם פארקויפן אביסל פרוכט. ער וועט אהיימקומען שפעט בארנאכט, א מידער, אן אויסגעשעפטער און וועט אפליגן אף דער קאטרע א פאר טעג. זי וועט אים דארפן דערלאנגען מאטע און זען אז די קינדער זאלן אים ניט אריינברענגען אין כעס... טיטא האט זיך ספאנטאן א ווארף געטון צו אים און געבעטן:

— גיב אהער, אלטינקער, דיין מעסער!... טו דאס פאר די קליינע קינדער אונדזערע!...

אין דעם האט סעפער א פארהויב געטון דעם פארשמאלצעוועטן זאק איבערן טירל. ער איז שטיין געבליבן אף דער שוועל. א קאלטע גבורה האט געווייעט פון אים און אויך רוגזה. אפגעמאסטן די שנור מיט א קאלטן בליק, אן אנגענומענעם מיט ביטול, שטומערהייט צו פארשטיין געגעבן: זי, די „דאניא" טיטא האט זיך ניט פארוואס צו ערגערן... סיי ווי האלט מען זי דא פאר א פרעמדער, א פרעכער נקבה, וואס איז ניט ווערט צו זיין דעם אלטן סעפערס א שנור...

— א ליטישער מאנצביל — האט ער נאך א ווײַלע טראכטן א בײַ־סיקן זאג געטון — ווייסט זיין אייגענע שטעלונג!... ער וועט פון קיינעמס שוואכקייט ניט באהערשט ווערן... וועט ניט ארויסלאזן דאס מעסער פון האנט... א קלוגער מאנצביל האט פיינט געפירט צו ווערן פון א נקבה... פריי איז דער מאנצביל ווי א פויגל און ער קען זיך פארגינען א לעב צו טון!...

טיטא האט געפילט אף זיך דעם שווערם פיינטשאפט און דער כעס אין איר האט געשוימט ווי די כוואליעס פון אן אויפגעברויזטן ים. זי האט זיך אבער באהערשט. ווען ניט לינדער, דער מאן פאר וועמען זי האט מורא, וואלט זי אים, דעם אלטן, שוין לאנג דערהרגעט. זי איז צו־געגאנגען צום קינדס וויגל און מיט א פארשעמטן קאפ, א געבויגענעם, זיך אימהדיק צעשאקלט. ארום איר האט א דערשטיקטער טרויער א ווייע גע־טון, דער צער פון א פרוי וואס האלט זיך פאר זינדיק... און נעמט אף זיך פרייוויליק די שטראף פאר באגאנגענע פעלערן...

סעפער האט א קוק געטון צום זון און די חוזק בליקן זיינע האבן געטענהט:

— א שוואכלינג, מיין זון, ביזטו... און זי, די שלאַנג האָט דיך אַ־געגנאַרט... דיר אָפּגעטון א כישוף... וועט דיר נאָך אמאָל אָנטון הערנער...

ער איז אַרויס פון ראַנטשע. טיטא האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און שטום נעקוקט צום מאַן. לינדער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו איר. באַלד אָבער איז ער אַרונטערגעשפּרונגען פון קאטרע. טיפער אַריינ־געזעצט ס'מעסער אין נאַרטל. אָנגעטון דעם נייעם שטרויענעם הוט, דעם טונקל רויטן און באַפּוצטן מיט א ברוינער סטענגע. אַרויסגעשלעפּט עט־לעכע מטבעות פון די הויזן קעשענעס, זיי א וועג געטון אַף דער רעכטער דלאָניע, איבערגעציילט עטלעכע מאָל מער מיט די אויגן ווי מיט דעם מויל און אויסגעמיטן דעם ווייבס בעטנדיקע בליקן, דאָס פיינלעך צע־קרומטע פּנים וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין אים. א כאַפּ געטון פון בענקל די ווייסע פּאַטשיילע און איז אַרויס פון ראַנטשע.

טיטא איז שטיין געבליבן א צעקלעמטע. די אומבאַזאַכטע אויגן אירע האָבן זיך געריסן נאָך דעם מאַן. זי האָט זיך א לאָז געטון נאָך אים. שטיין געבליבן לעבן דער שוועל און א רעזיגנירטע אַראָפּגעלאָזט דעם זאַק איבערן מירל. זיך א וואַרף געטון אַף דער קאַטרע, איינגעגראָבן דעם פּנים אין באַרג מיט שמאַטעס און די ראַנטשע איז געוואָרן פול מיט איר שטילן געיאָמער, אַן אָנגענומענער מיט תרעומות און מיט א טיפער מענטשלעכער געפּאַלנקייט, מיט שיפלות און מיט א גרעניצלאָזן געבעט צו גאָט, צו דער מענטשלעכער בייזוויליקייט, צו זייער אכזריות, וואָס לאָזט זי ניט לעבן אין מנוחה אין איר שטילער חרטה אַף באַגאַנגענע זינד...

---

א צעשמייכלטע מנוחה האָט גערוט איבער די בערג, די באַשיטע מיט גאָלדענע פעדים זון. אויך אין סעפערס הויף איז געווען רואיק. שטיקער אָפּגעריסענע בלויקייט האָט זיך מיט פאַרנאַכטיקן באַנג אויס־געלייגט אַרום גאָרטן און מיט פרומקייט געקוקט צום דרויסן, ווי עמיצן באַוואַכט . . . אין דעם האָט מען אהיימגעבראַכט לינדערן. צוויי מע־נער, הויכע און טונקל־הויטיקע מיט צעשמייכלטע פּנימער, האָבן אים געפירט אונטער די הענט. דער קאָפּ לינדערס, האָט זיך שווער געוואַלגערט בא אים אַף דער ברוסט ווי א הייפטל קרויט. די מענער האָבן אים אויס־געצויגן אַף א קאַטרע לעבן דער טיר פון זיין ראַנטשע און אים גלייך אָנגעהויבן צו מונטערן. אים געריסן פאַר די האָר און פאַר דער נאָז, גע־ריבן די שלייפן מיט א פּליסיקייט פון גאַז און פון זאַלצוואַסער, וואָס א שכנה האָט דערלאַנגט. לינדער איז צו זיך ניט געקומען. ער האָט זיך נאָר צונויפגעקנוידערט, זיך געוואָרפן פון איין זייט אַף דער אנדערער, ווי איז אַן אָנפאַל פון קדחת, אַלעמאָל אַן אומפאַרשטענדלעכן מרוקע געטון און אויפגעהויבן א פויסט אינדערלופטן, ווי צום שלאָגן עמיצן...

די פאַרנאַכטיקע געמיטלעכקייט איז אויפגעריסן געוואָרן. דער הויף איז געוואָרן באַלעבט. עס זיינען זיך אָנגעלאָפן א סך ניינעריקע צוקוקער, איבערהויפּט טוריסטן און טוריסטקעס פון די אַרומיקע האָטעלן, פרייר־

לעכע יונגע מיידלעך און ווייבלעך, אויסגעפּוצטע אין ברייטע נעבלומטע קליידער און מיט דריישפּיציקע נעבלומטע פאַטשיילעס אויף די קעפּ. פאַטשיילעס פון אַלערליי פאַרבן פון ווינטל צעטריבן, געפּאַכעט אינדערלופטן ווי אַלערליי פרידנס־פענער.

די צעשווימטע זאַרגלאָזיקייט אין די ברייטע, אויפגעריסענע אויגן זייערע, איז מיטאַמאָל בלייכער געוואָרן. לינדערס צושטאַנד, דער גאַנצער ארומיקער חשכות, האָט זיי די פרייד און דעם באַגער נאָך אַן אוואַנטורע פאַרשטערט... איינע אַ בלייכע פרוי פון אַ יאָר דרייסיק מיט אַ לויטערן שמייכל אין די זאָרגלאָזע אויגן, האָט אַ נעם געטון אונטער דער רעכטער האַנט די באַגלייטערן אירע, אַ יונג מיידל מיט פאַרבענקטע אויגן וואָס האָט מאָדנע ארומגעקוקט די גרויע ווינקלען פון די ראַנטשעס, ווי זי וואָלט דאָרטן געזוכט עמיצן און איר דערשראָקן אַ זאָג געטון:

— קום פון דאַנען, בעאַטריס... אויב דו ווילסט, אַז איך זאָל דאָ ניט בלייבן חלשות...

דאָס מיידל האָט פאַרלוירן געשמייכלט און אַ לייכטע רויטקייט האָט באַדעקט דאָס מאַטעווע פּנים אירס.

— עס איז ניטאָ, אַנאַ, פאַרוואָס מורא צו האָבן. אויך זיי זיינען גוטע מענטשן.

— קום און הער אויף טענהן! — איז אַנאַ בייז געוואָרן, געוואָרפן הינטער זיך אַ דערשראָקענעם בליק, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז עמיצער פון די איינוואוינער וועלן איר נאָכלויפן, זי אַריינשלעפּן אַהין מיט גוואַלד, — ווען איך, בעאַטריס, — האָט זי שטיל אַ זיפץ געטון צווישן די ציין — מוז דאָ איבערנעכטיקן איין נאַכט, ווער איך משוגע...

באַם ארויסגאַנגס־טויער איז זיי טיטאַ אַנטקעגן געקומען. אַ גרויסן בינט האָלץ האָט זי געטראָגן אויפן אַקסל. זי האָט זיך אַ ווילע פאַרהאַלטן און אָפּגעגאָסן בעאַטריסן מיט אַ פאַראַכטלעכן שמייכל. דאָס מיידל האָט אַ ציטער געטון און זיך פעסטער צוגעטוליעט צו איר חברטע. טיטאַ האָט אויסגעשפּיגן הינטער זייערע פּלייצעס און איז אַריינגעלאָפן אין הויף.

אַ שכנה, אַן אַלטע קריאַזשאַ מיט אַ צעקנוידערטן קאָפּ גרויע שטייפע האָר ווי די סטרונעס, איז אַנטקעגן נעגאַנגען טיטאַן, אַראָפּגענומען דעם בינט מיט האָלץ פון איר אַקסל און אַ צעקרומטן לאָך געטון, אַרויסגעזייעט פון די צוויי גראָבע, בלוי־שוואַרצע ליפּן אירע:

— זיי האָבן זיך דערשראָקן, די גרויסשטאָטישע דאַמעלעך... אַ נייעס, וויזט אויס... ווען אַ מאַנצביל טוט אַמאָל אַן איבעריקן זופּ...

אַ ווילדער איינגעגעסענער שמייכל האָט זיך אָפּגעזעצט אין די טיפע קאַרבן באַ איר אַפּן שוואַרצן פּנים. זי האָט אַריינגעקוקט טיפער אין טיטאַס דערשראָקענע אויגן און מיט קראַנקער הנאה, מיט ווייבערישער פאַרשפּיצטקייט ווידער צוגעגעבן.

— דיין לינדער, טיטאַ, איז אַ מאַנצביל... איך זאָג דאָס דיר... ער וועט זיך אויסניכטערן און אַלץ וועט ווידער ווערן גוט... אויך זיי, די

„אומשולדיקע" טוריסטקעס וועלן אים קומען זוכן... האָט זי מיט בייסי־קייט אַ קוק געטון צו דער קאַטרע — מיר, די ווייבער, מוזן זיי ליב האָבן און אַלץ פאַרגעבן...

טיטאַס פּנים איז געוואָרן פינצטער און באַדעקט מיט יסורים, מיט דער פרומער רעזיגנאַציע פון אַן אַלטער זינדיקער מאָנאַשקע. זי האָט אויסגעמיטן צו קוקן אַף דער שכנה, געוואוסט אַז יענע איז פאַלש און זוכט באַ איר אַרויסצורייסן דעם סוד... זי איז אַוועק צו זיך אין ראַנטשע און אַרויסגעקומען פון דאָרטן מיט אַ נאַסן האַנטעך, אים אַרויפגעלייגט אַפן מאַנס קאָפּ און איינגעשטאָכן די צעפּייניקטע אויגן אירע אין זיין מיד, דוכזיכטיק גרין געוואָרענעם געזיכט, דעם באַדעקטן מיט אַ קאַלטן טויטלעכן שוויים:

— באַרואיק דיך, מיין ליבינקער, מיין אַלטינקער! שטאַרק דיך!...

לינדערם אַן עלטערער ברודער, לוקע, איז אָנגעקומען. אַ בחור פון אַ יאָר פערציק, אַ הויכער, אַ פעסטער מיט טיפע צענומענע אַקסלען פון אַ הפקר יונג און מיט אַ הייסן גלאַנץ אין די שוואַרצע, קיילעכדיקע אויגן זיינע, די אָנגענומענע מיט אומרו און מיט ביטול, מיט אַ ניט געזעטיקטער תאווה. די מאַמע איז אים אַנטקעגן געגאַנגען מיט אַ הייסער מאַטע אין די הענט. אָנגעשטעלט אַף אים אַ געטריי וואַרים פּנים און דאָס אַרויס־געזעצטע בעלמע אייגל. ער האָט צוגעשפּאַרט די פּלייצע צו אַ בוים און אַ פאַרנאַשטן זופּ געטון פון דער מאַטע.

— איך האָב אים געוואָרנט, דעם זון אייערן!... — האָט לוקע אַ גלייכגילטיקן מורמל געטון — ניט געהייסן אויסזופּן דעם גאַנצן בוטל... און ער האָט ניט געוואָלט פאָלגן... ער וועט פאַרשרפהט ווערן, די בהמה...

סעפּער האָט מיט זיין גאַנצער ערנסטקייט צונויפגעצויגן די שטייפע ברעמען און מיט אַ פאַרנומענעם רוגז אַריינגעקוקט אין פייערל, אַ צעשאַר געטון די האַלב אויסגעלאָשענע קוילן און אַריינגערוקט צווישן זיי דעם גרויסן, פאַרויכערטן טשייניק: — די יונגע! — האָט ער אַריינגעזיפּצט אין פייער, — זיינען גאַרניט ווערט... אַ בייטש דאַרף מען צו זיי!... קיי־נער קען זיך אַף דער אייגענער, מענטשלעכער ווירדע זייערער ניט פאַר־לאָזן... די שוואַכע מוזן קענען דעם אייגענעם אויסדויער... זיי וועלן כסדר פאַלן אין מיטן וועג... וועלן בלייבן הינטערשטעליק קעגן די שטאַרקע...

סעפּער האָט געזיפּצט אָנן בגנבה אַ קוק געטון צו לוקען: און דער — איז אַ מאַנצביל!...

לוקע האָט געהערט דעם אַלטנס ווערטער און אים איז קיין זאַך ניט אָנגעגאַנגען. אָפּגעזופּט עטלעכע מאַטעס און איז אַוועק אַ קוק טאָן וואָס לינדער מאַכט. זיך צעשאָקלט איבער דער קאַטרע און פאַרדריסלעך אַריינגעטענהט צו אים אין די געשלאָסענע אויגן:

— אַז איינער איז ניט קיין געהעריקער זכר, זיצט מען בעסער אין דער היים, מען באַהאַלט זיך הינטערן פאַרטעך באַם אייגענעם ווייב...

טיטאַ האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ חלום. זי האָט אָנגעשטעלט

אַף אים דאָס באַצערטע פּנים, די ברייטע אויפגעריסענע אויגן, אָנגענומענע מיט תאווה און מיט געבעט — מיט אַ גרעניצלאָזער צודרינגלעכקייט, מיט הכנעה. לוקע האָט אינסטינקטיוו אַ קוק געטון צו דאָניאַ פּעפּי, די אַלטע שכנה, וואָס האָט פון אים קיין אויג ניט אַראָפּגענומען און אינסטינקטיוו אָפּגעטרעטן פון דער קאַטרע, אויסגעמיטן דער שווענגערנס בליקן וואָס האָבן אים אַ ברי געטון דאָס לייב.

דער גרויסער, ווילד צעשויבערטער קאָפּ זיינער האָט זיך אומהיימלעך געבויגן אונטער דער לאַסט פון דער שכנה'ס צעשמייכלטע בליקן: געוואוסט האָט ער, אַז דאָניאַ פּעפּי פירט גוט דעם חשבון פון זיינע אוואַנטורעס; זי ווייסט, אַז טיטאַ, דעם ברודערס ווייב, איז צו אים ניט גלייכגילטיק... דאָניאַ פּעפּי האָט שוין די נייעם צווישן אַלע באַרג־מענטשן פאַרשפּרייט... לוקען איז דאָס אָבער ניט געווען צום האַרצן. דעם טאַטנס נאָמען, דער כבוד איז טייער געווען. אַמשטאַרקסטן האָט אים וויי געטון, פאַרוואָס די שווענגערן האָט דערפירט, אַז אַ פרעמדע, איידל, די נייע שכנה דעם טאַטנס, זאָל וויסן וואָס צווישן אייגענע קומט פאָר... לוקע האָט קיין טעות ניט געהאַט. די שווענגערן האָט, סיי זיך און אויך אים אומגערן אויסגעגעבן...

באַלד ווי איידל איז געוואָרן דאָ סעפערס אַ שכנה, האָט זי גלייך דערפילט אַף זיך טיטאַס אומצוטרויִלעכע בליקן, אָנגענומענע מיט דער רציחה פון אַ טיגערטע, וואָס פילט אַז דער יעגער לויערט ערגעץ אַף די קינדער אירע... איידל האָט אַרויסגעפילט יענערס שטומען ווייטיק, אַ קראַנקע אייפערזוכט וואָס קען דערפירן צום גרעסטן אומגליק... איידל האָט באַשטימט באַ זיך אַרויסצופירן טיטאַן פונעם פּלאָנטער און ס'האָט זיך איר איינגעגעבן.

אין אַ גאַנץ פרי איז איידל אַרויסגעקומען פון דער ראַנטשע און זיך שטום אַרומגעקוקט. אַרום איז נאָך געווען האַלב טונקל. בלויע שטיקער וואָלקנס האָבן זיך געשפּרייט איבער די בערג, איילנדיק אומגעשוועבט איבער די שטאָלצע פאַרהויבענע קעפּ זייערע, די באַדעקטע מיט חכמה פון גרויסמוטיקע אידישע חכמים. אַ רויט געפעדימטער פאַס האָט געטוליעט די פאַרשלאָפענע באַקן צום זוים פון באַרג און מיט רחבות איבערן טונקל גרינעם האָריזאָנט גערוט. נאָר טיטאַ, סעפערס שנור, האָט אין יענעם שטילן פרימאָרגן קיין רו ניט געהאַט. ווי אַלע גאַנצפרי, איז טיטאַ פאַרטון געווען אין דער אַרבעט. איז געשטאַנען באַם פּלומפּ, איבער אַ גרויסער ביט מיט זיידענע וועש און געוואַשן. דאָס קליינע מיידעלע אירס, אַ קינד פון אַ צוויי חדשים, איז געלעגן אַף אַ שעפּסענער פעל לעבן דער מאַמעס פיס און מיט אינסטינקטיוון ערנסט אַפן פּנים אַריינגעקוקט אין דער בלויער אומבאַשטימטקייט. אַלעמאָל אַ גוגער געטון און פון אַנטציקונג אָנגעהויבן וואַרפן מיט די גראָבע, שטייפע אַנטבלויזטע הענטלעך און פיסלעך.

איידל איז שטיין געבליבן פונווייטנס, ניט געוואַגט איבערצורייסן

טיטאַס פּאַרטװענקייט אין דער אַרבעט; ניט געװאָלט פּילן אַף זיך יענערס צאָרנדיקע פּאַראַכטונג, די קינאה צו דער טוריסטקע װאָס װייסט נישט פון נויט און שװערער האָרעװאַניע...

איידל האָט זיך אַ לאָז געטון צום קינד, זיך אויסגעצויגן אַף דער שעפּסענער פעל און אַריינגעסמאַטשקעט אין אירע פאַרװאונדערטע און ברייט־אויפגעריסענע אויגן, די קויל־שװאַרצע און אַנגענומענע מיט אַ צע־שמייכלטן געװיין.

— אַ גוט־מאָרגן, פרוי טיטאַ! — האָט זיך איידל שטיל אָנגערופן און ניט צוגענומען די בליקן פון קינד.

טיטאַ האָט איר שטיל געענטפערט גוט־מאָרגן און איז געװאָרן אומ־רואיק. אין יעדער באַװעגונג אירער איז געװען אומצוטרוי און בייזקייט. כעס פון אַ קנעכט װאָס קען ניט זעטיקן די נקמה־געפילן זיינע... טיטאַ האָט זיך טיפער איבער דעם גרעט איבערגעבויגן, זיך געבראָכן אונטער דער לאַסט פון באַליידיקונג, פון פאַראַכטונג צו די פרעמדע, װאָס רייסן זיך אַריין אין איר לעבן. אַרום זיי האָט די פרימאָרגן שיין אַ שעלמישן בלענד געטון, די בערג האָבן די קעפּ אויפגעהויבן און אויסגערוטע אויפ־געכאַפּט די שטילע, אָפּגעריסענע זיפצן אירע...

אין דעם איז צוגעקומען צום טויער אַ יונגע טוריסטקע, אַ שלאַנקע און אַ צעשמייכלטע. פון די בלויע רויזן אויגן אירע, פון די פרישע רויטע פיין־געשניצטע ליפּן, פון יעדן אבר, האָט געװייעט מיט שפּרודלדיקער פרייד און מיט מיידלשער פאַרשייטקייט, מיט גלויבן אין דער אייגענער שיינקייט. זי איז געװען אָנגעטון אין נייע, בלויע גאַליפע הויזן און מיט אַ העל־גרינעם ברייטן שטרויענעם הוט אַפן קאָפּ, אַן אַרומגענומענעם מיט אַ רויטער סטענגע. די הויכע, געלע מענער־שטיװל, די װייסע צעפלויגענע זיידענע בלוזע און די רויטע דריישפּיציקע פאַטשיילע אַרום האַלדז, האָבן איר צוגעגעבן אַ מאָדנעם רייץ, אַ געזאַנג װאָס האָט מיט טויזנט קולות פון אירע דערװאַכטע בלוטן אַרויסגעשריען.

— דאָן לוקע! — האָט זי אַ פריידיקן געשריי געטאָן און דערביי אומגעדולדיק אַף איין פוס אונטערגעטענצלט — װאו זיינט איר ערגעץ? עס איז שפּעט!

לוקע איז אַרויסגעקומען פון ראַנטשע, אַ ברייטער, מיט אַ פאַר־נאַשטן שמייכל אַף די גראָבע, תאװהדיקע ליפּן און מיט דינע פעדימלעך װאָל אין דער צעקנוידערטער שװאַרצער קודלע. ער האָט זיך פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט און פויל נעגנעצט. דאָס מיידל איז צוגעלאָפן צו אים, אים אַנטקעגנגעשטעקט די װייסע, שמאָלע האַנט און אויסגערופן מיט אַ הייזעריש קול:

— אַלע זיינען שוין אַרויסגעפאָרן. נעמט גיכער אייער פערד און קומט.

ער האָט אַ פלעגמאַטישן שמייכל געטון און איז אַװעק צום פּלומפּ, זיך לאַנג געװאַשן מיט דעם קאַלטן װאַסער און אַ פרישקייט האָט באַ־

דעקט זיין רואיק געזיכט, די געזונטע מענערישע ברוסט און די אַנטבלויזטע אָרעמס. טיטאַ האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט זשעדנע בליקן, אָנגעפּולטע מיט אַן איבערמענטשלעך פאַרבאָרגענער קראַפט.

לוקע האָט זיך אויסגעגלייכט און באַמערקט דעם טאַטנס שכנה. ער האָט איר צוגעוואָרפן אַ פאַרוואונדערטן בליק און מיט דרך־ארץ אַ זאָג געטון :

— אַ גוט־מאָרגן, פרוי אדעלאַ! וואָס עפּעס אַזוי פרי אויפגעשטאַנען?

טיטאַ האָט געברענט פון צאָרן: ער האָט איר ניט געגריסט. לוקע איז לאַנגזאַם אַוועק הינטער דער ראַנטשע און באַלד ארויסגעפירט פון הויף דאָס שענסטע פערדל זיינס, אַ קליינס און אַ טונקל רויטס, מיט אַ לאַנגער שוואַרצער גריווע. די טוריסטקע איז אים שווייגנדיק נאָכגעגאַנגען. טיטאַ איז געשטאַנען אַ גלייכע און אַ באַליידיקטע, די אויפגעבליצטע אויגן אירע האָבן זיי שטום און דורכדרינגלעך נאָכגעפאָלגט. קינאה און אַ גרעניצלאָזע פאַראַכטונג האָט אַ רודער געטון איבער דעם פינצטער געוואָרענעם פּנים אירן. דאָס בלוט אין די אָדערן האָט זיך אַ הייב געטון, זיך געטראָגן צום קאָפּ און פאַרטונקלט דעם געדאַנק... אַף די גראָבע, צעפּיקעטע ליפּן האָט אויפגעטויכט אַ בייסיקער חוזק שמייכל.

אינסטינקטיוו האָט זי דערפילט אַף זיך איידלס אומרואיקע בליקן און די רציחה אין איר האָט אַ רעווע געטון, געשריען מיטן יאָמער פון באַליידיקט בלוט... זי האָט זיך ווידער אַ וואָרף געטון צו דער ארבעט, די ווייסע זייפן־בלאָזן זיינען געפלויגן איבער איר שוואַרצן, געקנייטשטן קאָפּ האָר, איבער דעם רציחהדיקן פּנים. איידל האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגעמיטן אַ קוק צו טון אַף טיטאַן, גיך און מיט אַ פאַרשעמט אומהיימלעך געפיל, זיך אַ לאָז געטון צו דער ראַנטשע. דאָס קינד איז געוואָרן צעטומלט. אַן אומרואיקע גרימאַסע האָט אַ שוועב געטון איבער איר פּנימל; שווער געווען צו וויסן, צי גרייט זיך דאָס מיידעלע וויינען אָדער לאַכן. באַלד האָט זי אַ אומרואיקן צעוויג געטון די הענט מיט די פּיס און זיך ביטער צעוויינט. געוויינט מיט גרויסע טרערן פון אַ פאַרצווייפלטן...

טיטאַ האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף און איז צוגעלאָפן צום קינד; זי אַ כאַפּ געטון אַף די הענט און אויסגעשריען מיט שרעק:

— וואָס האָט איר איר געטון, פרוי אדעלאַ?... דאָס מיידעלע איז בלוי געוואָרן!...

איידל האָט זיך דערשראָקן, זיך ספּאָנטאַן אויסגעדרייט און אויסגעכאַפּט בא טיטאַן דאָס קינד, זיך אויסגעצויגן מיט איר אַף דעם פריערדיקן אָרט און אריינגעלאַכט אין די פיינלעך־פאַרטרערטע אויגן אירע:

— אַט וואָס זי וויל, די שוואַרצע אייערע, צאַרטקייט, אויפמערקזאַמקייט!...

טיטאַ האָט אַ ביטערן שמייכל געטון און געטראַכט: די מויד, די

בעאַטרים, איז פול מיט חוצפה... אַלע טוריסטקעס זיינען פול מיט חוצפה... זיי מיינען, אז דאָס לעבן, די גאַנצע וועלט געהערט נאָר צו זיי!... די רייכע האָבן נים קיין רחמנות אַף קיינעם. גאָט זאָל זיי פאַרשעמען, ווי זיי פאַר־שעמען אונדז, די אָרעמע...

זי האָט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו איידלען און ווידער האָבן די אָנגעצונדענע בליקן אירע אַ לויער געטון איבער די שמאָלע, זיגזאַגיקע באַרג־סטעזשקעס. אַ שטומע פאַרצווייפלונג איז אויפגעגאַנגען אין איר. טיטאַ האָט אָפּגעבונדן די האַק מיטן שטריק וואָס איז דאָרטן געהאַנגען אַף אַ צווייג, צוגעגאַנגען צו איידלען און מיט אַ געהיימניספולן שמייכל אַרום די בלייכע, אויפגעציטערטע מויל ווינקלען, איר אַריינגע־קוקט אין פּנים: איידל האָט רואיק אויסגעהאַלטן טיטאַס דראָענדיקן בליק.

— נעמט מיין טאָכטער און קומט מיט מיר! — האָט זי שטיל גע־בעטן — איך דאַרף אָנהאָקן אַביסל האָלץ.

איידל האָט זי לאַנג און אומרואיק אָנגעקוקט. טיטאַ האָט זי אונ־טערגעאײַלט:

— קומט, איך בעט אייך! ווען די זון באַווייזט זיך, איז מיר שווע־רער צו אַרבעטן...

טיטאַ האָט פאַרוואָרפן די האַק מיט דעם שטריק באַ זיך אַפן רעכטן אַקסל און זיך שטום אַרומגעקוקט. געבעט און הכנעה האָבן די פייכט-גע־וואָרענע אויגן אירע אויסגעדריקט. איידל האָט גענומען דאָס קינד און איז איר שווייגנדיק נאָכגעגאַנגען. די בערג זיינען געשטאַנען צעשמייכלטע און באַדעקטע מיט מיליאָנען רויטע מאַרגאַריטקעס, לעבעדיקע, ווי די אויגן פון פרעכע, פאַרפירערישע מיידלעך. טיטאַ איז געגאַנגען מיט אַ פאַרהויבענעם קאָפּ און מיט אומרואיק אָנגעשפּיצטע חושים. זיך איינ־געהערט אין יעדן שאָרך פון צווישן די באַרג־פאַלדן, אויסגעשנאַפּט יעדן מענטשלעכן סליאַד...

איידל האָט אָטעמען נישט געקענט. די שאַרפע באַרג־לופט און אויך די אומרו וואָס טיטאַס שווייגן און די חיהשע פאַרטועוקייט אין די בייזע אינסטינקטן אירע, האָט אין איידלען אַ מאָדנע דערדריקטקייט אַרויסגע־רופן. איר איז שווער געווען נאָכצופאָלגן טיטאַס אומבאַזאָכטקייט...

זי איז שטיין געבליבן הינטער אַ ברייטן, צעגלידערטן באַרג, וואָס האָט מיט פאַרביסענער עקשנות, מיט רוגזע, אויפגעכאַפּט טיטאַס שטילע זיפצן, די דערשטיקטע קללות...

— טיטאַ! — האָט זי אָן אָפּגעהאַקטן זאָג געטון — מיר איז שווער צו גיין אַזויפיל, איך בין דאָך ניט קיין געבוירענע באַרג־פרוי...

טיטאַ איז שטיין געבליבן און אויסגעדרייט דאָס פּנים צו איידלען. אַ מאָדנע ווילדקייט האָט פון דעם אַראָפּגעקוקט, אַן אַנגסט, וואָס האָט זיך ווי לאַוועס מיט פייער פון אַלע אירע זשעדנע אברים געטראָגן. ביידע פרויען האָבן זיך פרעמד און פול מיט חשד אין די אויגן אַריינגעקוקט. איידל

האָט אויסגערופן מיט געבעט, האַלטנדיק דערביי טיטאַס דרימלענדיקע טאָכטער צום האַרצן צוגעטוליעט:

— טיטאַ, גייט ניט ווייטער!... אָט האָט איר דאָ געגנוג ביימער. האַקט אָן אַביסל האָלץ און קומט!...

איידל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ גרויסן שטיין, זיך אויסגעזיפּצט און ווידער באַמערקט:

— זעט, טיטאַ, ווי רואיק די טאָכטער אייערע שלאָפט. זי האָט צו אייך דעם פולסטן צוטרוי.

טיטאַס פּנים האָט זיך פּייַנלעך צעקרימט און זיך באַדעקט מיט אַ טיפן טרויער... זי האָט זיך אויסגעגלייכט, ווידער אַן אומרואיקן קוק געטון אַרום זיך און אַראָפּגענומען די האַק פון אַקסל, זי מיטן גאַנצן כוח אַראָפּגעלאָזט אויף דעם סאַמע מיט פון אַ יונגן, גרינעם בוים, אַ באַוואַקסענעם מיט שמאָלע, גרינע באַקסערן. דער בוים האָט אַ קרעכץ געטון און די באַקסערן האָבן אָנגעהויבן אַראָפּפאַלן פון די צווייגן. טיטאַ האָט צוריק אַרויסגעצויגן די האַק און באַלד זי ווידער אַראָפּגעלאָזט. דער בוים האָט זיך איבערגעבראָכן. טיטאַ איז געוואָרן עטוואָס רואיקער. איידל האָט אויפגעציטערט. פאַרבראָכן די פינגער פון די הענט און אויסגעשריען:

— וואָס האָט איר געטון, טיטאַ? איר האָט אומגעבראַכט אַ פרוכטבאַרן בוים! אַ לעבן...

יענע האָט זי אָבער ניט געהערט. נאָר ווידער און מיט דער גאַנצער אומבאַזאָכטקייט פון אַ פאַרצווייפלטן, אָן אויפהער ווידער געהאַקט איין צווייג נאָך דעם אַנדערן, איין דין ביימל נאָך דעם אַנדערן.

אין איידלען איז אויפגעגאַנגען אַ מאָדנער ווידערגעפיל און אויך אַ באַוואונדערונג. געפילט האָט זי און דאַכט זיך, צום ערשטן מאָל אין איר לעבן, אַז אַ מענטש מוז באַזיצן אַ געוואַלדיקן כוח, אַ ליבשאַפט צום אייגענעם בידנעם לייב, כדי צו זוכן פאַר זיך אַביסל גליק... טיטאַס סטיכישע ליידנשאַפטן זיינען איר אומפאַרשטענדלעך געווען און גלייכצייטיק געלאָקט די פאַנטאַזיע אירע. צו וואָס אייגנטלעך קען זי, די דאָזיקע ווילדע באַרג־פרוי, עמעצן דערפירן?...

טיטאַ האָט פּלוצים אַרויסגעלייגט די האַק פון די הענט, זיך אויסגעגלייכט און מיטן זוים פון קלייד אָפּגעווישט די גרויסע טראָפּנס שווייס פון פּנים. אַ קוק געטון צו איידלען און געזיפּצט. איידל האָט זיך אָנגערופן:

— קומט טיטאַ! אייער שוואָגער קען נאָך דאָ פאַרבייגיין... ער וועט מיינען, מיר זיינען אים בכיוון נאָכגעגאַנגען...

— נאָך וואָס, אַדעלאַ, אַזויפיל גריבלען זיך? — האָט זי אַ טרויעריקן שמייכל געטון. — איך האָב פאַר אים קיין מורא ניט. איר ווידער, מעגט זיך היטן פון אים, דעם פּיקאַפלאָר, דעם דאָן כואַן... די באַרג־מיידן, זיי לויפן אים נאָך...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. די אויגן האָבן אויסגעדריקט אומרו, צווייפל.

זיך פּאַרזיכטיק ארומגעקוקט און זיך צוגעבויגן צו איידלען, איר אויפ־גערוימט אין פּנים אריינגעשעפּטשעט:

— צווי פון די היימישע ווייבער, זיי האָבן איבערגעלאָזט צוליב אים די מענער מיט די קינדער... אין אכט חדשים האָט ער זיך אָפּגעפּאַר־טיקט מיט ביידע... — און זי האָט א גאַליקן לאַך געטון.

איידל האָט געשמייכלט:

— גלויבט איר, טיטאַ, אז דער שוואָגער אייערער, ווייסט זיכער זיין פּלאַץ?...

טיטאַ האָט אומפאַרשטענדלעך מיט די אַקסלען געצויגן און ווי פאַר זיך אליין א זאָג געטון:

— צו א שיינעם זכר, האָבן אַלע ווייבער חשק...

איידל האָט זי לאַנג אָנגעקוקט, גרייט געווען צו זאָגן, אז זי גלויבט ניט אין יענעם מיסטעריעזן מאַן, אין דעם כוח זיינעם, וואָס איז פעיק צו באאיינפלוסן יעדע פרוי וואָס אים געפעלט... די ווייבער וואָס קומען צו לוקען, האָבן זייער אייגענעם געשמאַק... די „העלדינס" זיינען זיי גאָר און ניט דער שוואָגער אירער... טיטאַ האָט זיך א בייזער געטון, די אויגן האָבן אויסגעדריקט אימה:

— איר גלויבט מיר ניט, פרוי אַדעלאַ?!...

— נישטאָ טיטאַ, פאַרוואָס צו זאָרגן אזויפיל, — האָט איידל גלייכ־גילטיק געענטפערט — מיך וועט דער „העלדישער" שוואָגער אייערער ניט פאַרכישופן...

— דאָס קען מען ניט וויסן, דאַניאַ!... קיין איינע פון די ווייבער אַף וועלכע ער האָט זיין אויג געוואָרפן, איז אים ניט בייגעשטאַנען!... א נישט־גוטער ליגט אין אים!...

פינצטערער צאָרן און פאַראַכטונג האָט טיטאַס פּנים פאַרשטיינערט. קענטיק געווען, אז זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אז לוקע איז איר מאַנס א ברודער... אינדערהיים איז זי אומזיכער. ס'לויערן אַף איר די אומצוטרוי־לעכע אויגן פון שווער און שוויגער, די בייזוויליקע שכנה, דאַניאַ פּעפּי וואָס וואוינט הינטערן שווערס בארג און פאָלגט נאָך דאָס לעבן פון יעדן באזונדער, ווייסט אַלע געהיימנישן פון אַלטן סעפּערס הויזגעזינד... איידל האָט זיך געשראָקן פאַר יענערס סטיכישער פאַרטראַגנקייט, זי האָט זיך אויפגעהויבן, זיך אויסגעגלייכט און ארויפגעלייגט די רעכטע האַנט צו טיטאַן אַף דעם רעכטן אַקסל:

— לאָזט אים, טיטאַ, לויפן, דעם שוואָגער אייערן! ער איז פון די קליינע העלדן... פאַראַן זיינען נענוג ווייבער אַף גאָטס ערד, וואָס וואָלטן פאַר אים קיין פרוטה ניט געגעבן...

איידל האָט שטיל געשמייכלט. דאָס ערנסטע פּנים, די קנייטשן, זיי־נען באַדעקט געווען מיט ווירדע און מיט זיכערקייט. טיטאַ האָט פאַר־עקשנט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אַף ניין. ווידער איינגעשטאָכן די פאַר־שפּיצטע אויגן אַף די ארומיקע סטעזשקעס, וואָס האָבן זיך געשפּרייט

צווישן די צעגלידערטע בערג, זיך מעכטיק געהויבן און צונויפגעגאסן מיט אַנדערע צעקרומטע וועגן, וועלכע האָבן זיך איבער די באַרג־רוקנס געשלענגלט. זי האָט געמאַכט אַ שפּאַן אַף צוריק, אַ כאַפּ געטון די האַק און אַ צעוווייטיקטן קוק געטון צו איידלען, דערזען יענערס אומרואיקע בעטנדיקע בליקן, האָט זי דעם קאָפּ צו דער ערד אַ בייג געטון און פאַרביטערט געזיפצט:

— נאָך וואָס גאָט, האָסטו מיך אַהערגעבראַכט? נאָך וואָס? אַ געמיינער ווייבערניק איז ער, דער לוקע!...

פון ערגעץ נאָענט האָט זיך דערהערט דאָס הירזשען פון אַ פערד און דאָס אומעכטיקע ברעכן זיך פון די דינע קוסטן אונטער עמיצנס שווערע שפּאַן. טיטאַ האָט אויפגעשווידערט. אינסטינקטיוו זיך פאַרשטעקט הינטער אַ ברייטן טשובערנאַטן טאַנען־בוים, אַ באַלאַסטעטן פון יאָרן און פון סודות... סודותדיק, באַחנט האָבן די גרויסע טראָפּנס טוי אַפן גראָז זיך צעפינקלט, זיך פאַרלוירן צווישן די ערשטע פּאַסמעס זונען־שיין וואָס האָבן ווי זילבערנע טאַצן אומגעשפּרונגען צווישן די בערג. איידל איז פון אָרט אויפגעשפּרונגען, איז צוגעלאָפן צו טיטאַן:

— נאַט אייך די טאָכטער אייערע, איך קום באַלד צוריק.

טיטאַ איז געוואָרן קאַלט און גרויזאַם, האָט אַ בייזן קוק געטון אַף איידלען און איר אַ שטויס געטון מיטן עלנבויגן:

— שווייגט! זייט רואיק!...

און זי האָט אויסגעצויגן דעם האַלדז, ווי אַ גאַנדז וואָס דערשמעקט האָבער. לוקע מיט דער טוריסטקע זיינען אַרויסגעקומען פון הינטערן באַרג. דאָס מיידל האָט דערפילט אַף זיך טיטאַס אַ בליק און אינסטינקטיוו אַ צופּ געטון לוקען פאַרן אַרבל. ער האָט אַ ווײַלע פאַרלאַנגזאַמט די שפּאַן און אַ דראָע געטון די שוועגערן מיט אַ שטומען בליק, אַ האַרטן און אַ גרויזאַמען. דאָס מיידל האָט זיך צוגערוקט נענטער צו אים, אַקסל באַ אַקסל זיינען זיי אַוועק אין יענעם ווינקל. דאָס פערד איז לאַנגזאַם נאָכגעגאַנגען. טיטאַ האָט זיך אויסגעגלייכט, געפילט, אַז ביידע — לוקע מיט דער טוריסטקע — זיינען פאַרשיכורט, איינגעוועבט אין אַ שלייער פון דורכגעלעבטן נחת און זאַטקייט, וואָס צינדט די בלוטן אירע און טרייבט זי צו משוגעת... לאַנג און שווייגנדיק האָבן די אומפאַרשטענדלעך איבערגעקערטע שוואַרצאַפּלען אירע דעם שוואָגער מיט זיין באַגלייטערן נאָכגעפאָלגט.

אין דעם האָט זיך לוקע אויסגעדרייט מיטן פּנים צו איר און פאַרריסענע גאווה האָט אַ ווייע געטון פון יעדן אבר זיינעם. מאָדנע חוצפּהדיק און שיין איז לוקע געווען. אין יענער רגע איז ער אויסגעקומען באַ איר ווי איינער פון יענע אויסגעחלומטע קינאָ־העלדן, וואָס זיינען טיטאַן אַזוי צום האַרצן און ליב. דער גרויסער קיילעכדיקער הוט מיטן גרינעם פעדערל, דאָס גרויע, זומערדיקע רעקל וואָס איז פאַרשייט באַ אים אַפן רעכטן אַקסל געהאַנגען, דער שוואַרצער, ברייטער ברוסטקאַסטן, אַ באַוואַקסענער

מיט שוואַרצע, געדיכטע פּוכענע קרייזעלעך וואָס האָט מיט עזות פון דעם צעבראָסטעטן העמד אַרויסגעקוקט, זיין גאַנצע מענערישע גבורה, האָט נאָך שטאַרקער מיטאַס בלוט אַ צעצונד געטון און דעם ווייטיק: טויזנט מאָל שענער און רייצנדער פון איר מאַן האָט זי אים געזען. געזען ווי בעאַטריס האָט זיך אַ בייג געטון צו לוקען, אירע בלאָנדע געקנייטשטע האָר האָבן אָנגערירט זיין פּנים. עפּעס האָט זי אים איינגערוימט אַפן אויער: קום, ליבער, פונדאַנען!...

אין מיטאַס אויגן האָבן אויפגעבליצט שמאָלע, טאַנצנדיקע פייער־לעך, אָנגענומענע מיט חושך, מיט באַליידיקונג און מיט טויזנט קללות, מיט אַ גרעניצלאָזן האַס.

אַרום זיי האָבן זיך רויטע שפּיצן זון געגאָסן, דער הימל אַ טיף־בלויער, אַ באַדעקטער מיט אַ טריבן שמייכל האָט זיך פלעגמאַטיש אי־בערן האָריזאָנט געשפּרייט. טיטאַ האָט אויסגעשפּרייט די הענט אַרום זיך און מיט פאַרחלשטקייט אַפן צעקרומטן פּנים, אַ וואָרן געטון איר באַג־לייטערן:

— איר זאָלט אים, דאָניאַ אַדעלאַ, קיין זאַך ניט דערציילן, דעם שיינעם מאַנצביל. ער איז שטרענג צו מיר, דער נאַר!...

און זי האָט אים נאָכגעפּאָכעט מיט די קרעפטיק געביילטע פויסטן.

— מיר האָבן נאָך דעם לעבן ניט פאַרענדיקט!... ווען אַ זי פאַר־עקשנט זיך, האָט זי מער כוח פון צען זכרים...

טיטאַ איז אַנטשוויגן געוואָרן. צונויפגעבונדן דאָס אָנגעהאַקטע האַלדז, און זיך אַוועקגעזעצט אַף דעם. אַריינגענומען דעם קאָפּ איןביידע הענט און זיך שטום געשאָקלט אַהין און צוריק ווי אַן אָבל. אַ געפּרעסטע שטילקייט האָט געווייעט אַרום איר, זיך צונויפגעגאָסן מיטן געזאַנג פון די צעשמייכלטע גראָזן, וואָס האָבן זיך אומפאַרשטענדלעך געשושקעט און ניט באַנומען דעם ווייטיק אירן. איידל האָט זי שטום און יסורימדיק דורכ־געדרונגען. זי האָט באַנומען, אַז אונטער טיטאַס דערשלאָגנקייט ראַנגלט זיך אַ געוואַלדיקער לעבנס־כוח, אַ בלינדע ליידנשאַפט, אַ גרעניצלאָזע... טיטאַ וועט זיך ניט באַהערשן...

זי האָט אָנגעשטעלט אַף איר אַ מיטפילנדיק פּנים און שטיל געגעבן אָנצוהערן:

— אַ מענטש, מיין פריינט, מוז זיך אַ סך מאָל קענען אָפּזאָגן פון באַגערן. מען טאָר ניט, פרוי טיטאַ, ווערן פאַרצווייפלט. דאָס לעבן איז שיין!...

טיטאַ האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבן און אַ פאַרשטיינערטן קוק געטון צו איידלען. אירע אויגן זיינען געווען ווי איבערגעקערט און אויסגעלאָשן. מיט אַ טעמפּ, אויסגעלאָשן קול, האָט זי זיך אָנגערופן:

— און איך, דאָניאַ אַדעלאַ, צווייפל אין אייער ליבע צום לעבן!... אַ סענט נאָט אייך פאַר אַזאַ קאַלט, איינזאַם לעבן... אַ פרוי, וואָס איז אַליין, איז ווי אַ בוים, אָן זון און אָן וואַסער...

טיטאַ האָט אַ צעקרומטן שמייכל געטון און מיט ביטערניש, מיט פאַרוואורף ווידער צוגעגעבן:

— נאָך וואָס, איך בעט אייך, האָט גאָט באַשאַפן מאַנצבילן מיט נקבות?... ענטפערט מיר, אַדעלאַ...

איידל איז געבליבן ווי געפּלעפּט. זי האָט באמת ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. טיטאַס צודרינגלעכע בליקן האָבן דורכגעבויערט, זי גע־שמיסן ווי מיט הייסע ריטער, געוואָרפן אין פּנים דעם „אידעאַל", פאַר־וועקגעבן זיך פאַר די נאָענטע און קיינמאָל וועגן אייגענעם גליק נישט טראַכטן... אין יענער מינוט איז איידל ווירקלעך מקנא געווען טיטאַן, אָבער קיין חרטה אַף איר ביז איצטיקן לעבן, ווידער ניט געהאַט. אַזוי און ניט אַנדערש האָט זי געמוזט טאָן... אינגאַנצן אַ באַגאַסענע מיט פאַר־שעמטקייט האָט זי געפּרואווט ווירקן אַף טיטאַן:

— אָבער, מיר האָבן דאָך ניט קיין רעכט אַרויפצוצווינגען אַף עמיצן די געפילן אונדזערע... ס'איז מער ווי אומענטשלעך... — האָט איידל שוין אַן אַרומגעכאַפּטע פון אירע טיפע איבערצייגונגען אין אַ הע־כערן טאָן אויסגערופן — געפילן, טיטאַ, זיינען ווי אַ רעגן, ער קומט אומ־געבעטן און גייט אַוועק אומדערוואַרטעט...

טיטאַ האָט אַ פינצטערן שמייכל געטון, זיך פאַרטראַכט.

— די ווייבער זיינען געשטראָפטע בהמות. אַביסל גערעכט איז אפשר די דאָניאַ אַדעלאַ... און ס'קען זיין, אַז ניט... ס'קען זיין, אַז גאָט שטראָפט פאַר די באַגאַנגענע זינד... און פאַרוואָס איז גאָט אַזאַ בייזער?... פאַרוואָס גיט ער אונדז שלעכטע געדאַנקען?...

טרערן האָבן אַ פינקל געטון אין טיטאַס אויגן. זי האָט זיך געהיימ־ניספול אַרומגעקוקט און זיך פּלוצים אָנגערופן:

— מיינע שוועסטער און שוויגער ווילן מיר איינשמועסן, אַז איך בין זינדיק. זיי טענהן, אַז די עלצטע טאָכטער מיינע איז ניט זייער אייניקל... ס'איז אָבער ניט אמת, איך שווער דאָס אייך, דאָניאַ אַדעלאַ...

זי האָט צונויפגעשלאָסן ביידע הענט באַ זיך אַף דער ברוסט און אומווילִיק אַ קוק געטון אַף די ברייטע, פאַרעמלאָזע פיס אירע, די באַ־דעקטע מיט טרוקענע וואונדן פון אומגיין כסדר אַ באָרוועסע. אַ ביטע־רער שמייכל האָט ווי מיט פייערצייכנס אַ בלענד געטון אַרום די מויל־ווינקלען און דאָרטן שטעקן געבליבן, זיך איינגעשניטן אַלץ טיפער און בייזער. טיטאַ האָט זיך דערמאָנט:

— ערשט מיט אַכט יאָר צוריק איז דאָס געווען: אַ רייכע ענגלישע דאַמע, אַ באַשיידענע און אַ שווייגנדיקע, איז געקומען צו טיטאַס מאַמע, דאָרטן אין אַ קליין שטעטל פון ענטרע ריאָס און צוגענומען צו זיך אַלס אַ באַגלייטונגס־דאַמע. צוגעזאָגט אַ גוט לעבן און אַ גוטן געהאַלט. טיטאַ האָט געבענקט נאָך גייעס. נאָך ליבעס און אַוואַנטורעס. זעכצן יאָר אַלט געווען, געווען אַ שיינע מויד, גוט אַנטוויקלט מיט גראָבע שוואַרצע צעפּ. אַ מענטש איז טיטאַ געווען. געטראָגן גוטע שיך מיט מאָדערנע, אויסגע־

הוילטע הויכע קנאַפּל און טייערע זיידענע וועש מיט אַ גאָרסעט... די בחורים פון שטעטל האָבן זי געקענט. אייניקע האָבן שיינע מתנות געקויפט, געצאָלט פאַר יעדן קוש...

באַ די ענגלענדער איז איר לעבן גאָר אַנדערש געוואָרן: דער אַלטער, אַ!... פון אַ באַגלייטונגס־דאַמע, געוואָרן אַ פשוטע דינסט, אַ קנעכט, געהאָרעוועט באַטאָג און באַנאַכט, אַפילו געהאַקט דאָס האָלץ און געבראַכט דאָס וואַסער פון די ווייטע באַרג־קוואַלן. פאָרן אַהיים איז צו שפּעט געווען... די באַלעבאַטים האָבן זיך באַקענט מיט לינדערן, ער פלעגט צו זיי קומען שפּילן אַ „טרוקאָ" און אויך פאַרקויפן שוואָמען...

טיטאַ האָט אַ געהיימען קוק געטון צו איידלען, שרעק און אומצוטרוי האָט אויפגעטויכט אין די פינצטערע בליקן. מורא געהאַט, אַז יענע זאָל חלילה ניט אויסנוצן די שוואַכקייט אירע און זי פאַרמסרן צו שווער און שווינער. איידלס גלייכגילטיקייט האָט טיטאַן באַרואיקט. זי האָט זיך אָנגערופן:

— ווען מיין מאַן האָט ליב די אַרבעט, וואָלט איך אים מער געשעצט. די באַרג־מענטשן זיינען פוילע, דער ווייַן, די קאָרטן, די ווייַבער — מאַכן זיי משוגע...

זי האָט זיך אויפגעשטעלט, צונויפגעצויגן מיטן שטריק דעם בינט מיט האָלץ און אים אַרויפגעלייגט צו זיך אַפן רעכטן אַקסל. ווידער אַ קוק געטון צו איידלען און אַריינגעשמייכלט אין רואיקן געזיכט פון דער שלאָפנדיקער טאָכטער. אַ גרוי וואָלקנדל האָט אַ ציטער געטון צווישן די שוואַרצע, געדיכטע צונויפגעצויגענע ברעמען אירע. טיטאַ האָט געזיפצט:

— גאָט און די הייליקע שטראָפן פאַר די באַגאַנגענע זינד!...

פון יענעם טאָג אָן האָבן ביידע פרויען געפילט אַ פריינטשאַפט איינע צו דער אַנדערער און צוטרוי. איידל האָט אָבער אויסגעמיטן צו ווערן אַן אומדירעקטע מיטבאַטייליקערן אין טיטאַס געהיימע וועגן. אַרויסגעקומען פון ראַנטשע און דערזען טיטאַס באַצערט פנים, די פאַרלוירנקייט, האָט זיך איידל אַריינגעשלייכט צווישן די באַרג־פאַלדן, אויס אַכטונג צום אַלטן, צו דער אַלטער, ניט געוואָלט דערנענטערן זיך צום שיכורן זון זייער, צו טיטאַן וואָס איז אַרומגעכאַפּט געווען פון צאָרן, בייזקייט און פאַראַכטונג, פאַרוואָס לינדער האָט ניט געקענט ביישטיין זיין שוואַכקייט און זיין אַ זכר מיט ווירדע, אָט ווי לוקע, וואָס טרינקט נאָך מער פון אים און איז דאָך געבליבן ניכטער... און דאָס באַליידיקטע האַרץ אירס, די בלוטן זיינען ווי מיט שטיקער פייער אָנגעפילט געוואָרן, פלאַמען האָבן מיט טויזנטער מעכטיקע טענער אַ שלאָג געטון אין דעם פאַרבענקטן לייב און זי צום שוואָגער געטריבן... טיטאַס אויגן האָבן זיך קעגן איר איינגענעם ווילן ברייטער אויפגעעפנט, אָנגענומענע מיט אַ שוואַרצן גלאַנץ, מיט צעטאַנצטע פייער־צינגלעך, מיט אַ גרויען רויך ווי פון אַן אויפגעריסענעם וואולקאַן אַפן שוואָגער אַ לויער געטון, זיך איינגעגעסן אין זיין אַנטבלויזטער ברוסט, אים דורכגעבויערט...

דאַניאַ פּעפּי מיט אַ פֿרומער מינע אַף דעם צעשמייכלטן פּנים, דעם באַהויכטן מיט אומצוטרוי פון אַ כיטרען פּראָוואָקאַטאָר, האָט אַרויפגע־לייגט אַ האַנט צו טיטאַן אַף דער פּלייצע און מיט אַ געמאַכטן מיטגעפיל, מיט ווייבערישער צווייזייטיקייט זיך אַ בויג געטון איבער דער קאַטרע:

— דו ווייסט לינדער, אַז היינט ביסטו אויס מענטש... אַזאַ מאַן ווי דו, איז ווערט צו טראָגן הערנער. אַ גליק וואָס דו האָסט די אָרעמע טיטאַ פאַר אַ ווייב...

טיטאַ האָט אויפגעשוידערט. דאָס בלוט אין איר האָט זיך סטיכיש אַ הייב געטון צו די שלייפן און פאַרטונקלט דעם געדאַנק... לוקע האָט זיך עטוואָס אָנגעבויגן און אָנגעשטעלט אַף איר אַ שטרענגן בליק, אַ דראָ־ענדיקן... טיטאַ איז צו זיך געקומען. געצווימט אין זיך די רציחה און דעם באַגער אַריינצושטעכן די ציין אין דער שכנה'ס גאָרגל, אינסטינקטיוו זיך אַ בויג געטון איבערן מאַן, אַרויפגעלייגט ביידע הענט צו זיך אַף דער ברוסט און אַ שעפּטשע געטון דורך דערשטיקטע טרערן:

— גאָט, מעכטיקער פאָטער מיינער, הייליקע מוטערל, דערבאַרעמט אייך איבער אים, ביז ווען נאָך?...

לינדער האָט פּלוצים צעעפנט די אויגן, גרויסע און פאַרגאָסענע מיט בלוט, מיט שוידער און מיט אַ טיפער אומפאַרשטענדלעכקייט. זיך פרעמד אַרומגעקוקט, עמיצן געזוכט. קענטיק געוועז לינדער האָט געוואָלט אויס-געפינען וואו ער געפינט זיך, וואָס עס האָט מיט אים געטראָפן. דערפילט אַף זיין פּנים דעם ווייבס וואַרעמען אָטעם, האָט ער זי אָפּגעשטויסן פון זיך. טיטאַ האָט זיך איבערגעקערט אַפן גראָז. אינסטינקטיוו האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום ברודער, זיך אַ וואָרף געטון צו אים און אויגנבליקלעך אַריינגעשטאָכן די שאַרפע ציין זיינע אין לוקעס רעכטן אָרעם.

טיטאַ איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט, ווי אַ געביסענע פון אַ שלאַנג, אַ פאַרצווייפלטן קוויטשע געטון און מיט משוגענער אומבאַזאַכטקייט צו־געלאָפן צום שוואָגער, אָנגעכאַפּט זיין צעבלוטיקטן אָרעם און געבעטן:

— לאָזט אַ קוק טון, לוקע, וואָס האָט ער אייך פאַרורזאַכט? קומט צום ברונעם, שנעלער!...

---

באַנאַכט איז ווידער געווען שטיל און אויפגערוימט. די שטאָלצע קעפּ פון די בערג זיינען באַדעקט געווען מיט גרויע שטיקער נעפּל און מיט סודות. די איינגעדרימלטע בריסטן זייערע האָבן שטיל געאָטעמט, זיך איינגעהערט צי קומט עפּעס פאָר אין די ראַנטשעס... גרופּעס יונגע טו־ריסטן און טוריסטקעס זיינען פון צווישן די באַרג־פאַלדן אַרויסגעקומען, שטילע זיינען זיי איבערן שוואַרצן אַספאַלט געגאַנגען, ווי אַרומגעכאַפּטע פון אַן אינערלעכן ציטער, פון יראת הכבוד צו דער מערקווירדיקער באַ־נאַכטיקער אומבאַשטימטקייט וואָס האָט פון יעדן ווינקל געלויערט אַף זיי. אויך איידל איז פון אַ טיפער אומבאַשטימטקייט באַהערשט געוואָרן. מיט

א גרויען צער אַפֿן פּנים איז זי געזעסן באַם זוים פֿון וועג, פֿאַרנט, לעבן סעפֿערס ראַנטשע און שטום און מיט בענקשאַפֿט נאָכגעקוקט די טוריסטן: זי וואָלט חשק געהאַט צוצוגיין און זאָגן:

— אָט, איז אַ מענטש, אַ פֿרוי, אַן איינזאַמער שטיין! נעמט זי אויף!... גיט איר אַביסל פֿון אייער פֿרייד און זאָרגלאָזיקייט...

זי האָט דאָס אָבער ניט געטון, געדאַכט האָט זיך איר, אַז די בערג האָבן די מעכטיקע קעפּ אויפֿגעהויבן און געשעפּטשעט:

— מיר ווילן טרייסטן די איינזאַמע און איבערלעבן — סיי דאָס גוטע און סיי דאָס שלעכטע...

זי האָט אויפֿגעהויבן דאָס פּנים און אַ ציטער איז דורכגעלאָפֿן די גלידער אירע:

— ווי גוט ס׳וואָלט געווען, — האָט איידל אַ טראַכט געטון — ווען די דאָזיקע בערג הערן און ווייסן וואָס זי לעבט איבער, זאָלן זיי אַמאָל קענען דערציילן: אידישע טרערן זיינען דאָ פֿאַרגאָסן געוואָרן... טרערן וואָס מאָנען גערעכטיקייט און בעטן רחמים בײַ די מענטשן, זיי זאָלן זיך ניט אויסקוילען איינער דעם אַנדערן... זאָלן ניט פֿאַרשווועכן דעם גאָט, די געבאָטן, וואָס זיינען אַף בערג מיט אידישע קדושים באַשאַפֿן געוואָרן...

אין דעם האָט זי אַ פֿרעמד שאָרכען דערהערט. דאָס האָבן זיך די בלעטער פֿון פֿייגן־בוים אַ צעוויג געטון און איר אָנגעזאָגט: די וועלט גייט נאָך ניט אונטער... אויך זי, איידל, טאָר ניט אונטערגיין!... זי האָט אומגעדרייט דאָס פּנים צו דער ראַנטשע. הינטער די ביימער זיינען געשטאַנען צוויי קאַטערס, לוקעס און דעם אַלטן סעפֿערס. דער אַלטער איז געזעסן אַ געבויגענער און געריכערט פֿון זיין ליולקע. די רויטע בלוט־פּלעקן פֿון זיינע אויגן־ווינקלען האָבן אַ בליץ געטון איבערן הויף און זיך באַלד אויסגעגלאָשן. אויך לוקע איז ניט געשלאָפֿן. איידל האָט געהערט ווי ער דרייט זיך אומרואיק אַף דער קאַטרע, געפֿילט אַף זיך די זשעדנע הייסע בליקן זיינע...

איידל האָט ארייננגענומען דעם קאָפּ איןביידע הענט און געפּרוּווט דרימלען. די אומרו האָט זי אָבער געמאַטערט. ווידעראַמאָל האָט זי דעם שיכורן לינדערן געזען און די פֿייערדיקע בליקן זיינע וואָס פֿאָלגן איר נאָך... געפֿילט האָט זי, אַז איצט די פּאַסיקסטע שעה צו מאַכן די בינטלעך און נעלם ווערן. די יסורים אירע האָבן דאָך קיין ציל ניט. האָט זי דען ניט אָפּגעמאַטערט מיט זיך אַליין, צו לעבן נאָר פֿאַר זיך... אַ שאָד נאָר די אַלטע לייט!... מעגלעך, אַז די זיסע לאַסט פֿון דער פֿריינטשאַפֿט זייערער, וועט איר אַמאָל צו טייער קאָסטן...

זי האָט זיך באַמיט ניט צו טראַכטן. איר איז אומעגלעך אוועקצו־גיין פֿון יענעם חושך, אַן אָפּגרונט וואָס האַלט זי צו מיט אייזערנע צוואַנגען. געפֿילט, זיי זיינען איר אייגן און פֿרעמד, מיט טויזנטער מיילן ווייט פֿון איר אינערלעך לעבן. די טראַכטעניש זיינען אָבער ווידער גע־קומען און זי דערמאָנט:

— אויך זי, איידל די וועדמע, די בעזלוידניצע, וואלט זיך נויטיק געהאט צונויפצורײדן מיט עמיצן און אפשר גאר מיט די בערג, די אייביקע עדות פון מענטשלעכער פיין, זאלן זיי וויסן די בערג: ערגעץ ווייט פון דאנען, דארטן אין דער אלטער היים, זיינען זיכער אומגעקומען די אלטע טאטע־מאמע, די שוועסטער מיט די ברידער, אייגענע און פרעמדע, וועמען זי זעט אלע טאג און אלע נאכט, סיי ווען זי איז וואך און סיי ווען זי שלאפט. און זיי דראען איר און מאנען־עפעס... און זאלן די בערג וויסן, זאלן דאס איבערדערציילן פאר די רייכע און זארגלאזע טוריסטן וואס קומען אהין, זאלן זיי דערציילן פאר די אפגעשטאנענע בארג־מענטשן: די קריסטלעכע וועלט האט זיך פארוואנדלט אין מערדער. זיי האבן דערלאזט צום טויט פון א פאלק, וואס האט זיי דעם הייליקן פאטער און די מוטער מאריע געגעבן...

און דאך — זאלן זיי, די בערג, וויסן, — האט איידל די פיינלעכע בליקן א ווארף געטון ארום זיך און ווידער געטראכט — די שוועסטער און ברידער אירע, וועלן קיינמאל ניט פעיק זיין אפצונעמען בא דער קריסטלעכער וועלט דאס וואס מען קומט זיי... יעדע איינע פון די שוועסטער און אויך זי, איידל, איז גרייט אנטקעגן צו קומען מיט פרייד און מיט מענטשלעכער ווירדע, מיט ליבשאפט, צאלן מיט די טייערסטע אוצרות פאר א קליין ביסל מענטשלעכקייט פון א ניט־אידן!... אזוי זיינען מיר שוין, די געליטענע קינדער פון ישראל...

איידל האט דערפילט א טיפן עלנט און א שניידנדיקן ווייטיק, עפעס אזוינס, וואס זי וועט סיי ווי פאר קיינעם ניט קענען ארויסזאגן... ניט געוואוסט צי איז דאס די בושה פון דער מענטשלעכער געפאלנקייט, דער צער איבער דער אכזריות זייערע... זי האט זיך אויפגעהויבן, זיך ארומגעקוקט און ספאנטאן אנגעהויבן שפאנען אפן מיטן וועג, גלייך ווי זי וואלט זיך געגרייט אויפצוהויבן אין דער לופטן און א געשריי טון, אויפוועקן די וועלט פון איר לעטארגישן שלאף, דערציילן די רואיקע און צופרידענע מענטשן, אז ערגעץ ווייט־ווייט פון דאנען באדן זיך איצט מיליאנען מענטשן אין די טייכן פון זייער אייגן בלוט און קיינער הערט ניט זייער שרייען און זייער בעטן נאך הילף. זי וואלט נאר וועלן זיין דארטן צווישן די אומגליקלעכע אירע, אומקומען איניינעם מיטן שונא, ווי שמשון הגיבור מיט די פלישתים.

דער אלטער סעפער איז צוגעקומען צו דער פארצוימונג, א געבויגענער און אן איינגעהילטער אין אן אלטער, רויטער פאנטשע. דער ווייסער קאפ האט זיך מעכטיק און מיט זיכערקייט אין דער בלויער ווייטקייט א ציי געטון, די ניט אויסגעשלאפענע אויגן, אנגענומענע מיט חכמה און מיט שטומקייט, האבן געלויערט ארום די שמאלע בארג סטעזשקעס, נעזוכט די שכנה.

ער האט אנגעשפארט די עלנבויגנס אף דער פארצוימונג און דערפילט א פארדרוס. פון אינערלעכער אויפרעגונג איז אים ווידער באפאלן

דער כראָנישער הוסט. סעפּער האָט געקייכט מיט א טרוקענעם קלונג און אויפגעוועקט די אַרומיקע שטילקייט. איידל איז מיט גיכע טריט צוגעקו־מען צו אים, שטיין געבליבן פון יענער זייט פּאַרצוימונג און פאַרלוירן געקוקט צום אַלטן. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, עטלעכע פאַרלוירענע הוסטלעך האָבן זיך נאָך אַרויסגעריסן פון זיין פאַרשטיקטן אָטעם. סעפּער האָט אויפגעכאַפּט די בלייכע מידקייט אַף איר פּנים, דעם שטומען צער. א ווײַלע האָבן זיך ביידע שטום און אומהיימלעך דורכגעבויערט מיט די בליקן. נאָך א ווײַלע טראַכטן, האָט סעפּער די שטילקייט איבערגעריסן:

— פאַרוואָס, פרוי אַדעלא, גייט איר ניט אַריין אין אייער ראַנטשע?

זי האָט א פאַרלעגענעם שמייכל געטון און געשוויגן. דער אַלטער האָט זי אָנגעקוקט מיט קלוגע אויגן, אָנגענומענע מיט ווירדע און מיט זיכערקייט:

— א געזונטער זכר מוז דאָך זוכן פאַר זיך א נקבה... אָבער אין מיין הויז וועט קיינעם קיין שלעכטס ניט געשען!...

ער האָט אַריינגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען און צונויפגעצויגן די באַליידיקטע ברעמען:

— און ווען א אינגל טוט אַמאָל אַן איבעריקן זופּ — האָט סעפּער באַזאָכט צוגעגעבן — איז דאָס פון די קליינע זאַכן, אַף דעם איז מען דאָך א מאַנצביל...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. איינגעשטאָכן די אויגן אין הימל, דעם דורכלויכטיק ראָזן און ערנסט פאַרטראַכטן, דעם באַדעקטן מיט טיפע שטערן, זויבערע ווי די אויגן פון געלייטערטע מענטשן. איידל האָט ניט אַראָפּגענומען די פאַרחידושטע אויגן פון דעם אַלטן. זי האָט באַוואונ־דערט די געמיטלעכקייט זיינע און די גוטסקייט. גאָר אַן אַנדערן האָט זי אים געזען, ווען ער האָט דערהרגעט די שלאַנג. דעמאָלט האָט ער גערעדט מיט איר וועגן די אויסלענדער. איידל האָט א טראַכט געטון:

— וועמען האָט ער דעמאָלט געמיינט? זיכער, נאָר די אידן. זי וואָלט אים פונדעסטוועגן באַדאַרפט דערציילן ווער זי איז. אָבער מען מוז דאָך וואַרטן אַף א געלעגנהייט. אויסשרייען גלאַט אין דער וועלט אַריין: איך בין א איד, האָט קיין זין ניט. א איד מוז אַף א ווירדיקן אופן אַרויס־ווייזן ווער ער איז, אייביק געדענקען דעם חוב צו זיינע דורות...

סעפּער האָט ווידער א קוק געטון צו איר, זיינע אויגן האָבן גע־פינקלט מיט פרייד און מיט יחוס. ער האָט געטראַכט:

— די האַלטונג אירע איז א שיינע. זי מוז אין זינען האָבן אַז דאָס אויג פון זכר לויערט אַף איר... א קריאָזשע, דעם אַלטן סעפּערס זין, וועלן אָבער וויסן זייער פּלאַץ...

ער האָט א צופרידענעם שמייכל געטון און אויסגערופן מיט אי־בערגעטריבענער ווירדע און מיט געטרייקייט:

— גייט, אַדעלא, זיך אויסרוען! אונטער דעם אַלטן סעפּערס דאַך

זיינען קיין צוויי הערשער ניט פאַראַן... סיי אייגענע און אויך פרעמדע ווייסן דאָס...

אײדל האָט קיין וואָרט ניט געענטפערט, נאָר די אויגן אירע האָבן אַ פינקל געטון מיט אַ טיפער דאַנקבאַרקייט און מיט רו און געהאַט דעם איינדרוק, אַז זי איז מער ניט אַליין און ווידער האָט זי אַ בלינד געפיל אַ צי געטון צו דער ראַנטשע און זי האָט זיך מער ניט געוועրט. זי איז שווייגנדיק אַריין אין הויף, פאַרשלונגען געוואָרן צווישן די ביימער ווי פון אַ פינצטערן אָפגרונט...

אויך סעפער איז אַריין אין הויף, צוגערוקט זיין קאַטרע צו דער אָפענער טיר פון אײדלס ראַנטשע און אַרונטערגערוקט דאָס מעסער בײַ זיך צוקאָפּנס, זיך אויסגעצויגן אַף דער קאַטרע, אונטער דער פּאָנטשאָ און אַריינגעטענהט צו דער שכנה וואָס האָט זיך אומרואיק געדרייט אַף איר בעטל:

— פון היינט אָן, אַדעלאַ, וועט מיין געלעגער שטיין לעבן אייער טיר. איר זאָלט זיך נאָר ניט שרעקן ווען איך הוסט און רייד פון שלאָף. פון צופיל אומגיין אַף דער זון איז דאָס מיר געקומען.

5.

ס'איז שוין געווען נאָך ניי־יאָר. די טעג זיינען אַלץ געשטאַנען הייסע און צעשרפּהטע, אָנגעפּולטע מיט אַ באַשמעקטער טרוקענער לופט און מיט אַ פריידיקער געמיטלעכקייט. אויך אין אײדלס האַרץ איז אַ לייכטע פרייד אויפגעגאַנגען. זי האָט זיך צוגעפּאַסט צו איר נייעם לעבן, צוגעהאָלפן דער אַלטער אינעם האָדעווען די עופות און אָפּהיטן דעם גאָרטן.

אין אַ פאַרנאַכט איז אײדל געשטאַנען אין גאָרטן, ס'איז געווען נאָך אַ רעגן, גרויסע טראָפּנס מיט וואַסער האָבן אַראָפּגעפינקלט פון די געבוירגענע דאַליעס און פון די גרינע קלעטער־פלאַנצן, די באַשיטע מיט בלויע און וויאָלעטע בעכערלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן פון גאָרטן, ביז אַרויף אַף דעם דאַך פון דער ראַנטשע. אײדלס פּנים, די אַנטבלויזטע הענט, די באָרוועסע פיס זיינען געווען פאַרברענט פון דער זון און פון דער טרוקענער לופט. אַ זומערדיק קיל ווינטל האָט געווייעט אַרום איר, זי באַגאָסן מיט פרישקייט און מיט פרייד.

זי האָט אַראָפּגענומען די צונעשלאָגענע בלומען פון די צווייגלעך, זיי באַטראַכט מיט רואיקע בליקן, מיט אַ געזעצטער באַזאָכטקייט פון אַ מענטשן וואָס טראָגט אַרום אין זיך אַ טיפן ערנסט און אַ באַשטימטקייט. צווישן די ערנסטע קנייטשן אַף דעם פרי פאַרעלטערטן פּנים אירן האָט גערוט אַ חשובע פאַרנומענקייט, אַ פאַרגעבונג און אַ זיכערקייט, אַ זיכערקייט פון אַ זקנה, וואָס קען שוין אַלע מענטשלעכע רשעותן און האָט

שוין מער פאַר קיין שלעכטס ניט מורא... אַ זקנה וואָס שמייכלט געמיט־לעך און נעמט אויף מיט חוזק יעדנס קליינלעכקייט, גייט אַנטקעגן דעם לעבן מיט לויטערער ווירדע און איז כסדר גרייט אָנצוהייבן פונדאַסניי...

קענטיק געווען אין יעדער באַוועגונג אירער, אין דער געטרייקייט צו דער אַרבעט, אַז איידל איז גובר געווען אין זיך סיי דעם פּחד און סיי די איינזאַמקייט. זי האָט זיך מער ניט גענומען צום האַרצן ווען סע־פּערס זין זיינען אַהיימגעקומען שיכּורע, אָדער ווען לינדער האָט געשלאָגן זיין ווייב... אַלע אבֿרים אירע האָבן געפּיבערט פון באַגער אָנצוהויבן אַר־בעטן, צו פאַרדינען. איידל האָט שוין געהאַט איינגעהאַנדלט אַ ניי־מאַשין און אומגעדולדיק געוואַרט מען זאָל זי ברענגען פון שטאָט.

ליב זיינען איר געוואָרן יענע מענטשן און איר נייע היים. די באַרג־מענטשן האָבן זי דערמאָנט אין די היימישע פּויערים, איר טאַטנס שכנים. זי האָט גוט געדענקט און אומגעטראָגן אין האַרצן סימנים פון זייער אומ־באַגרענעצטער ברייטקייט, פון פריינטשאַפט און אויך פון שינאה און אכזריות...

איידל האָט אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויף די קליבעם און מיט ליבשאַפט באַטראַכט דעם צעשיינטן אַרום. אַ מילדע שיין האָט אויפגע־טויכט אין אירע אויגן, דאָס האַרץ איז איבערגעפולט געווען מיט דער־וואַרטונג. איר איז געקומען אויף דעם זינען אַן אַרגענטינער פאָלקס־וואָרט: מ׳איז נישטאָ קיין שלעכטס, וואָס זאָל ניט אויסגיין צום גוטן...

אין איידלס בלוט האָט אַ שאַל געטון דאָס געזאַנג פון פרייהייט און אויך פון טיפן טרויער. זי האָט אַרויפגערעדט צו די קלעטער־פלאַנצן:

— איז דאָס טאַקע דער אמת, אָדער נאָר אַ חלום?... איז טאַקע איידל די וועדמע ווידער געבוירן געוואָרן?...

— יאָ! — האָבן די פלאַנצן צוריקגעענטפערט און דערביי וואַרים געשמייכלט. — קיינער איז דאָך ניט שולדיק וואָס איידל האָט קיין רחמנות ניט געהאַט אויף דעם אייגענעם שטיקל לעבן. מען דאַרף דאָך אַ טראַכט טאָן אויך פון די אייגענע געשעענקטע וואָכן און חדשים... און ווען איינער קען דאָס ניט באַווייזן, ער איז שוואַך און מוטלאָז, זאָל ער שטומען... זאָל ער צו דער וועלט קיין טענות ניט האָבן... זי ניט פאַרמיאוסן אין קיינעמס אויגן. יעדער מענטש איז טיילווייז זיין אייגענער מערדער...

איידלס אויגן זיינען געוואָרן גרעסער און אויפמערקזאַמער. דער צאַרטער גערויש פון די ביימער און פון די בלומען, דאָס שעפּטשען פון די קלעטער־פלאַנצן, דער גאַנצער צעגרינטער אַרום, האָט איר אַ דראָע געטון. איידל האָט אַ טראַכט געטון:

— ניין, זי איז מער ניט אַליין, זי האָט פריינט, האָט מבֿינים אויף זיך. איידל די וועדמע האָט איר וועג געפונען.

אַרויסגעבראַכט פון טראַכטן האָט זי סעפּערס אַ גאַסט. אַ הויכער טונקל הויטיקער מאַן איז אַריינגעקומען אין הויף און מיט היימישקייט

א קוק געטון צו די ראנטשעס, א פאטש געטון מיט ביידע הענט און אויסגערופן:

— גאָט העלף, מיינע פריינט!

די ערשטע האָט איידל א קוק געטון צו אים, באמערקט די טיפע, ברייטע קנייטשן אויף זיין פלאטשיקן שטערן און די שמאָלע קנייטשעלעך אונטער די אויגן, די קליינע און איבערגעצויגענע מיט דינע בלוט-פעדים-לעך. איר איז געוואָרן אומהיימלעך, אליין ניט וויסנדיק פארוואָס... אין דעם איז דער אלטער סעפער ארויסגעקומען פון ראנטשע. א באהויכטער מיט א גליקזעליקייט, א לויטערקייט פון דער פארנאכטיקער תפילה וואָס ער האָט דאָרטן, לעבן בילד פון הייליקן פאָטער, אָפּגעריכט. איינגעשטאָכן די אויגן אין דעם צעגרינטן ארום און דערזען דעם שכן. סעפער איז אים אקעגנגעלאָפן מיט א היימישער ווארימקייט אין די אויגן און מיט געטרייע אויסגעשפּרייטע הענט. ביידע מענער האָבן זיך ארומגעכאפּט און זיך גע-קלאַפּט איבער די פּלייצעס.

— וואָס האָט אייך ווידער געבראַכט צו אונדז? — האָט דער אַל-טער אויסגערופן מיט א פארכאַפּטן אָטעם, — זאָגט, דאָן אנכעל.

און ער האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט א ווארעמען שמייכל, א דאנק-בארן.

— א צימער, דאָן סעפער, וויל איך בא אייך דינגען.

סעפער האָט אַן ערנסטן קנייטש געטון דעם שטערן און א גרויסקייט האָט א שוועב געטון אין זיינע אויגן. אים איז א שאָד געווען דער שכן, די עטלעכע פעזעס יעדן חודש, וואָס יענער וואָלט געצאָלט פאר א „צי-מער” און בא סעפערן איז מער קיין צימער צום פארדינגען ניט געווען. נאָך א ווײַלע שוויגן האָט אנכעל ווידער צוגעגעבן:

— דאָס ווייב מיינס איז קאַפּריזנע, איר ווייסט דאָס... זי וויל דור-כויס וואוינען בא אייך, בא די גוטע אלטע באַלעבאַטים...

סעפער האָט א קוק געטון צום קליינעם ראנטשעלע וואו מען האַלט דאָס פערד און באַזאַכט א שמייכל געטון, צענומען ביידע הענט און גע-שמייכלט:

— ס'וועט שוין זיין גוט, דאָן אנכעל, דאָרטן האָט פאראיאָרן גע-וואוינט מיין לינדער מיט זיין פאמיליע...

דער גאַסט האָט אַן אומניכטעדיקן שמייכל געטון און געקוקט צום געזונקענעם ראנטשעלע.

איידל האָט ניט געוואָלט דער אלטער זאָל אָנווערן א פּאָר פעזעס פארדינסט. זי איז צו אים צוגעגאנגען, אים ווארים און געטריי אין פנים אריינגערעדט:

— איך וועל אייך אָפּגעבן מיין צימער, דאָן סעפער, יענע קליינע ראנטשע איז אויך גענוג פאר מיר...

דער אלטער האָט זי שווייגנדיק אָנגעקוקט. גוטסקייט האָט א ווייע געטון ארום זיינע וויברירנדיקע מויל-ווינקלען און אנערקענונג. זי טראַכט

גאָרניט פון אירע אייגענע באַקוועמלעכקייטן — האָט ער צופרידן אַ טראַכט געטון — איז ווייזט אויס, אַן אמתע קריאַזשאַ. ער האָט זיך צו איר געווענדעט:

דאָס וועל איך ניט דערלאָזן!.. באַקענט אייך, דאָן אַנכעל מיט דער נייער שכנה מיינער.

דער גאַסט האָט זיך פאַרנויגט און איר דערלאַנגט אַ האַנט. איידלען איז אומהיימלעך געוועזן דער פרעכער שמייכל אַרום זשעדנע און איינ־געפאַלענעם מויל און דער שווערער ריח פון ווײַן און פון בראַנפן וואָס האָט פון אים אַ זעץ געטון. אַנכעל האָט אַ ווײַלע געטראַכט, זיך געישובט און באַלד צוגעגעבן מיט באַשטימטקייט אין קול און מיט פרייד:

— גוט, מיר וועלן ווידער שכנים! רייניקט נאָר גוט אויס די ראַנטשע!

איידל האָט זיי איבערגעלאָזט אַליין. סעפער האָט געזען ווי אַנכעל האָט איר נאָכגעקוקט און דאָס פנים זײַנס האָט זיך באַדעקט מיט אַ גרויי כמאַרעלע, מיט פּלוצימדיקער האַרטקייט. דער גאַסט האָט די בליקן צום אַלטן איבערגעטראָגן. ביידע מענער האָבן זיך שווייגנדיק און אומהיימלעך אָנגעקוקט. דער אַלטער האָט זיך אויסגעגלייכט, אַ הוסט געטון און באַ־קומען אַ וויכטיקע מינע, אַ גרימאַסע פון אַ מענטשן וואָס האָט באַ זיך עפּעס באַשלאָסן און איז זיכער, אַז קיינער וועט שוין דעם באַשלוס זײַנעם ניט קענען ענדערן... דער אַלטער האָט איבערגעריסן דאָס שווייגן:

— ווי אַזוי, דאָן אַנכעל, האָט זיך אייך געלעבט אין דער גרויסער וועלט? האָט איר דאָרטן געזען אַ סך קריאַזשעס? געהערט, אין די ווייטע פּראָווינץ־שטעט געפינען זיך אַ סך פון די אַלטע אינדיאַנער שבטים.

אַ לייכטער וואָלקן האָט אויפגעטויכט באַם שכן אויף דעם צעאַקערטן און פרי פאַרעלטערטן פנים. ווער וואָלט געזאָגט, אַז אַנכעל איז קוים צוויי און פערציק יאָר אַלט. סיי דאָס טרינקען צופיל און אויך די שלעכטע צייטן האָבן אים אינגאַנצן פאַרענדערט.

די אומרו האָט אים געטריבן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער. אומעטום, מיטגעשלעפּט דאָס ווייב מיט די צוויי קינדער. די לעצטע פּאָר יאָר געוואוינט אין סאַלטאַ אין אַ ווייטער פּראָווינץ־שטאָט. אַ שאָפער פון אַן אָמניבוס געווען. דער יקרות אויף פּראָדוקטן איז גרויס, די פאַרדינסטן, קליינע. ער האָט אַ רייב געטון איין האַנט אין דער אַנדערער און בייסיק געשמייכלט, צוגעבנדיק מיט רוגזה:

— בין קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן פון דאָרטן! אַ פלאַש ווײַן — אַ שטיק גאָלד... אַ גלאָז ביר — איז אַ לוקסוס...

דער אַלטער האָט פאַראוווּנדערט מיט די אַקסלען געצויגן:

— ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, דאָן אַנכעל, אַזעלכע סקאַנדאַלן?!...

דער שכן האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַן איראָנישן שמייכל, אים אַ קלאַפּ געטון איבערן רעכטן אַקסל און געלאַכט מיט אַ פול מויל ציין,

שווארצע און צעפוילטע, מיט ברייטע צענומענע ליפּן, איינגעטונקענע אין סלינע.

— אונדזערע לאַנדסלייט, דאָן סעפּער, די אָרעמע קריאָזשעס לעבן ווי די בהמות... זיי פאָרן זיך אונטער דיביימער און זיינען אָפּגעשטאַ־נענע מענטשן. אַלע גאַנצפּרי געפינט מען ערשט געבוירענע, שווארצע קינ־דערלעך אין די מיסטקאַסטנס און אונטער דער בריק...

סעפּער האָט געשוויגן. זיינע אויגן האָבן אויסגעדריקט צווייפל און פאַרוואונדערונג. ער האָט געטראַכט:

— די היינטיקע מענטשן ווייסן ניט ווי אַזוי צו לעבן אַף דער וועלט... דאָ צווישן די בערג, איז מען לייטיש, האָט מען אָפּצועסן אַן אָוונטברויט, איז גוט... האָט מען ניט — טרינקט מען אַ קאַלטע גלאָז וואַסער און מען גייט שלאָפן רואיק. דער מענטש ווייסט דאָ ווי אַזוי צו לעבן...

דער גאַסט האָט דעם אַלטן פון טראַכטן אויפגעוועקט, אים אַ קיצל געטון אונטער דער רעכטער פּאַכווע און זיך וואוילינגעריש צעלאַכט:

— ניט געזאָרגט, דאָן סעפּער — האָט ער זיך אָנגערופן — מיר זיינען נאָך מאַנצבילן, קאַנעכאַ!... מאַכט זיך אַמאָל אַ יאָנטעוול, מוז מען אַ זופּ טאָן!...

טיטאַ איז אָנגעקומען פון צווישן די בערג. די צוויי שווארצע, שטייפע צעפּ אירע זיינען אומגעשוואומען באַ איר אַף די שטייפע מיידלשע בריסטן און פאַרשייט געוויצט זיך מיט עמיצן.

דערזען דעם גאַסט האָט זי ספּאָנטאַן אַראָפּגעוואָרפן דעם פּאַק מיט גרעט וואָס זי האָט געטראָגן אַף דעם קאָפּ און איז צוגעלאָפן צו אים. אַ באַלעבאַטישע מינע האָט זיך צעגאָסן אַרום אירע מויל־ווינקלען, אַפשיי פאָרן שווער וואָס האָט שטום געמאָסטן יעדע באַוועגונג אירע... זי האָט אים דערלאַנגט די שפּיצן פון די פינגער און אויסגערופן שטיל:

— שוין לאַנג צווישן די בערג?

— ערשט געקומען!

אַנכעל האָט זי אָפּגעמאָסטן מיט אַ ברייטן בליק, אַן אָנגענומענעם מיט מיטגעפיל און מיט פאַרשטענדעניש. אַרויסגעשלעפּט פון בוזים אַ פּאָר צעקנייטשטע פּעזעס און זיי דערלאַנגט דעם אַלטן:

— ברענגט, דאָן סעפּער, אַ בוטל מיט וויין און מיר וועלן אַ זופּ טאָן, קאַראַטשאַ!...

ווען סעפּער איז שוין געווען פון יענער זייט פאַרצוימונג, האָט זיך אַנכעל צוגעבויגן צו טיטאַן און אויסגערופן נייגעריק און מיט חשד:

— ווער איז יענע פרוי?... אַליין וואוינט זי דאָ? שוין לאַנג? זי געפעלט מיר...

טיטאַ האָט אַ גנבישן קוק געטון צו איידלען. יענע איז געשטאַנען אין גאָרטן און אויסגעריסן די ווילדגראָזן. באַלד די בליקן צום גאַסט

איבערגעטראָגן: — שווייגט, דאָן אַנבעל, זייט פּאָרזיכטיק — און אים אין פּנים אַריינגעשעפּטשעט — דער אַלטער פּראָטעזשירט זי...

— אַזוי גאָר? דאָס איז גוט!...

און ער האָט זיך צעלאַכט. אַ פאַרבייג געטון אַף פאָרוים די רעכטע האַנט, זי אונטערגעטראָגן טיטאַן:

— טאַפּט נאָר אָן דעם מוסקול... אַ? ס'מאַכט ניט, איך קען מיך נאָך פאַרהערן מיט אים... דער אַלטער האָט שוין ניט קיין ציין...

טיטאַ האָט אַרויסגעבראַכט אַ בענקל דעם גאַסט און זי האָט גע־מאַכט אַ פּייערל. צוגעגרייט אָן אַסאַדע. שפּעטער איז דער אַלטער סעפּער מיטביידע זין זיינע אַרום אַ קליין טישל געשטאַנען און באַם באַשמעקטן רויך וואָס האָט זיך געשפּרייט אַרום זיי אויפגענומען דעם גאַסט. טיטאַ האָט אַרויסגעבראַכט פון ראַנטשע אַ קיישעלע מיט דאַרע קרישקעס און עטלעכע מעסערס.

דעם אַלטנס פּנים האָט אויסגעדריקט ווירדע און פרייד. ער האָט אויפגעהויבן זיין גלאָז ווין און געוואונטשן:

— פאַר דעם געזונט פון די צוריקגעקומענע שכנים.

— פאַר דעם געזונט פון די ווייבער! — האָט אַנבעל אויסגערופן מיט אַ הייזעריקן קול און געהויבן זיין גלאָז איבער אַלעמענס קעפּ — ווען ניט זיי, די שוואַכינקע חיהלעך, וואָלטן מיר, די מאַנצבילן אינגאַנצן ניט געהאַט קיין אינהאַלט אין לעבן...

ער האָט אַ קוק געטון צו לוקען און געשמייכלט. קינאה און מענע־רישע חוצפּה האָט אויפגעטויכט אין די קליינע, ברוינע אויגן זיינע, די אָנגענומענע מיט שיכרות און מיט פאַרלוירנקייט. לוקע האָט געענטפערט מיט אַ צווייזייטיקן שמייכל. קענטיק געווען, אַז ביידע מענער האָבן אַלטע, געמיינזאַמע סודות צווישן זיך, זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען...

אַנבעל האָט אָנגעשטעלט די אויגן אַף איידלען און געזאָגט:

— לוקע, איך וויל, אַז דו זאָלסט מיך נענטער באַקענען מיט איר... איך וועל ברענגען אַן אויטאָ און מיר וועלן זי אַרויסנעמען אַף אַ שפּאַציר...

לינדער האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ קאַלטן בליק, אַ דראָענדיקן... אַנבעל האָט געלאַכט.

— מען מוז, ברודערל, געפינען צו איר דעם וועג... פאַרלירסטו די געלעגנהייט, ביזטו אַ בהמה!... אַ זכר מוז נעמען דאָס זייניקע אַף כוח...

דער אַלטער האָט פאַרכמאַרעט צונויפגעצויגן די ברעמען און עס האָט פון אים אַ ווייע געטון מיט קאַלטקייט און מיט עקשנות. אַרום אים איז געוואָרן שטיל; אַ שטילקייט וואָס באַהאַלט אונטער זיך אַ שטורעם און אַ טיפע אומבאַשטימטקייט...

---

.6

דעם אַנדערן אינדערפרי איז טיטאַ ווידער געשטאַנען באַם פלומפּ, אַ געבויגענע איבער אַ גרויסער ביט מיט וועש און געוואַשן. זי האָט געפילט אַ מידקייט אין די הענט, די רויט צעוואַקסענע און מענעריש שטאַרקע, באַדעקטע מיט ווייסע זייפן־בלאָזן ווי מיט שיטערע שנייעלעך, האָבן איר געברענט. די שטילע אומצופרידנקייט וואָס האָט געוויינט פון איר האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער באַרגיקער רואיקייט. אַ מנוחה האָט געפלייצט פון יעדן ווינקל. די בערג האָבן אויפגעהויבן די קעפּ און זיך אַרומגעקוקט מיט גרויסע לויטערע אויגן, אָנגענומענע מיט גבורה און חכמה. אויך טיטאַ האָט די אימהדיקע בליקן צו דער ראַנטשע געווענדעט, זי האָט געטראַכט:

— נעכטן האָבן די מענער גערעדט פון איר. אַזאַ גאָרניט, די גרינגע, און זיי ווערן משוגע...

גאַליקע פייערלעך האָבן אַ פלייץ געטון אין אירע אויגן, די אָנגענומענע מיט דראַנג נאָך נקמה און מיט בייזקייט. טיטאַ האָט געצאַפּלט פון יסורים. נעכטן אַפּדערנאַכט, ווען זיי האָבן פאַרבראַכט מיט דעם גאַסט, איז די אַלטע אינעם אַהיימגעקומען פון צווישן די בערג, פון דער מאַמע עלוויראַ און איז מער פון בעט ניט אַרויס. איידל האָט זיך מיט איר אָפּגעגעבן. טיטאַ האָט זיך געשראָקן פאַר דער אַרבעט וואָס זי וועט האָבן באַ דער אַלטער און באַם באַדינען דעם אַלטן מיט לוקען. אַמערסטן האָט זי געפילט די לאַסט, די פיינלעכע דריקונג וואָס דער אַלטער ליגט אַרויף אַף די שטוביקע, דעמאָלט ווען אים איז ביטער אַף דעם האַרצן.

לוקע איז אַרויסגעקומען פון זיין ראַנטשעלע. זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג און זאָרגלאָז געקוקט אַרום זיך. פויל געגענעצט און אָפּגעשאַרט מיט דער רעכטער האַנט די דינע שטיקעלעך פונעם צעפליקטן מאַטראַץ, וואָס האָבן זיך צוגעקלעפּט באַ אים אַף דעם פּנים. טיטאַ האָט אים אַ ברי געטון מיט די אויגן, אים דורכגעבויערט. לוקע האָט אַ ציטער געטון. ער האָט זיך אָבער געמאַכט ניט ווייסנדיק, איינגאַנצן אַ צונויפגענומענער, מיט ביידע הענט אַרום זיך, איז ער אַריין אין טאַטנס ראַנטשע.

זי איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטע. די גרויסע אויגן האָבן ווידער אַ לויער געטון נאָך דעם שוואָגער. באַלד האָט זיך טיטאַ פון אָרט אָפּגעריסן און סטיכיש, ווי אַ געטריבענע פון אַ געפאַר צוגעלאָפן צום שווערס ראַנטשע. ספאָנטאַן שטיין געבליבן באַם פאַרהאָנגענעם טירל און צוגעהאַלטן מיט ביידע הענט דאָס האַרץ אירס, וואָס האָט זיך אומרואיק געהויבן אויף און אָפּ.

שרעק און באַזאַכטקייט האָט אויפגעטויכט אין די הייסע, אויפגעבליצטע אויגן אירע. טיטאַ האָט באַנומען די פאַרלוירנקייט אירע. זי האָט שווער דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און דערשלאָגן געזיפצט. אַ ווילע זיך געישובט און באַלד איז די אומרו אין איר ווידער אויפגעגאַנגען, אומגע־

לאָפּן אין די בלוטן און אין מאַרך פון די ביינער. טיטאַ האָט זיך אַ טראָג געטון איבער דער גאַלערייע און איז אריין צו איידלען אין ראַנטשע. אַ פאַרסאַפּעטע און מיט אומבאַזאַכטער גיכקייט אַ צעהוידע געטון דאָס בעטל און אריינגעאָטעמט אין איידלס פאַרשלאָפענעם פּנים:

— שטייט אויף, דאָניאַ אַדעלאַ, ס'איז שוין שפּעט!...

איידל האָט צעעפנט די אויגן און דערשראָקן געקוקט אַרום זיך, באַהערשט פון די כסדרדיקע חלומות, פון די בילדער וואָס טרעטן ניט אָפּ פון איר, סיי באַטאָג, ווען זי שפּאַצירט צווישן די בערג און אויך באַנאַכט, האָט זי אימהדיק מיט די אויגן אַ פינטל געטון און עמיצן געזוכט... טיטאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף דעם זוים פון בעטל און אַ שויבער געטון מיט די פינגער איידלס האָר, זי געריסן פאַר דער נאָז און מיט ביטרעקייט אריינגעשמייכלט אין די אויגן אירע:

— דאָס בין איך, אַדעלאַ, איך האָב אייך עפּעס צו דערציילן...

איידל האָט אומצופרידן אָפּגעזיפצט און געשוויגן. אַרום זיי האָט זיך אַ געדעמפּטע גרויקייט אָפּגעזעצט, אַן אָנגענומענע מיט פייכטקייט און מיט אומעט, מיט איידלס דערשטיקטער אומצופרידנקייט, דער ווידערגעפיל צוליב טיטאַס אָפטע וויזיטן וואָס זיינען איר געפאַלן צולאַסט... טיטאַ האָט באַמערקט די ניט ניכעדיקייט אַרום איידלס פאַרשטומטע מוילווינקלען און דער כעס אין איר האָט זיך אַ הייב געטון, זיך געגרייט אויסצוגיסן אַף עמיצן...

טיטאַ האָט געטראַכט:

— אַדעלאַ איז אומצופרידן, זעט אויס שלעכט, ווייל זי איז אַליין... ווען עפּעס האָט דאָך גאָט באַשאַפן די ווייבער... דער דאָן אַנכעל איז אַ פיינער מאַנצביל. גוט וואָס ער איז געקומען. איצט וועט שוין לוקע האָבן ווינציקער בעלנים אַף זיך...

— טיטאַ האָט אַ לאַך געטון און צוגעגעבן:

— די נאַכט, אַדעלאַ, האָט זיך מיר געחלומט, אַז איר מיט אים... אַ... קיינער וועט די באַגערן ניט ביישטיין קעגן לוקען!...

איידל האָט זיך אינסטינקטיוו אָפּגערוקט פון איר און אַ פאַרדריסלעכע גרימאַסע האָט באַדעקט דאָס באַצערטע פּנים אירס. איידל האָט געפרעגט:

— איר האָט דאָ עפּעס געוואָלט, טיטאַ, זאָגט?

טיטאַ איז געוואָרן רויט און באַלד געל ווי וואַקס. זי האָט אַליין ניט באַנומען נאָך וואָס זי איז געקומען צו איידלען. באַלד האָט זי זיך דערמאָנט אָן שווער און געפּרואווט וואָרענען איידלען:

— היינט זאָלט איר זיך היטן פון אים!... ער איז שוין משוגע, טרויעריק, דער אַלטער קאַנאַליע...

טיף אין האַרצן איז טיטאַ צופרידן געווען וואָס דער שווער איז טרויעריק און גרייט זיך שטאַרבן... ס'האָט איר פאַרדראָסן וואָס ער איז די לעצטע עטלעכע וואָכן געוואָרן גאָר אַן אַנדערער... איז באַריידעוודיק

און גיט זיך כסדר אָפּ מיט דער נייער שכנה... טיטא האָט פיינט געהאַט דעם שווער, נאָר דערפאַר, וואָס דאָס קלוגע אויג זיינס האָט זי געהיט... זי האָט געוואָלט, ער זאָל וואָס גיכער שטאַרבן... איידל האָט פאַרשטאַנען טיטאַס מיין. זי האָט אָף איר אָנגעשטעלט צוויי טריבע בליקן, שטילע און אָנגעפּולטע מיט באַדויערן, מיט ווייטיק:

— טיטאַ, פאַרוואָס באַנעמסט איר ניט קיין פרעמדע ליידן? — האָט זי באַהאַרצט אַ פרעג געטון — איר אַליין האָט אַ סך יסורים איבערגע־טראָגן. די אַלטע, זאָג איך אייך, איז ערנסט קראַנק, מען מוז זי ראַטעווען.

טיטאַ האָט אַ צעקרומטן שמייכל געטון און די אויגן אירע האָבן געפינקלט מיט בייזקייט, מיט באַליידיקונג און מיט חוזק.ביידע פרויען האָבן אויסגעמיטן צו ריידן. אין דעם איז אַנכעל, דער נייער שכן צוגע־קומען צו דער טיר. שטיין געבליבן באַ דער שוועל און זיך צוגעהערט וואָס אינעווייניק טוט זיך. ער איז געווען ווי צעטומלט פון צופיל טרינקען אָף דעם נעכטיקן יאָנטעוול און פון אומבאַקוועמען געלעגער, דאָרטן אין ראַנטשעלע, אָף דער ערד. ס'האָט זיך געטראָגן פון אים אַ האַרבער ריח פון טרוקענער באַליגע און פון וויין. סעפער האָט גוט אויסגערייניקט דאָס ראַנטשעלע און זי אויסגעקאָלעכט איידער אַנכעל האָט אהין אריינגעפירט דאָס ווייב מיט די צוויי קינדער. דער געשטאַנק איז אָבער געבליבן און זיך איינגעגעסן מיט ווערעמדיקער צעפּוילטקייט אין יעדן מלבוש און אויך אין די שכנים...

טיטאַ האָט דערזען די צעקנוידערטע האָר זיינע, דעם ראָק, וואָס איז באַקלעפּט געווען מיט דינע פעדימלעך באַליגע און מיט שטרויעלעך און זי האָט זיך נישט ווילנדיק צעשמייכלט: ווידער דערזען דעם טיפן אָפּ־גרונט צווישן לוקען און אים, דעם דאָן אַנכעל...

ער האָט געמאַכט אַ שפּאַן אָף צוריק און פאַרלוירן געשמייכלט:

— איר וועט מיר מוחל זיין... איך האָב מיך טועה געווען... אין סעפערס ראַנטשע גיי איך...

איידל איז געוואָרן טרויעריק. ווידער דערפילט אָף זיך די חוצפּה־דיקע בליקן זיינע, יענע בליקן וואָס האָבן זי נעכטן צום ערשטן מאָל אָפּ־געמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס... זי האָט אויסגעצויגן אַ האַנט און מיט בייזקייט צוגעשלעפּט דאָס עטוואָס צעעפנטע טירל. טיטאַ האָט אויסגעזען צעטומלט. זי האָט זיך צוגעבויגן צו איידלס אויפגעפלאַמטן פּנים און אַ צישע געטון:

— זאָל זי שטאַרבן, די אַלטע איינעם מיט אים, דעם משוגענעם... ער מיינט, דער רשע, אַז מיר אַלע מוזן אים נאָכגיין, אַז ער וועט אונדז איבערלעבן...

איידל האָט איר אַרויפגעלייגט די רעכטע דלאָניע אָף דעם מויל:

— שווייגט!...

זי האָט געקענט דעם אַלטן און אים געאַכטעט. ער אַליין האָט איר שוין אַ סך מאָל דערציילט, אַז ס'זיינען פאַראַן צייטן ווען ס'באַפאַלט אים

אַ אימה, אַ שרעק, ער האָט דעמאָלט מורא פֿאַר דעם טויט און האָט דאָך פֿיינט דאָס לעבן. עס טרעפֿט ער רופֿט צונויף די חתונה-געהאַטע קינדער, די אייניקלעך און געזעגנט זיך מיט זיי:

— די בערג, קינדער מיינע, — וואָרנט דער אַלטער — איז דאָס אָפּבילד פֿון גאָט. ווי צו דעם וועט זיין, וואָס וועט זיי פֿאַרשווערכן...

טיטאַ האָט ווידער אַ זאָג געטון:

— ער דערציילט אייך ניט דעם גאַנצן אמת, דער אַלטער. באַם לעבן וויל ער קיין איין מעטער ערד ניט פֿאַרקויפֿן... ס'אַרט אים ניט, ווען מיר ליידן הונגער. ווינטער ווערן מיר געשוואָלן פֿון הונגער... די קישקעס ווערן צעריסן פֿון צופֿיל לאַקראַ (אַ מאכל פֿון צעשטויסענעם מאַיס).

איידל האָט ניט געהאַט וואָס צו ענטפֿערן. זי איז אַראָפּ פֿון בעטל און אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף זיך אַ כאַלאַט. גיך, ווי זי וואָלט מורא געהאַט עפּעס צו פֿאַרשפּעטיקן, אַרויסגעלאָפֿן פֿון ראַנטשע. די קילע באַרג לופֿט האָט אויף איר אַ יאָג געטון מיט ליבשאַפֿט און מיט פֿרייד. איידל האָט זיך דערפֿילט מוטיקער. איז צוגעלאָפֿן צום אַלטן און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני לעבן אונטערגעשניטענעם בוים, וואו ער איז געזעסן.

ער האָט זיך אַפֿילו קיין ריר ניט געטון. אַ פֿאַרטראַכטער אין זיינע געדאַנקען, אַלץ געהאַלטן דעם געבויגענעם קאָפּ אויף די הענט אַנגעשפּאַרט און געטראַכט. איידל האָט אַרויפֿגעלייגט ביידע הענט אויף די דאַרע פּלייצעס זיינע און אויסגערופֿן באַהאַרצט:

— אַ גוט מאָרגן אייך, דאָן סעפּער!...

ער האָט אויסגעדרייט צו איר דאָס פּנים און זי פֿאַרחידושט אָנגעקוקט. אַ לייכטער שמייכל האָט אַ שוועב געטון אַרום זיין אויפֿגעציטערט מויל, אַ געצוואונגענער ווי פֿון אַ קראַנק קינד. אַ מאָדנע אומניבעדיקייט און רעזיגנאַציע האָט אַרויסגעקוקט פֿון די מידע ניט אויסגעשלאָפֿענע אויגן זיינע. ער האָט שטיל געענטפֿערט:

— דאָס זיינט איר? אַ גוט מאָרגן, אַדעלאַ...

ער האָט ווידער אַריינגענומען דעם קאָפּ אין די הענט און פֿאַרשטיינערט געשוויגן. ער האָט ווידער פֿאַרשטיין ניט געקענט פֿאַרוואָס דאָס ווייב איז פּלוצים קראַנק געוואָרן. שוין מער ווי זיבעציק יאָר, אַז זיי זיינען מאַן און ווייב, אַכצן קינדער האָט זי אים געבוירן און זיי אַליין אויסגעכאָוועט. ביז ניט לאַנג נאָך געוואַשן פּרעמדע גרעט, צוגעהאָלפֿן פֿאַרדינען אַ פּעזע. דאָס גרעסטע גליק דעם אַלטנס, זיינען די זעכציק אייניקלעך, שוואַרצע חנעוודיקע אינגלעך מיט מיידלעך וואָס האָבן אים ליב געהאַט און אַ סך מאָל האָבן אייניקע פֿון זיי ליב אַ שפּיל צו טון מיט דעם זיידן.

— וויפֿל אייניקלעך האָט דאָן סעפּער?... אַ?...

און דער זיידע ווערט דעמאָלט ערנסט, נעמט ציילן אויף די פֿינגער, רעכנט, חשבונט, ווישט דעם שוויים פֿון שטערן און קען זיך קיין עצה

נים געבן... אמענדע ווערט ער מיד, באקומט א קינדיש, צעשמייכלט פּנים און רופט אוים מיט נעבעט:

— א מענטש קען דאָך נישט אין זינען האָבן יעדע נארישקייט באזונדער...

דאָס אַלץ האָט ער דעמאָלט גוט געדענקט. איידל האָט אים ווידער פאר די אקסלען א טאָרע געטון:

— דאָן סעפער, מיר וועלן צורופן א דאָקטער און די מאַמע וועט ווידער ווערן געזונט...

ער האָט אַן אָפּגעהאַקטן ברום געטון:

— נאָך וואָס? די גרויסע ליט ווייסן סיי ווי גאָרניט... אויך דער דאָקטער קען מאכן א טעות...

איידל האָט געשוויגן. זיך דערמאָנט, אז דער אַלטער טערמאָמעטער ליגט נאָך ערגעץ, א ניט גענוצטער אין איר האַנט-בייטל. זי האָט אים אריינגעקוקט אין פינצטערן פּנים און געבעטן:

— דערלויבט מיר נאָר, דאָן סעפער, צו פּרואוון איר די היץ!

— די היץ פּרואוון? נאָך וואָס? — האָט ער אויסגערופן מיט שטוינען — דאָ צווישן די בארג־מענטשן נוצט מען דאָס ניט...

איידל האָט איר יאָ געפּרואווט די היץ. איז צוריקגעקומען צום אַלטן, א בלייכע און א דערשראָקענע, מורא געהאַט אויסצוזאָגן דעם אמת... ער האָט אויסגעדרייט צו איר דאָס גלייכגילטיקע פּנים און זי אָפּגעמאָסטן מיט א פרעגנדיקן בליק:

— נו?...

— מען מוז רופן א דאָקטער!

סעפער האָט א ווײַלע געשוויגן. א שטומער צער האָט ארויסגעקוקט פון די מידע אויסגעלאָשענע אויגן זיינע. זיך דערמאָנט אין דער הייליקער טערעסיטאַ, די קוראַנדעראַ פון שטעטל, וואָס האָט אים אמאָל גע־ראַטעוועט, אים אויסגעפּרעגט וויפל יאָר ער איז אַלט און פארשריבן יע־דער וואָרט זיינס מיט א רויטן בלייפעדער. און ס'האָט געהאָלפן.. ער האָט אויסגעטרונקען די הייליקע גראָזן און אַלץ איז ווידער גוט געוואָרן. ער האָט ווידער א זאָג געטון:

— און דאָס גלעזערנע שטעקעלע, אדעלאַ, קען ניט צונעמען בא איר די היץ?

— ניין!

— וועלן מיר רופן די הייליקע טערעסיטאַ!

אפּדערנאָכט איז די ראַנטשע פול געוועזן מיט מענטשן, נאָענטע און פרעמדע, אָנגעטון אין טונקעלע מלבושים, באַלעבאַטיש צוגעקעמט די קעפּ און מיט שטומער דערוואַרטונג אין די גרויסע בליקן. א אימהדיקע גרוי־קייט האָט ארויסגעקוקט פון די טיפע ווינקלען אין ראַנטשע און א טיפע שרעק. צוקאָפּנס דער קראַנקער, אונטער אַן אַלטער שטיינערנער איקאָנע, א באַזעצטע מיט פליגן פינטעלעך און מיט גרויען שטויב, זיינען אַף א

נאַכט־טישל צוויי גרויסע, געלע וואַקסענע ליכט געשטאַנען און געהאַלטן אין איין טריפן, צאַנקען און פאַרשפרייטן אַ שווערן, שטיקנדיקן ריח, צוגעבנדיק דער אַלטערס שוואַרץ־גרוי פנים, דעם באַדעקטן מיט שווייס און מיט יסורים, אַן אויסזען פון אַ גוסס...

די אַלטע האָט שווער געקרעכצט. דער גרויער, שווער געוואָרענער קאָפּ אירער האָט זיך געוואַלגערט אַף דעם קויטיקן קישעלע פון וואָל, ווי אַן אָפּגעהאַקטער פונעם גוף. אין ראַנטשע איז געווען היים. פון די טיפע לעכער אין די שוואַרצע ווענט פון בלאָטע, האָט געזעצט אַ געדיכטע פּאַרע, אַן אָנגענומענע מיט ריחות פון שימל און פון צעפוילטע גראָזן, פאַרשימלטע בינטלעך געבענטשטע גראָזן, דורכגעוועבטע מיט טויטע שפּינען און מיט פליגן, האָבן געהאַנגען אַף דער סאַמע מיט פון סטעליע, די אויסגעהוילטע און שוואַרץ פאַררייכערטע, אַ קיילעכדיקע, אַ טיפע, ווי אַ שוואַרצע איבערגעקערטע שיסל.

דאָניאַ פעפּי מיטן פרומען פנים פון אַ וועלט־פאַרזאָרגערן, האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון דער אַלטערס פנים און איר דערלאַנגט אַ זופּ טאָן אַביסל קאַלטן בילז פון אַ פלעשעלע. ווידער אַ קוק געטון צו דער טיר, אַף עמעצן געוואַרט. סעפּער איז געזעסן צוקאָפּנס דעם ווייב און שטום געקוקט צו דער טיר. אין דעם האָט אַ ווייסע שיין אַ בלענד געטון און בעאַטריס, די יונגע טוריסטקע, איז שטיין געבליבן אַף דער שוועל. אָנגעטון אין אַ ווייס ברייט קלייד, מיט ווייסע שיך אַף די באָרוועסע פיס. פרישקייט האָט פון איר געווייעט און דערוואַרטונג. פון בלייכן פנים, דעם פאַרטראַכטן, פון הויכן ברוינעם האַלדז, פון די לאַנגע, אומרואיקע אַנטבלויזטע הענט, האָט זיך אַרויסגעפילט אַ שטילער מיידלשער צער, אַ מוראדיקע בענקשאַפט.

פעפּי האָט זיך אויסגעגלייכט. איר פנים האָט אויסגעדריקט פאַרשפּיצטע פרייד און קינאה... זי האָט אַ טראַכט געטון:

— באַלד וועט דאָ עפּעס געשען!...

זי האָט אַ קוק געטון צו טיטאַן, צווייטייטיק געשמייכלט. טיטאַ האָט זיך אַרויסגערוקט פון איר באַהעלטעניש און מיט קעצישער עלאַסטישקייט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן מיידל. דאָס מיידל האָט אַ ציטער געטון, האָט געמאַכט אַ שפּאַן נענטער צו דער קראַנקער און צעשטרייט געקוקט אַף די געסט, געפילט אַף זיך די צווייטייטיקע בליקן זייערע.

— דעם דאָקטער האָב איך אַהער גערופן! — האָט זי אויסגערופן אין אַן אויפגערעגטן טאָן און צונויפגעפלאָכטן ביידע הענט באַ זיך אַף דער ברוסט — אָט, באַלד, וועט ער קומען...

אין ראַנטשע האָט זיך אַ רודער געטון. אַלעמענס בליקן זיינען געוואָרן ברייטער און אָנגענומענע מיט אַ מאָדנעם ערנסט און מיט דערוואַרטונג.

אין דעם איז דער דאָקטער אַריינגעקומען. נאָך אים — לוקע און

אויך איידל. ער האָט אַ פּיר געטון מיט די שוואַרצע, צעשמייכלטע אויגן איבער דער ראַנטשע און מיט איין שפּאַן אַנגעשפּאַרט באַם בעטל:

— אַ גוטן אָוונט, דאָן סעפּער! — האָט ער זיך ברייט צעשמייכלט און דערלאַנגט דעם אַלטן די האַנט — אַט וועלן מיר אַ קוק טאָן וואָס די דאָניאַ אינעם מאַכט...

ער האָט איר אויסגעקלאַפּט דאָס האַרץ און די פּלייצעס, זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו יעדן אָטעם-צוג און געהאַט דערביי אַן ערנסט פּנים. נאָך ערנסטער איז ער געוואָרן, ווען ער האָט איר היץ געפּרואווט. אַריבער פּערציק האָט ווידער דער טערמאָמעטער אָנגעצייגן. ער האָט פאַרשריבן אַ מעדיצין און איז אַוועק. איידל איז אים נאָכגעלאָפן און געפרעגט:

— וואָס איז איר?

דער דאָקטער האָט אַ לאַך געטון:

— אירע לונגען ברענען, היינט אָדער מאָרגן גייט זי אַ גאַנג!...

ער האָט זיך פאַרטראַכט, איינגעשטאָכן די שוואַרצע אויגן אין דער אַרומיקער בלויקייט און אומזיכער מיט די אַקסלען געצוינגן, צוגעבנדיק מיט אַ שמייכל:

— די באַרג-מענטשן זיינען שטאַרק ווי דעמב. אַ סך מאָל לאַכן זיי זיך אויס פון אונדזער פּעסטשטעלונג...

אין ראַנטשע האָט ווידער אויפגעלעבט. די געסט האָבן גערעדט אַלע מיטאַמאָל, זיך געשפּאַרט. דאָניאַ פּעפּי האָט געהאַט אַ פּנים פון אַ נעדונגענעם היטער, זי האָט געטענהט צו לוקען און דערביי געשמייכלט צווייז־דייטיק:

— זאָלסט זיך ניט ערגערן, לוקע, איך וועל שוין זען אַז די מאַמע זאָל באַהאַנדלט ווערן גוט...

בעאַטרים איז אַליין געשטאַנען באַ דער טיר. אומרו און שרעק האָבן אויסגעדריקט די אויגן אירע. האָט אומרואיק געדרייט דעם שפּיץ פון דער פאַטשיילע וואָס זי האָט געטראָגן אַרום האַלדז. אַלע אברים אירע זיינען אַרומגעכאַפּט געווען פון אַן אינערלעכן צאַפּל. אינגאַנצן אַן אויפגעצאַפּלטע, מיט באַהאַלטענעם חוזק אין די אויגן האָט זיך טיטאַ צוגערוקט צו איר און אויסגערופן מיט אַן איבערגעטריבענער פרומקייט אַף דעם פּנים:

— מיט וואָס, פריילן, קען איך אייך דינען?... אפשר זאָל איך אייך באַשטעלן באַם דאָן לוקע אַ פערדל אַף מאָרגן?...

זי האָט אויסגעמיטן אַ קוק צו טאָן צום שוואָגער, מורא געהאַט. בעאַטרים האָט באַקומען גרויסע פאַרצווייפלטע אויגן און אַ טויטע בלייכקייט האָט באַדעקט דאָס פאַרשעמט-געוואָרענע פּנים אירס. זי האָט אַן אומבאַהאָלפענעם קוק געטון אַרום זיך און קיין כוח ניט געהאַט אַ וואָרט אַרויסצוריידן. טיטאַ האָט אַ כאַפּ געטון אַ צעבראָכן שטרויען בענקל וואָס

איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, אַ באַהאַנגענם מיט שמאַטעס און מיט דעם אַלטנס רעקלעך און דאָס צוגעטראָגן דעם מיידל :

— זיצט...

בעאַטרים האָט געפּאָלגט. דאָס בענקל האָט אַ קרעכץ געטון און זיך אונטערגעגעבן דער שווערער מאַסע, בלייבנדיק צעפּלעטשט מיט צע־נומענע פיסלעך אַף אַרויף. אויך בעאַטרים איז זיצן געבליבן אַף דער ערד מיט אומבאַהאָלפענע אויסגעשפּרייטע הענט און פיס, ווי אַ קינד באַם שפּילן אין נים.

טיטאַ האָט ספּאָנטאַן אַ פּאַטש געטון מיטביידע הענט אין דער לופטן און אַרויסגעלאָזט אַ דין געלעכטערל, אַ פריידיקס און אַ געזעטיקטס אין נקמה.

לוקע האָט אַף איר אַ שטומען קוק געטון, אַ דראָענדיקן. טיטאַ איז געוואָרן בלייך. זי האָט זיך אָוועקגעזעצט אַף אַ לאַנגער באַנק צווישן די געסט. נאָר בעאַטרים איז געווען בלייך און צערודערט. אַליין אָן קיינעמס הילף אויפגעשפּרונגען פון אָרט, אָפּגעטרייסלט דעם שטויב פון קלייד און מיט אַ קרענקלעכער רויטקייט אַף דעם פּנים, פאַרשעמט און הילפלאָז אַ שמייכל געטון...

סעפערם עלצטע טאָכטער איז געקומען. אַ פרוי פון אַ יאָר זעכציק, מיט אַ שוואַרץ קליין פּנים און מיט אַ גאַוהדיק צונויפגעשנירעוועט פיסקל. צונויפגעצויגן די דינע חשובע קנייטשעלעך אונטער די אויגן און מיט אַ מינע פון אַ גרויסער דאַמע צוגעגאַנגען צום בעט. לאַנג געקוקט אַף דער קראַנקער און זיך געווענדעט צום ברודער:

— וואָס האָט געזאָגט דער דאָקטער?

— גאָרניט, פאַרשריבן אַ מעדיצין און געהייסן צולייגן הייסע קאָמ־פּרעסן פון ליאָן־מעל צום האַרץ און צו די פּלייצעס.

לוקע האָט באַקומען אַ פאַרכמאַרעט פּנים, אָן אומצופרידנס. ווידער האָט דער אַלטער כעס צו דער שוועסטער אויפגעטויכט אין אים:

— זי האַלט זיך גרויס, רימט זיך מיט די צוויי געקערנטע זין, וואָס וואוינען אין דער גרויסער שטאָט און איז צופרידן מיט דעם אייגענעם לעבן, ווייל דער מאַן האָט אַ טייערן אויטאָ געקויפט און אויסגעבויט צוויי שיינע שטיבער אַף דעם שטיק באַרג וואָס דער טאַטע האָט איר אַלס נדן געגעבן.

די שוועסטער האָט אויסגעמיטן זיינע בליקן און צוגעגעבן מיט ווירדע צו זיך אַליין:

— נו, גוט! אויב ס'איז נויטיק אַ פּאָר פּעזעס, קום, פאָר צו מיט מיר, מיין מאַן וועט דיר שוין געבן די נייטיקע סומע...

זי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו אים און זיך געווענדעט צו דער שוועגערן:

— וואָס הערט זיך באַ דיר, טיטאַ? געהערט, אַז דער יונגער האָן דיינער שפּרינגט שוין אַף די הינער?...

טיטאַ האָט אויפגעפלאַמט. דער כעס און דער אומצוטרוי צו דער שוועגערן איז אַפּגעגאַנגען: — יאָ! — האָט זי אַ פּרעכן לאָך געטון — דער האָן מיינער וואַקסט אַ גרויסער בריה, אַף זריעה וועל איך אים האַלטן...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַ קוק געטון צו בעאַטריסן, שטום געחוזקט. דאָס מיידל האָט געמאַכט אַ זויערע גרימאַסע. קענטיק געווען, אַז טיטאַ האָט ניט אויסגענומען מיט אירע טענות. טיטאַ האָט זיך צו־געבויגן צום מיידל און מיט ווילדער הנאה, כדי זי איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַרויסטרייבן פון ראַנטשע, ווידער אַ זאָג געטון:

— מיר, די באַרג-ווייבער זיינען צו אַלץ פעיק. מיר לעבן זיך אויס פריי, פּונקט ווי די הינער, ווי די שקאָפּעס, די אייזלען... בראָוו זיינען מיר אַפילו באַם געבוירן די קינדער אונדזערע...

דאָניאַ פּעפּי איז איר געקומען צוהילף, אָנגעזעצט מיט ביידע הענט אַף די קליבעס, האָט זי זיך אַ צעהוידע געטון און געשטשירעט מיט די צעפּוילטע ציין גלייך בעאַטריסן אין פּנים:

— די ווייבער פון דער גרויסער שטאָט, זיי טויגן צו גאָרניט... די מענער גיבן זיי נאָך אַלע משוגעתן, זיי געבוירן די קינדער אין סאַנאַטאָ־ריומס!... קינדער האָבן זיי — האָט פּעפּי אַ גאַליקן לאָך געטון — אויס־געוויקטע פּישלעך!...

בעאַטריס האָט געפילט אַף זיך אַלעמענס חוזק בליקן און זי האָט זיך מער באַהערשן ניט געקענט. זיך אַ ריס געטון און אויסגעשטרעקט די ציטערדיקע הענט אירע צו לוקען, אַ פליסטער געטון דורך טרערן:

— פירט מיך, דאָן לוקע, אַרויס פונדאַנען!... ס'איז שפּעט...

ער האָט אַ קנייטש געטון דעם שטערן און גאַוווהדיק געקוקט אַרום זיך; לוקע האָט געפילט, אַז ער איז מעכטיק, האָט באַהערשט בעאַטריסן און געוואונען די אָנערקענונג פון אַלע באַרג-ווייבער... זיי ווייסן, ווער אַזוינס ער איז... ער האָט זי אַ נעם געטון פאַר אַ האַנט און שלאַבערדיק, פויל, ווי איינער וואָס איז מיד פון אַ שווערן טאָג אַרבעט, זי אַרויסגעפירט פון ראַנטשע.

— ניט באַדאַרפט, בעאַטריס, קומען אַהער! — האָט לוקע אַ זאָג געטון מיט פאָרוואורף.

ער האָט זיך פאַרשטעקט מיט איר הינטער אַ שווערן, צעוואַקסענעם קאַקטוס-בוים און אַריינגענומען איר קאָפּ אין זיינע הענט. בעאַטריס האָט געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן, דאָס בלייכע, צערודערטע פּנים אירס האָט זיך געטונקלט אַנטקעגן דער גרויסער, רויטער לבנה, וואָס האָט ווי אַ גרויס שטיק פייער אין ווייסן הימלישן האַרץ געשטעקט. טרערן האָבן לאַנגזאַם געגרונען איבער אירע באַקן און איר צוגעגעבן אַ מעלאַנכאָלישע שיינקייט. לוקע האָט זי אָנגעקוקט און זיך דערשראָקן...

פון די אַרומיקע טונקעלע ווינקלען האָט אַ גרויע אומבאַשטימטקייט אַ ווייע געטון אַף זיי. אַ קילער ווינט, אָן אָנגענומענער מיט פרישע ריחות

פון פייגן און פון ווילדע טייטלען. בעאַטרים האָט זיך אַ בייג געטון צו לוקען, זיך איינגאַנצן באַהאַלטן אין זיינע אָרעמס. ער האָט זי געגלעט איבער די אַקסלען, געצויגן און אַ צווויידייטיקן לאַך געטון:

— אויב דו ווילסט דווקא... קום צו גיין באַנאַכט... איך וועל וואַרטן אַף דיר הינטער דער ראַנטשע...

— איך קען ניט אַזוי, לוק... — האָט זי אים אַריינגערעדט אין פּנים, — דו באַליידיקסט מיך צופיל...

— וואָס, בעאַטרים, ווילסטו פון מיר?.. אַלע טוען דאָס אייגענע און מען מאַכט זיך ניט נאַריש... צוליב דעם קומט איר דאָך צווישן די בערג...

זי האָט קיין וואָרט ניט געענטפערט. אַ שטילע און אַ מאַכטלאָזע, אַ דערשלאָגענע, זיך אָפּגערוקט פון אים. צוגעשפּאַרט די פּלייצע צו אַ בוים און איינגאַנצן אַ פאַרלוירענע, מיט אַ דורכזיכטיק בלייך פּנים, פון איינעם וואָס פּאַסט און מיט פאַרנעפּלטע, מידע אויגן, שטום אין הימל אַריין געקוקט, עפּעס געבעטן אין יענע ווייטע, בלויע הויכקייטן...

לוקע האָט זי ניט פאַרשטאַנען. זי איז אים געוואָרן אַ לאַסט. די באַרג־ווייבער האָבן אים קיין שום יסורים ניט פאַרשאַפט, ניט געזוכט צו רויבן זיין פרייהייט... ער האָט איינגעשטאָכן אין איר די שוואַרצע, ברע־נעדיקע אויגן זיינע, אויפגעהויבן די אַקסלען, ווי ער וואָלט זיך געגרייט צו פאַרפירן אַ געשלעג און אַ בייזן צישע געטון:

— אַ געהעריקער זכר ווייסט נאָך וואָס ער איז באַשאַפן געוואָרן... ער וועט דאָס זייניקע אָפּנעמען!...

ס'איז אָנגעקומען אַנבעל. זיך שיכור אַף די פיס געהוידעט און ניט באַמערקט לוקען מיט זיין מיידל. ער איז צוגעגאַנגען צו איידלס ראַנטשע און מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם צוגעליגט דעם רעכטן אויער צו דער פאַר־שלאָסענער טיר. ער האָט אַ שיכורן שטאַמל געטון:

— לוקע איז אַ מאַנסביל... ער האָט פאַרצוקט אַ יונג הינדעלע... און די... אָ!... אַן אַלטע הון און לאָזט זיך נאָך בעטן...

ער האָט זיך אויסגעגלייכט און אַוועק צו זיין ראַנטשע, טראַכטנדיק פאַרביטערט:

— די ווייבער זיינען אַ סך מאָל די אומפאַרשטענדלעכסטע חיה־לעך... ווען זיי פאַרעקשנען זיך, קען אַ מאַנסביל אויסגיין פון באַגערן און זיי — גלייך ווי גאָרניט...

.7

עטלעכע טעג זיינען אַריבער, זיך פאַרבייגעשלייכט שטילע און מאָ־נאָטאָנע, איינגעוועבטע אין אַ צעשמייכלטער גרינקייט און העלער זון און טרוקן באַשמעקטע זומער ווינטן. זיך געצויגן לאַנגזאַם און מאָנאָטאָן, ווי פוילע אייזלען באַלאָדענע מיט שווערער, אָדער ניט צוגעוואוינטער משא.

אויך פֿאַר איידלען זיינען די לעצטע עטלעכע טעג אַ לאַסט געוואָרן. אַ מאָדנע אומבאַשטימטקייט, אַן עלנט מיט גרויען אומעט פֿון אַלע אירע אבֿרים אַרויסגעשריען, עפּעס געוואָרנט... געהייסן זאָרגן פֿאַר דעם קיום פֿון ווייטערדיקן לעבן... איידל האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט אויסצופֿאָלגן די געפֿילן אירע און ווידער, נאָך מיט מער עקשנות, מיט אומגעדולד געוואַרט מען זאָל איר ברענגען דאָס מאַשינדל, וואָס זי האָט געקויפֿט.

די אומרו, די שרעק, אַז אָט באַלד וועט זי בלייבן אָן געלט, די פּאָר פֿאַרבליבענע פּעזעס לאָזן זיך שווין אויס און ס'וועט ניט זיין צום באַצאָלן דעם רעשט פֿאַר דער מאַשין, האָבן אַף איר אַרויפֿגעלייגט אַ שטומען חותם, אַ טיפֿע זאָרג.

אויך די בערג אַרום אַלטנס ראַנטשע האָבן אויסגעזען שטום און מיט פֿאַרשלאָסענע ציין, אָנגעכמאַרעט און איבערגעצויגן מיט אימה. טעג גאַנצע און אויך אין די נעכט האָבן זיי אין סעפּערס ראַנטשע אַריינגעקוקט, געוואַרט אַף עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל, די בערג, פֿון גרויען שווייגן באַפֿרייען...

אויך איידל האָט געוואַרט, געוואָלט אַז די אַלטע אינעם זאָל געזונט ווערן. איינזאַם און אַליין האָט זי זיך געפֿילט. שאָען לאַנג געזעסן לעבן דער קראַנקער, אומגעגאַנגען צווישן די בערג אָדער זיך אויסבאַהאַלטן אין ראַנטשע. ערגער זיינען געווען די נעכט. זי האָט מער נישט געקענט, נישט געוואָלט, לאָזן אָפֿן די טיר. דער אַלטער האָט זי מער אין זינען ניט געהאַט. נעכט גאַנצע זיך געשטיקט פֿון היץ און פֿון טיפֿער, אינערלעכער פּיין. סעפּער ווידער, איז ווי שטענדיק, ווען אים באַפֿאַלט די אימה, די שרעק פֿאַר דעם טויט, טעג גאַנצע באַם ווייבס בעטל געזעסן, אַ געבוירגענער און אַ בייזער, צו קיינעם פֿון די שטוביקע קיין קוק ניט געטון און מיט זיי קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. נאָר פֿון איין זאַך איז דער מוח זיינער באַהערשט געווען, זיך געוואָלט דערטראַכטן: וואָס אַזוינס איז דער טויט? און פֿאַרוואָס ווערט דער מענטש אַזוי הילפֿלאָז און געבראָכן, ווען יענער גרויזאַמער שוואַרצער וואָלקן צעווייעט זיך איבער אים?...

אַ סך מאָל, ווען סעפּער האָט זיך פֿון טראַכטן אויפֿגעכאַפּט און דערזען ווי דאָס ווייב זיינס צאַפּלט פֿון היץ, אָדער פֿון טויטלעכער קעלט, איז אים אַ ווילדע פֿאַרצווייפֿלונג באַפֿאַלן און ער איז ווידער צו זיך געקומען. אָנגעכאַפּט די דאַרע, געלע הענט אירע און זיי געוואַרעמט מיט זיין אָטעם, זי דורכגענומען מיט די אויפֿגעבליצטע און באַפֿעלערישע אויגן זיינע, געבעטן, געפֿאָדערט:

— גיי נישט אַוועק פֿון מיר, אַלטע!... אַף וועמען וועסטו מיך איבערלאָזן?...

אין אַזוינע מינוטן, ווען איידל איז געווען בײַ זיי אין ראַנטשע, איז דאָס האַרץ אירס מיט אַ גרעניצלאָזן רחמנות אָנגעפֿילט געוואָרן און מיט אַן איבערמענטשלעכער ליבשאַפֿט, מיט אַחריות...

אויך די אַלטע האָט זיך געראַנגלט מיט דער קראַנקייט. שטיל אויס־

געפּאָלגט דעם דאָקטערס באַפעלן און צום ערשטן מאָל אין איר לעבן, דערלויבט מען זאָל איר שטעלן עטלעכע אינזשעקציעס. אינעם איז ווידער צו זיך געקומען. ערשט מיט צען טעג נאָך דעם קראַנק ווערן, האָבן זי ביידע זין, לוקע מיט לינדערן, ווידער אַרויסגעפירט פון דער ראַנטשע, זי באַקוועם אוועקגעזעצט אַף דער צעבראָכענער ווינגשטול אונטערן פייגן־בוים, וואו זי האָט מיט סעפערן יאָרן לאַנג פאַרבראַכט באַם טרינקען די מאַטע. דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער און אַ געמיטלעך צעשמייכלטער. רויטע מעסערדיקע זון־שפּיצן זיינען חנעוודיק איבער די בערג אומגע־שוואומען, זיי געקיצלט איבער די אויפגעהויבענע קעפּ, די באַלאָדענע מיט דערלייזונג און מיט ניצחון.

אויך דער אַלטער ווייס־גרויער קאָפּ האָט אַ רעד געטון מיט ניצחון... זי האָט אים מאַיעסטעטיש אויפגעהויבן און דאָס ווילדע אויפגעשווידער־טע בעלמע אייגל אירס, האָט מיט באַנייטער עקשנות אַ לויער געטון אי־בער די בערג. לינדער האָט זיך אוועקגעזעצט אין גראָז לעבן דער מאַמעס פיס, פאַרביסן פאַר זיך געקוקט. זינט יענעם טאָג, ווען דער טאַטע האָט אים הינטערן פענצטער פון איידלס ראַנטשע באַמערקט און אים אַ דראָע געטון, איז לינדער נאָך בייזער געוואָרן און אומצוטרוילעכער... באַלד די בליקן אַף דעם ברודער אָנגעשטעלט, אים אָפּגעגאָסן מיט אַ פרעמדער קאַלטקייט און מיט ביטול... לוקע האָט אינסטינקטיוו די אויגן אַראָפּגע־לאָזט און מיט אַן עטוואָס געבויגענעם קאָפּ אַוועק אין קיך און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ פרישער מאַטע אין די הענט, זי געטריי דער מאַמען דערלאַנגט און מיט אַ זאַנפטן שמייכל אַרום די תאַווהדיקע מויל־ווינקלען, אַריינגעטענהט אין איר פּנים, דעם גרינעם און באַדעקטן מיט ברייטע קנייטשן און אין געזונטן אויג, דעם שוואַרצן און עטוואָס דערשראָקענעם:

— בעאַטרים, מוטער, האָט אייך געלאָזט גריסן... זי האָט דעם דאָק־טער אַהערגעשיקט און מיר זיינען איר שולדיק אַ דאַנק...

די אַלטע האָט אַ זופּ געטון און אויסגערופן שוואַך :

— אַ טייער קינד, איז די בעאַטרים... איך האָב איר ליב!.. נאָר ניט דעם דאָקטערס רפואות האָבן מיך געראַטעוועט... די געבענטשטע, די הייליקע גראָזן, מיין זון, האָבן מיר דעם לעבן אומגעקערט... דער בילז וואָס איך האָב געטרונקען...

זי האָט זיך אָפּגערוט און אַ שווערן זיפץ געטון, אָנגענומען לוקעס רעכטע האַנט און זי מיט ליבשאַפט אומגעפירט באַ זיך אַף דעם פּנים:

— דער פאָטער דיינער, האָט מיך שטאַרבן ניט געלאָזט — האָט זי אינגאַנצן אַ געריטע צוגעגעבן — גאָט האָט זיין געבעט אויפגענומען...

סעפער איז פון שטעטל אָנגעקומען, אַן אויסגעפּוצטער אין שוואַרצן הוט, אַ באַפּינטלטער מיט ווייסע פלעקן פון קאַלך און מיט נייע לאַטעס אַף די ווייסע ברינענע הויזן. דערזען דאָס ווייב מיט די קינדער אונטערן פייגן־בוים, האָט אין אים אַ פרייד אויפגעוויכט. ער איז צוגעגאַנגען צו זיי און מיט אַ צופרידענעם שמייכל אַפן פּנים אויסגערופן:

— געבענטשט וועלן זיין די קינדער, וואָס פאַרלאָזן ניט, פאַרשע־מען ניט די אַלטע טאַטע־מאַמע זייערע...

אַ גרויּ וואָלקנדל האָט פּלוצים אַ שוועב געטון צווישן די צונויפגע־צויגענע ברעמען זיינע, די ערנסטע און שטייפע. די אויגן, ווארעמע, גע־טרייע האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַף לינדערן און באַלד אַף לוקען... די פרייד אין אים איז מיטאמאָל אָפּגעפאַלן... ער האָט ארויסגעצויגן פון אונטער דער פּאָלע אַ צעוואָרפן בלוי שטיק ציץ און דאָס אוועקגעלייגט באַם ווייב אַפן פאָדעליק:

— נעם צו, אינעס, — האָט ער מיט אַ פאַרשעמטן בחורישן שמייכל אַרום דעם אומרואיק געוואָרענעם מויל אַן אָפּגעהאַקטן זאָג געטון — ועסט געבן אַדעלאַן, וועט זי דיר אויפנייען אַ קלייד... ס'וועט דיר פּאַסן...

סעפּער האָט צו לוקען אַ קוק געטון און אויסגערופן מיט אַ האַרט־קייט אין קול:

— קום לוקע צו דער אַרבעט... ס'איז שוין צייט עפּעס צו פאַר־דינען...

טאַטע און זון זיינען שווייגנדיק אוועק הינטער דער ראַנטשע. דאָרטן איז צווישן אַ הויפן שטיינער אָנגעוואָרפן געווען צענדליקער קילאָ באָב. צוגעוועלקטער פון צופיל ליגן אין די זעק.

זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דעם גראָז און זיך צו דער אַרבעט גענומען. סעפּער האָט צונויפגעשאַרט יעדער שטיקל באָב, ווי ס'וואָלט גע־ווען גאָלד. ווי געטון האָט אים וואָס צוליב דעם ווייבס קראַנק ווערן און אויך, ווייל ער מוז זי איצט גוט צוזען, האָט ער ניט געקענט גיין צווישן די ווייטע בערג־ווינקלען קלייבן דעם באָב; דאָס האָבן די זין און אויך טיטאַ די אַרבעט געטון, יעדן פאַרנאַכט, איניינעם מיט צענדליקער געביר־טיקע, געקלעטערט אַף די בערג און אים אָנגעקליבן, דעם באָב.

לוקע ווידער איז געווען פאַרביטערט, די אַרבעט איז אים ניט איינ־געגאַנגען. ער האָט די אויגן אַף דעם אַלטן אָנגעשטעלט און פויל, אָן חשק אַ זייע געטון צווישן די ציין:

— די באַרג־מענטשן, פאָטער, זיינען שלעכטע סוחרים. לויפן איי־נער פאַר דעם אַנדערן, קאָנקורירן, פירן אוועק דעם באָב צו די גרויסע אויפקויפער, מאַכן זיי רייך...

סעפּער האָט אַ וויש געטון דעם שווייס פון שטערן און זיך פאַר־טראַכט. אַ וואַרעמע ליכטיקייט איז פּלוצים אויפגעגאַנגען אין זיינע אויגן. ער האָט זיך ווידער צו דער אַרבעט גענומען און געטענהט:

— האָסט רעכט לוקע, די אויסלענדער זיינען שוין משוגע פון חוצפּה... מיר וועלן זיי אונדזער סחורה ניט צוּוואַרפן... צעשנייד דעם באָב און טריקן אים אויס. ווינטער וועלן מיר פאַר אים נעמען אַ גוטן פרייז...

שפּעטער איז לוקע געשטאַנען לעבן אַ גרויסן טיש און געשניטן דעם באָב. טיטאַ איז געשטאַנען אַנטקעגן אים. די שוואַרצע צעפּ זיינען

חוצפּהדיק און שעלמיש אַף אירע שטייפע, כמעט מיידלשע בריסטן געלעגן און צוגעוואונקען צו לוקען. זי האָט געשניטן דעם באָב גיך, ווי מען בראָקט לאָקשן און מיט אַ געצווימט געמיט געקוקט אַף די אומרואיקע פינגער אירע וואָס האָבן זיך קראַמפּהאַפט אַרום שטיל פון מעסער געוויקלט. טיטאַ איז ווידער שווער געוואָרן איר לעבן. די לעצטע עטלעכע טעג, ווען די שוויגער איז געווען קראַנק און זי האָט געמוזט אומגיין אַרום איר, איז איר אָנגעקומען גרינגער צו זיין לעבן לוקען און קיינער פון די שטוביקע האָט איר מער ניט נאָכגעקוקט... איצט האָט זי געוואוסט וועט דער שווער ווידער צו זיך קומען, וועט זי ניט לאָזן רוען...

דער אַלטער איז טאַקע צוגעקומען. אַ קלוגע פאַרביסנקייט און חשד האָט געשוועבט אַרום זיינע אויגן...

ער האָט אַראָפּגעשאַרט אין אַ שטרויען קיישל אַריין דעם צעשניטענעם באָב און אים געטריי אויסגעלייגט אונטער דער זון, אַף צוויי לאַנגע פּירקאַנטיקע שטיינער ווי די מצבות.

טיטאַ האָט אַ קוק געטון אַף דעם אַלטנס פּלייצע, פון וועלכער עס האָט געוויינט מיט קאַלטקייט און מיט ווירדע. זי האָט אַ ציטער געטון און אינסטינקטיוו איבערגעטראָגן די בליקן צו לוקען, לאַנג און פול מיט געבעט זיינען זיי געשטאַנען אַף זיין פּנים, דעם שטרענגן און שטומען...

אין דעם איז אָנגעקומען דער שכן, דאָן אַנכעל. ער האָט אַ צעשטרייטן קוק געטון אַרום זיך, מידע גרויקייט האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע שיכורע אויגן:

— דו ווייסט, לוקע, — האָט ער זיך ספּאָנטאַן אָנגערופן און שטיין געבליבן באַם טיש מיט ביידע הענט אין די הויזן קעשענעס — איך האָב נעכטן אָפּדערנאַכט באַגענט הינטערן שטעטל, די קונהטע דיינע, די בעאַטריס... איך האָב זי געוואָלט אַרויפנעמען אַף דעם אויטאָ, זי אָפּפירן אין האָטעל. האָט זי ניט געוואָלט, איז געוואָרן ברוגז...

לוקאַ האָט צופרידן געשמייכלט און אים דורכגענומען מיט אַ פרעכן בליק. אַנכעל איז געוואָרן ערנסט. די מענערישע „ווירדע" זיינע האָט געליטן. ער האָט אַ צערונענעם שמייכל געטון און צוגעגעבן מיט ביטול:

— נאָר אַף אייזלען, זאָגט זי מיר, האָט זי ליב צו רייטן... איך וואָלט איר אויך צוגעשטעלט דעם בעסטן אייזל פון צווישן די בערג... וויל זי ווידער ניט: לוקע וועט זי שוין אומעטום אַרומפירן!...

טיטאַ האָט באַקומען אַ פינצטער פּנים. צוויי פייערלעך האָבן אויפגעבליצט אין די אויגן אירע, זי האָט טיפער דעם קאָפּ איבערן טיש געבויגן און שטיל אַ צישע געטון:

— ווי די קעץ, לויפן זיי דאָ אום, די טוריסטקעס!... די גאַנצע וועלט וואָלטן זיי פאַרשלונגען!...

לוקע האָט ניט געוואָלט אויסגעבן זיך פאַר דעם שכן, אים איז ניט אָנגעשטאַנען צו דערציילן, אַז ער קען בעאַטריסן נאָך פון קינדווייז... ווייסט, אַז זי איז אַ קיילעכיקע יתומה און האָט זיך דערצויגן באַ איר

מאַמעס אַן עלטערער שוועסטער, אַ פּאַרזעסענע מויד און אַ דירעקטאָרן פון אַ שול. ער האָט ליבערשט געוואָלט שפּילן די ראָל פון דעם געראָטענעם מאַנסביל, וואָס האָט צוגעצויגן צו זיך די שענסטע טוריסטקע פונעם נאָענטן האָטעל, וואוהין ער קומט אַרײַן אַלע טאָג, זוכט דאָרטן צו פאַרדינען אַ פּאָר פּעזעס...

שכנים אָבער האָבן געוואוסט און דערציילט: די אַלטע מויד האָט ליב געהאַט בעאַטריסן און דאָך געווען שטרענג צו איר, אײַפערזיכטיק... מיט דער קינאה פון אַ דערפּאָלגלאָזער פרוי... זי האָט בעאַטריסן קיינמאָל פון אויג ניט אָפּגעלאָזט. וואָס עלטער דאָס מיידל איז געוואָרן, אַלץ שטרענגער און פאַרביסענער האָט איר די מומע נאָכגעקוקט. אַלע זומער, אין דער צייט פון וואַקאַציעס, איז די מומע מיט דער פּלימעניצע געקומען אין די קאָרדאָבער בערג. זי האָט ניט געלאָזט, אַז בעאַטריס זאָל זיך שפּילן מיט די אָרעמע קינדער פון צווישן די בערג, ניט דערלאָזט זי זאָל חלילה פאַרפלעקן די ווייסע קראָכמאַלעטע פאַרטעכלעך, וואָס די מומע אַליין האָט געפּרעסט...

שפּעטער, ווען בעאַטריס איז געוואָרן עלטער, האָט זי זיך אַ סך מאָל צעקריגט מיט דער מומען און אַוועק צו די נאָענטע שכנים אַרום האָטעל, וואו זיי זײַנען אײַנגעשטאַנען, און געוויינט. זיך באַקלאָגט, אַז די מומע איז נעווראַסטעניש; לאָזט ניט, אַז זי, בעאַטריס, זאָל שפּילן אין פאַנדעס מיט די יונגע סטודענטן און וויל ניט זי זאָל אַרויספאָרן מיט זיי שפּאַצירן צווישן די בערג...

נאָך אַזוינע רוגזן, פלעגט די מומע אומגיין ווי אַ שאָטן, צו קיינעם קיין וואָרט ניט ריידן און אויך ניט זאָגן קיין דעות דער פּלימעניצע... בעאַטריס האָט אָבער מורא געהאַט פאַר דער מומעס שווייגן און מער קיין שום פּריווילעגיעס ניט פאַרלאַנגט פון איר... אויך זײַנען אומגעאַנגען קלאַנגען: בעאַטריס איז די אומגעזעצלעכע טאָכטער פון יענער שטרענגער, פאַרביטערטער „מויד”... דער פאַמיליען „יחוס”, די ווירדע, דער ווייטיק פון אַן אָפּגענאַרטער פרוי, די אייגענע פּחדנות פאַר דער אַרומיקער סביבה, וואָס וועט זי פאַרפאָלגן. דאָס אַלץ האָט זי געוויסלעך דערשיטערט און ניט דערלאָזט אויסצוזאָגן דעם אמת...

יענעם זומער איז בעאַטריס דעם ערשטן מאָל אַוועקגעפאָרן אָן דער מומע. זי איז געווען קראַנק, די מומע. און איבערגעגעבן די יונגע, צעבליטע פּלימעניצע אין דעם רשות פון אַ גרופּע לערערנס, טאָקע פון איר שול. די ערשטע טעג, האָט בעאַטריס פאַרבראַכט מיט די לערערנס, שפּעטער אָבער, איז יעדע איינע פון זיי אַוועק זוכן נײַע פרײַנט און פאַרברענגעכצער...

בעאַטריס איז אַוועק צו לוקען. ער האָט געוואוסט די קאַפּריזן אירע נאָך פון אַלס קינד. דעמאָלט איז זי געווען אַ שוואַכע, אַ דערשראָקענע און אַן אומבאַהאָלפענע. באַם אומפירן זי שפּאַצירן אַף אַ קליין אייזל, האָט זיך בעאַטריס געשראָקן און לוקע האָט זי געמוזט אַרומהאַלטן פאַר

דער טאַליע און איר איינשמועסן מיט פאַרשידענע זיסע טרייסטווערטער, ניט מורא צו האָבן. ביסלעכווייז האָט זי זיך צוגעוואוינט צו אים, אים גערופן פּאַפּיטאָ, מיט דער גאַנצער בענקשאַפט נאָך דער השגחה פון אַ טאַטן, צו וועמען מען קען צוקלאָגן די פאַרביסענע, די בייזע מומע, האָט זי אָנגעהויבן בענקען נאָך אים, געוואַרט אַף דעם טאָג פון שפּאַציר, כדי צו פילן זיך פריי פון דער מומעס געטרייער קאַלטקייט וואָס איז איר געוואָרן אַ לאַסט.

דעם ערשטן מאָל האָט זי לוקע אין יענעם זומער אָנגעהויבן ארומפירן אַף אַ פערד. בעאַטריס האָט זיך געלאָזט לערנען רייטן און מיט דער גאַנצער פרייד פון פילן זיך פריי, דערלויבט ער זאָל זי אויפזועצן אַפן פערד, זי אָפּהיטן. זי האָט זיך געלאָזט אַרומפירן איבער אַלע איינזאַמע בארגווינקלען און שאָען־לאַנג פאַרגעסן, אַז מען מוז זיך צוריק אומקערן אין האָטעל, וואו מען האַלט, אַף איר אַן אויג... אינגאַנצן אַן אויפגעצאַפּלטע פון איר ערשטער דערוואַכונג, האָט זי לוקע מיט דער איינפאַכסטער באַרירונג, באַהערשט...

בעאַטריס אין איר גאַנצער פאַרטועַנקייט, האָט דאָך אין זינען געהאַט די מומע. געוואוסט, אַז מען דאַרף זי האַלטן ווייט פון דאַנען, אַז ניט וועט איבערגעריסן ווערן די באַגעגעניש מיט לוקען — די ערשטע פרייד פון אָפּגעבן זיך אַ מאַן — אָן שום רעכענונג, אָן מורא פאַר די פאָלגן... אַלע טאָג האָט זי געשריבן אַ בריוו צו דער מומען, דערציילט ווי זי בענקט נאָך איר... ווי ס'איז אומעטיק צווישן די בערג. די מומע ווידער האָט ניט געגלויבט, יעדער אומרואיק געשריבענער אות, האָט ארויסגערופן חשד און אויך שרעק...

לוקע האָט זיך געפילט זיכער. אַוודאי וועט בעאַטריס מיט קיין שום אַנדערן מאַן ניט פאַרברענגען... זאָל ער זיך פּרואוון, דער אַנבעל, זאָלן זיך אַלע פּרואוון... ער ווייסט נאָר ניט פאַרוואָס בעאַטריס ווייזט זיך ניט. און אפשר?...

ער האָט זיך געגעבן אַ גלייך אויס און זאַנפט געשמייכלט: נישקאָשע, די מאַמע איז ווידער געזונט, זי וועט מיט גרוים ליבשאַפט אויסהאָדעווען דאָס איניקל....

זיינע אויגן האָבן מיט תאווה און מיט שטאָלץ אַ לויער געטון אין יענע ווינקעלעך, וואו ער האָט אַ סך מאָל געטראָפן בעאַטריסן... ווי אַ פאַרכישופטע פלעגט זי אים נאָכגיין... די ווינקלען זיינען געשטאַנען פּוסטע און שטילע. לוקע איז געוואָרן אומעטיק. אַ שטומע אַנטוישונג האָט אַ ווייע געטון אַרום זיינע שוואַרצע, געדיכטע ברעמען, די צונויפגעצויגענע און בייזע... נאָך פאַרביסענער איז ער געוואָרן, ווען ער האָט באַמערקט, אַז די מומע מיט בעאַטריסן דערנעטערן זיך צום טויער. בעאַטריס האָט געטראָגן אַ ברוין וואָלן קלייד מיט לאַנגע אַרבל, אַ הויך ווייס קעלנערל און מיט טיפע פאַלדן פון אויבן ביז אַראָפּ. אויסגעזען האָט זי

בלייך און מוטלאז ווי א שול־מיידל וואס איז דורכגעפאלן בא די עק־זאמענס...

לוקע האט אפגעווישט די הענט אין פארטעך פון זאק און איז זיי אנטקעגן געגאנגען. זיך העפלעך א נויג געטון און דאס ערשטע דערלאנגט דער מומען א האנט:

— וואס מאכט איר, פריילן? און וואס מאכט דאס פריילן בעאטריס?

— האט ער רואיק און מיט פארוואונדערונג א פרעג געטון.

די מומע האט אים דערלאנגט די קאלטע שפיצן פון אירע פינגער און דערביי ניט ארויסגעלאזט די לינקע האנט פון אונטער בעאטריס ארעם. רואיק און ערנסט האבן די שווארצע, דורכדרינגלעכע אויגן אירע אפגע־מאסטן לוקען. בעאטריס איז געווען איבערטריבן ערנסט און פרום... זי האט געקוקט אף לוקען מיט א נאיוו קינדיש פנים, אן אומשולדיקס. די מומע האט געכאפט צו איר א זייטיקן קוק, אן אומצופרידנלעכן...

— מיט וואס, פריילן, קען איך אייך דינען?

— ברענגט ארײַן אין האטעל א פאר קילא טרוקענעם באב — האט די מומע קאלט געענטפערט און דאס פנים אירס, די גאנצע ברייטע צעוואקסנקייט, האט אויסגעדריקט מאיעסטעטישע ווירדע. זי האט שטיי־פער צוגעצויגן צו זיך די פלימעניצע און ווידער א קוק געטון צו לוקען:

— אלזא ביז שפעטער?

— ביז שפעטער, פריילן!

ער האט זיי ארויסבאגלייט צום וועג. בעאטריס האט אויסגעדרייט צו אים דאס פנים און א שטומען שמייכל געטון, א שמייכל פון צער און פון בענקשאפט, אן אנגענומענער מיט מיידלשן פחד...

— איר וועט ברענגען דעם באב, דאן לוקע? — האט זי אויסגע־רופן צעשטרייט — מארגן גאנצפרי פארן מיר אהיים...

ער האט איר שטום און פארלוירן נאכגעשאקלט מיטן קאפ.

לוקע איז צוריקגעגאנגען צו דער ארבעט. א פארלוירענער שמייכל האט געשוועבט ארום זיינע אומרואיקע מויל־ווינקלען. אנכעל האט אים א טארע געטון באם עלנבויגן און געלאכט:

— מען האט זי דיר צוגענומען, דאס געפעלט מיר!...

טיטא האט פרייער אפגעאטעמט. זיך אויסגעגלייכט און אריינגע־קוקט טיף אין לוקעס אויגן:

— זאלן זיי גיין פון דאנען, די פרעמדע!...

סעפער האט געהערט דער שנורס טענות און דער כעס אין אים האט זיך ווידער אויפגעהויבן. ער האט געזיפצט:

— זי וועט פארשעמען דעם יחוס מיינעם... א שלאנג איז דאס...

דער אלטער האט א קוק געטון צום זון און געשוויגן. לינדער האט זיך אויפגעהויבן פון גראז און איז אוועק הינטער דער ראנטשע, אהין צו זיין איינזאמען ווינקל. דארט איז געווען שטיל און גרין. דער בארג האט אויסגעזען ברייטער און גדלותדיקער. לינדער האט זיך אויסגעצויגן מיטן

פּנים אַרויף און די שטומע בליקן זיינע האָבן געלויערט אין אַלע ווינקע־לעך. אומרו און בייזקייט האָט געשריען אין זיין בלוט:

— וואָס אייגנטלעך דאַרף ער איר זאָגן? אַ? גאָרניט!... ער וויל נאָר זי זאָל וויסן, זאָל זי פאַרשטיין, אַז אים איז שווער געוואָרן דאָס לעבן... זאָל זי אים נאָר דערציילן דעם אמת...

אַף איידלען האָט לינדער געוואַרט. זי איז אָנגעקומען פון אַ זיי־טיקער סטעזשקע און געטראָגן פאַר זיך אַ גרויסן קאָרב מיט גרינעם באָב, וואָס זי האָט אַף די בערג אָנגעקליבן.

לינדער איז אויפגעשפּרונגען, איז איר אַנטקעגן געלאָפן. איידל האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים און צוטרוילעך געשמייכלט. ער האָט זי דורכגע־בויערט מיט אַ הייסן בליק. איידל האָט דערפילט שרעק. זי האָט געמאַכט אַ שפּאַן אַף צוריק און אים דערלאַנגט דעם קויש:

— נעמט דאָן לינדער, דעם באָב, דאָס האָב איך פאַר אייערטוועגן אָנגעקליבן.

ער האָט אַ צעמישטן קוק געטון אַף איר און קיין וואָרט ניט גע־קענט ריידן. לינדער האָט ניט געוואוסט וואָס אין אים קומט פאָר. איידל איז אַרויס פאָרויס און ער איז איר שטום נאָכגעגאַנגען...

דער אַלטער האָט דערפילט אומרו. געוואוסט, אַז די שכנה איז שוין לאַנג צווישן די בערג. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און די אויפגע־בליצטע אויגן זיינע זיינען ווי צוויי פּראָזשעקטאָרס אומגעלאָפן פון ווינקל צו ווינקל... דערזען פון וויטנס ווי לינדער טראָגט איר נאָך דעם קויש מיט באָב, האָט סעפער אַ ברייטן שמייכל געטון און איז זיי אַנטקעגן גע־גאַנגען, אַרויסגענומען דעם קויש באַם זון פון די הענט און אויסגעשיט דעם באָב אַפן טיש. דער טאַטע מיט די זין, אויך טיטאַ און אַנכעל האָבן געבויגן די קעפּ איבערן באָב און אים גוט באַטראַכט.

דער אַלטער האָט זיך געווענדעט צו איידלען וואָס איז געשטאַנען פון וויטנס:

— דער בעסטער קריאַזשע וועט ניט אויסגעפינען אַזאַ פעטן און צייטיקן באָב! איר זיינט, ווייזט אויס, איינגאַנצן אַן אונדזעריקע...

איידל האָט געזען די פרייד און די גאווה אַף זיין פּנים. געזען ווי די שטוביקע קוקן אַף איר מיט היימישקייט און מיט פאַרערונג און ווי־דער האָט דער באַגער צו בלייבן מיט זיי אַף שטענדיק, גובר געווען דעם פאַרלאַנג אוועקצופאָרן אין דער גרויסער שטאָט, פאָרן איידער עס לאָזן זיך איר אויס די פאָר פעזעס.

8.

קיין סך אָפּגעבן זיך מיטן דעם באָב האָט סעפער מיט זיינע זין שוין ניט געקענט. אין שטעטל האָט מען זיך געגרייט צו די וואַלן. די באַרג־מענטשן זיינען אומגעגאַנגען יאָנטעוודיקע און אָרומגעכאַפּטע פון

אַ טיפער פרייד, פון דערוואַרטונג. מיט אַ יאַנטעווודיק פּנים און אַן אויס־געפּוצטע אין נייעם ציצענעם קלייד, וואָס איידל האָט איר אויפגענייט איז די אַלטע אינעם באַשעפטיקט געווען באַם גרייטן זיך צום יום־טוב. אין אַ שטויסל פון שטיין האָט זי צעקלאַפּט אַביסל טרוקענעם באָקסער וואָס וואַקסט צווישן די בערג און געמאַכט פון אים אַזאַ געטראַנק. אַרום איר האָט אַ געדעמפּטע גרינקייט געדוט און אַן אָנגענומענע מיט צעריסענע שטיקער זון און מיט פרייד.

אויך סינפּאַראַסאַ, דאָן אַנכעלס ווייב, האָט זיך מיטבאַטייליקט אין דער פרייד. אַזאַ קליינע און אַ פּוקעט, ווי אַ גוט אויפגעגאַנגענע פּוטער־בולקע, האָט זי פון גאַנצפרי אָן זיסע לאַטקעס צו דער מאַטע געגרייט. געזעסן באַם פייער און די שוואַרצע, פאַרזשמורעטע אויגן אירע האָבן אַלעמאָל מיט אַ קעציישער וואַכזאַמקייט אַ לויער געטון צו דער טיר פון איידלס ראַנטשע... דאָניאַ פּעפּי האָט איר שוין לאַנג עפּעס אָנצוהערן געגעבן... האָט סינפּאַראַסאַ געטראַכט — און קיין מאַן טאָר מען ניט גלויבן... אויך מיט איר, האָט ער, דער האָן, געוואוסט ווי אַזוי צו באַגיין זיך...

טיטאַ איז אַרויסגעלאָפן פון קיך און אויסגעשריען:

— סינפּאַראַסאַ, סינפּאַראַסאַ, די מענער זיינען שוין דאָ?

יענע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו טיטאַן און געלאַכט מיט אַ פאַרהוילן קעלעכל און מיט אַ מאָדנער בייסיקייט.

— טיטאַ! — האָט זי פּלוצים אויסגערופן — מיר געפעלט ניט די שכנה אייערע... קיין פרעמדע מענער קומען ניט צו איר...

טיטאַ איז צו איר צוגעגאַנגען און איר אַריינגעשעפּטשעט אין פּנים:

— שרייט ניט אַזוי... דער אַלטער פּראַטעזשירט זי...

— איך ווייס דאָס!... — האָט סינפּאַראַסאַ אַ שטילן זאָג געטון און דערביי געהאַלטן אַף טיטאַן דאָס טראַציק פאַריסענע נעזל. ביידע ווייבער האָבן זיך שטום און כיטרע איבערגעשמייכלט.

אין דעם איז דער אַלטער אָנגעקומען און געבראַכט מיט זיך עט־לעכע געסט. עלטערע באַרג־מענטשן אויסגעפּוצטע אין ברייטע געקעסטלטע באַמבאַטשאַס מיט גרויסע שטרויענע קאַפּעליושן אַף די קעפּ און מיט ווייסע פּאַטשיילעס אַרום די העלדזער. סעפער מיט די געסט האָבן זיך אויסגעזעצט אַף שטיינער און אַף גרויסע קלעצלעך, וואָס זיינען צווישן די קאַקטוסן אויסגעלייגט געווען. ער האָט זיך צעקנעפּלט דעם ראָק און זיך געווישט דעם שוויים פון שטערן. טיטאַ איז צוגעלאָפן צום שווער. מיט אַן הכנעהדיק געבויגענעם קאָפּ אַ פרעג געטון:

— וואָס דאַרף איך איצט טון, דאָן סעפער?...

ער האָט צו איר די אויגן ניט אויפגעהויבן און אומניכעדיק, אָבער שטרענג באַפוילן:

— מאַכן אַ מאַטע!

איידל איז איר אַנטקעגן געקומען. טיטאַ האָט אַף איר אָנגעשטעלט די טריבע אויגן און געבעטן:

— נעמט אדעלאַ מיין טאָכטער, איך דאַרף זיי דערלאַנגען אַ מאַטע, די אַלטע...

איידל האָט אויפגעהויבן דאָס קינד וואָס האָט געדרימלט אַף אַ שמאַטע הינטער דער ראַנטשע און זיך אַוועקגעזעצט מיט איר אַף אַ שטיין צווישן די קאַקטוס-ביימער. זי האָט אַריינגעקוקט אין קינדס פּנים און דערביי אויסגעזעצן מאָדנע איינזאַם. זי האָט געהערט דאָס לאַכן פון די געסט און אַרויסגעפילט די אומרו פון אייגענעם לייב און לעבן. שוין אַריבער אַ וואָך, אַז מען גרייט זיך דאָ צו די וואַלן, האָט זי אין טרויער געטראַכט, און זיי שיכורן אַלע טאָג. דעם אַלטן איז ווידער ניט צו דער־קענען... וואָס פאַרט וועט פון דעם אַלעמען אַרויסקומען?...

אין דעם איז לוקע אָנגעקומען פון הינטערן באַרג. אַ גרויסן שאַרפ־שטיין האָט ער געבראַכט. אים אַ וואָרף געטון לעבן איידלען און זיך אויסגעלאַכט, זיך וואַרים צעשמייכלט. ער האָט אַ ווײַלע געקוקט אַף איר און באַלד אויסגערופן:

— אַף וועמען וואַרט איר דאָ? פאַרוואָס נייט איר ניט צווישן די געסט? דאָרט איז הימלעכער...

זי האָט אים קיין וואָרט ניט געענטפערט. נאָר טרויעריק געשמייכלט. לוקע האָט געצויגן מיט די אַקסלען און ניט געוואוסט פאַרוואָס איידל איז טרויעריק. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ לאַנגן מעסער פון גאַרטל און אים אָנגעהויבן אָנשאַרפן. לוקע האָט געטראַכט:

— יעדער מענטש טראָגט זיך אַרום מיט באַהאַלטענע זינד אין האַרצן.. אָבער, די אַ, אדעלאַ... איז אַ מאָדנע... ווי לעבט דאָס אַ זי אַליין? און אפשר?... ווער ווייסט זי דאָרטן?... אַלע טאָג זעט מען זי צווישן די בערג. אהין קומען אַ סך טוריסטלעך... נישטאָ קיין מלאכים אַף דער ערד...

אַרום זיי האָבן זיך גרינע שאָטנס געשפּרייט, דורכגעוועבטע מיט אויפגעציטערטע זון־פעדים און מיט אומבאַשטימטקייט. איידל האָט אַ קוק געטון אַרום זיך און פּלוצים אויפגעצאַפּלט. פּעפּי, די שכנה און אויך סינפאָראָסאַ זיינען ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן, אויך לינדערס אויגן האָבן זי דורכגעבויערט... ער איז געשטאַנען הינטער אַ בוים און זיך אונטערגעהערט וואָס זי רעדט מיטן ברודער...

לוקע האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים און באַמערקט די צוויי ווייבער... ער האָט אַ פיר געטון מיטן מעסער אינדערלופטן און אויסגערופן מיט רוגזה:

—אַ סך מענטשן וואָלטן באַדאַרפט פאַרזוכן דעם טעם פון אַזאַ מעסער...

— און איר, לוקע, וואָלט געקענט שלעכטס טון עמיצן?

ער האָט אַ לאַך געטון. קענטיק געוועזן, דער שכנה'ס פראַגע איז אַ נאַיווע. לוקע האָט אַ זייע געטון צווישן די ציין:

— איך צאָל יעדן איינעם, לויט זיין ווערט... אַף דעם בין איך אַ קריאָזשע... ניט לאַנג האָב איך איינעם שיר פאַרטיק געמאַכט...

איידל האָט אים דאָס ריידן איבערגעשלאָגן.

— האָט אייך ניט געפּייניקט דער געוויסן, דאָן לוקע?

— וואָס בין איך, אַ מאַנסביל צי אַ שמאַטע? — האָט ער באַליי־דיקט געענטפערט—אַ קריאָזשע לאָזט זיך ניט אַנטרעטן אַף דער פּאַנטשאַ...

סעפּער איז צוגעגאַנגען צום זון. אַרויפגעלייגטביידע הענט אַף דעם שאַרפשטיין און זיך אָנגערופן מיט אַ וואַרים קול:

— לוקע, גיי אַוועק צווישן די בערג, רוף צונויף אַלע אונדזערע פריינט, ס'איז יום־טוב...

ער האָט אַף איידלען דאָס פּנים אָנגעשטעלט און זי לאַנג באַטראַכט. עפּעס מאָדנע פרעמד האָט ער זי געזען און איינזאַם...' סעפּער האָט באַ־קומען אַן ערנסט פּנים, אַ באַדעקטס מיט אַ טיפן באַנג: — אַדעלאַ, — האָט ער באַהאַרצט אויסגערופן — איך לאַד אייך איין צו אונדזער יום־טוב. אַן אמתער קריאָזשע האָט ליב, אַז די מיטמענטשן זאָלן זיך פילן גליקלעך און פריי...

ער איז אַוועק צו די געסט. לינדער מיט אַנכעלן האָבן געבראַכט אַ קו. פאַר די הערנער האָבן זיי זי אַריינגעשלעפּט אין סאַמע מיטן הויף. זי אַ וואָרף געטון אַף דער ערד און צוגעבונדן די הערנער צו אַ בוים. די אַלטע אינעם און אויך טיטאַ מיט סינפאָראָסען האָבן אַרומגעטאַפּט די איינגעפאַלענע זייטן אירע, דעם הינטער־חלק... עטלעכע באַרג־ווייבער זיינען געקומען צולויפן. יונגע און אַלטע. מיט אָרעמאַנסקע טרוקענע פּנימער, גיריקע, באַדעקטע מיט חושך און מיט הונגער. שוואַרצע, אָפּגע־טראָגענע מלבושים און אַלפּאַרגאַטן האָבן זיי געטראָגן. אַרום דער גע־בונדענער בהמה האָט אַ ווייע געטון מיט ווילדער פרייד און מיט ענטו־זיאַזם. איידל האָט אָנגענומען דעם אַלטן פאַר אַ האַנט און אַריינגע־טענהט אין זיין באַגייסטערט פּנים:

— דאָן סעפּער, לאָזט ניט אַז די ווײַלער זאָלן זיך אָנשיכורן... מען וועט זיי אָפּנאַרן...

דער אַלטער האָט וואַרים געשמייכלט און איר אַריינגעקוקט אין דערשאָקענעם פּנים:

— מיר זיינען דאָך סאַמע קריאָזשעס... ווער זשע וועט אונדז דאָ אָפּנאַרן ...

לוקע איז אָנגעקומען פון צווישן די בערג און מיט אים עטלעכע אַלטע קריאָזשעס, געבויגענע און מיט שניי־ווייסע קעפּ. לוקע האָט דער־לאַנגט דעם טאַטן דאָס שאַרפע מעסער, דער אַלטער האָט מיט זשעדנע־קייט געקוקט אַף דער געבונדענער בהמה און זיך באַלעקט די בלויע, אויפּ־געבלאָזענע ליפּן זיינע, וואָס האָבן אויסגעזען ווי די פאַרגליווערט געוואָ־רענע וואָרצלען אַף דער אייטער פון דער אויפגעצאַפּלטער און דערשראָ־קענער קו.

סעפּער איז געווען צעטראָגן. אים איז אָנגענעם געווען דער גרויסער כבוד וואָס די באַרג־מענטשן זיינען אים געקומען אָפּגעבן, דער כבוד פון

אַ תושב, וואָס שעכט דעם קרבן צום מזבח פון די וואָלן... ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף די קני, זיך פרום איבערגעצלמט און זיך אַ פאַרמעסט געטון מיטן מעסער אין דער לופטן... די בהמה האָט אינסטינקטיוו אויפֿגעצאַפּלט און אַרויסגעלאָזט אַ טעמפּן מרוקע, אַן אָנגענומענעם מיט געבעט און מיט פאַרצווייפלונג...

אויך אין איידלס געמיט איז פאַרצווייפלונג אויפגעגאַנגען. דער אויפגעברויזטער המון, די געסט וואָס האָבן מיט ענטוזיאַזם אַרומגערינגלט די בהמה וואָס האָט נישט אויפגעהערט רופן נאָך הילף, האָט אין איר ווידער אויפגעוועקט יענע עטוואָס איינגעדרימלטע ווייטיקן, די קולות וואָס האָבן אַרויסגעשריען דורך איר אייגן פלייש און בלוט... די הילפס-רופן צו דער מערדערישער מענטשהייט, פון יענע ברידער און שוועסטער אירע וואָס זיינען אומגעקומען, אונטער דעם אויפברויז פון מערדערס פרייד, פּונקט ווי די געבונדענע קו... אויך יענע, די טייערע אירע, האָבן מענטשן געבונדן, זיי אויפגעהאַנגען אַף אייזערנע האַקנס, דאָרטן אין די רומענישע שעכטהייזער און זיי אומגעבראַכט...

און דעמאָלט האָט איידל ווידער דערפילט דעם גרויל פון דער ציט, דערפילט — די וועלט איז אַ שעכטהויז... די בעסטע מענטשן אפילו האָבן זיך נאָך ביז איצט קיין חשבון ניט געגעבן. דריי פערטל פון דער מענטשהייט זיינען די מערדער פון די אייגענע שוועסטער און ברידער זייערע, יענע אומגליקלעכע, וועמענס קולות, דאָס מאָנען גערעכטיקייט, האָט קיין פּלאַץ אינעם וועלט-האַרץ נישט געפונען...

אינגאַנצן אַ באַהערשטע פון צער, האָט זיך איידל פאַרשטעקט צווישן די טאַנען-ביימער און געטראַכט:

— וואָס שטייט זי דאָ?... עמיצער רופט זי דאָך... יאָ, ראַזעם קולות שרייען אַרויס פון יעדן ווינקל... וואָס-זשע קען זי איצטער טאָן פאַר איר?... פאַר זיי אַלעמען, וואָס?...

איידל האָט איינגעשטאַכן די גרויסע אומרואיקע אויגן אין דער בלויער ווייטקייט, זי האָט אָבער זיך איינגעהערט אין שוימען פון איר אייגן אויפגעצאַפּלט בלוט, פון די טרערן וואָס האָבן געשפּאַרט צום האַלדז... באַלד אָבער האָט זי ווי דורך אַ נעפּל ווידער דערזען דעם שוואַרצן זשאַנדאַר מיטן פּנים פון אַ בולדאָג... אַ שטומע קאַלטקייט וויִעט פונעם פאַרשפּיצטן מערדערישן פּנים זיינעם און די אויגן, שאַרפע און גיפטיקע, פּונקט ווי בײַ יענער שלאַנג וואָס סעפער האָט ניט לאַנג דערהרגעט, לויערן אין אַלע ווינקעלעך, אַף איר, איידלען, לויערן זיי... נאָר דער שוועסטערס אויגן, אַזוינע געטרייע און קלוגע, גלעטן און וואָרענען:

— וואָס זשע האָסטו מורא צו האָבן, איידל?... ביזט פריי, נעם אַ ביקס אין האַנט — שלאָג, קום אום איניינעם מיט דעם שונא... העלף, איידעלע, ראַטעווען אונדזערע קינדער...

איידל ווערט אומרואיק און צוויי רויטע, קרענקלעכע פלעקן באַ־

זעצן זיך אַף די איינגעפאַלענע באַקן אירע: זי וואָלט וועלן עמיצן פון די שכנים אירע, אָדער דעם אַלטן סעפער דערציילן וואָס מיט איר קומט פאָר... נאָר זי פילט זיך אַזוי עלנט און פרעמד, איינע אַליין!... באַלד איז איידל אויפגעוועקט געוואָרן פון איר פאַרטייעטקייט. דאָס וויינען פון דער בהמה האָט זיך סטיכיש אַ טראָג געטון איבערן הויף, אומגעלאָפן צווישן די אויפגעוואַכטע באַרג־פעלדן און פאַרזייעט דאָרטן דעם אַנגסט פון טויט און פון מענטשלעכע רשעות...

באַלד האָט זיך די בהמה געפּרואווט אַרויסרייסן פון די שטריק, אויסגעצויגן אין דער לופטן די צונויפגעבונדענע, טרוקענע פיס, די ציטערדיקע און אָנגעשטעלט אַף סעפערן די גרויסע, צעפּייניקטע אויגן אירע, אָנגענומענע מיט אַ טיפער אומפאַרשטענדלעכקייט און מיט שוידער.

סעפער איז געווען צעטראָגן און באַהערשט פון גאווה. מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן, מיט זיין גאַנצער פאַכקענטעניש, מיט דער פרייד פון אַן אַלטן יעגער, האָט ער אַריינגעזעצט דאָס מעסער אין סאַמע מיטן האַלדז פון דער בהמה, אים עטלעכע מאָל איבערגעדרייט אַף אַהין און צוריק און די קולות פון דער בהמה זיינען דערשטיקט געוואָרן. אַ קראַכן פון די איבערגעבראָכענע ביינער האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער שאַרף פון מעסער איבער וועלכן געדיכטע שטראָמען בלוט, ריטשקעס גאַנצע, זיינען געפלאָסן ווי פון אַ צעפּראַלטן קוואַל...

די ווייבער אינגאַנצן אויפגעצאַפּלטע פון אַ טיפער פרייד, האָבן זיך אַ וואָרף געטון אַף דער ערד, געלויערט אַרום דער בהמה, מיט די קראַמפּהאַפטע נעגל זייערע, לאַנגע און שטאַרקע ווי פון די רויב־פייגל, אָפּירגעגראָבן די פאַרגליווערט געוואָרענע שטיקער בלוט פון אונטער דער בהמה, איניינעם מיט דער רויטער, נאַס-באַפלעקטער ערד...

אָנגעפילט די בלעכלעך מיט בלוטיקער ערד, האָבן זיי זיך אַ נעם געטון צו דער אויפגעעפנטער בהמה, שטיקערווייז אַרויסגעריסן דעם איינגעווייד. טיטאַ מיט סינפאַראָסאַן האָבן געשלעפּט איבערן הויף דעם מאָגן מיט די פולע גרינע קישקעס, איינגעהילטע אין אַ הייסער פּאַרע און אַ שווערן ריח... באַס פלומפּ האָבן זיך אַלע ווייבער אַרומגעשטעלט אַרום דעם פעסל מיט וואַסער פון וואַנען די פערד מיט די אייזלען האָבן געטרונקען, צעריסן דעם איינגעווייד אַף שטיקער, אים אויסגעוואַשן און זיך צעטיילט...

איידל איז אַריין צו זיך אין ראַנטשע, אומגעשפּאַנט אַהין און צוריק, ניט געוואוסט וואָס צו טון מיט זיך... באַלד האָט זי אַ צעעפן געטון דאָס פענצטערל און אַרויסגעשפּרונגען אינדרויסן, שטיין געבליבן פון יענער זייט באַרג און מיט צעפּראַלטע חושים שטום געקוקט אַרום זיך... דאָרטן איז געווען שטיל. נאָר קולות פון ווייבער, דאָרטן אין פאָדערשטן טייל הויף, האָבן זי ווידער פאַרפאָלגט.

אויך צוויי אומהיימלעך שיכורע אויגן האָבן זי פאַרפאָלגט: אַנכעל, דאָן סעפערס שכן, וואָס האָט די גאַנצע צייט נאָכגעפאָלגט וואו זי נע־

פינט זיך. ער האָט זיך אָוועקגעגנבעט פון דער עדה און זיך פאַרשטעקט צווישן די הויכע קאַקטוס־ביימער הינטער אײדלס ראַנטשאָ... זי האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים און זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט... אַ ווײַלע האָבן ביידע געוואַרט. באַלד האָט אַנכעל אַ שמייכל געטון און זיך אָפּיר־געררוקט פון זיין באַהעלטעניש. אײדל האָט זיך אָנגעהויבן אָפּרוקן אויף הינטערוויילעכץ און ניט אַראָפּגענומען פון אים די אויגן אירע, אָנגענו־מענע מיט פאַראכטונג און מיט שרעק...

ער איז איר נאָכגעגאַנגען:

— האָט ניט מורא, אַדעלאַ!... איך קום פון די בערג. צופעליק האָבן מיר זיך דאָ באַגעגנט...

אײדל האָט אַ געשריי געטון ניט מיט איר קול:

— אויסוואורף... אומפאַרשעמטער...

די זיכערקייט פון איר קול, דער צאָרן, די גרימאַסע פון עקל וואָס האָט זיך צעליינט אויף איר פּנים, האָבן אים אינגאַנצן צעטומלט. ער איז שטיין געבליבן. מיט אַ צעטומלט פּנים און מיט פרישע שפּריצן בלוט באַדעקט, איז לינדער אָנגעלאָפן. קענטיק געווען, ער האָט געוואוסט, וואו־הין אַנכעל האָט זיך פאַרקליבן... אויפגעצאַפּלט און בלייך איז ער גע־וואָרן. ער האָט אַ נעם געטון דעם שכן פאַר דעם רעכטן אַקסל און אים אויסגעדרייט מיטן פּנים צו זיך. ביידע מענער האָבן געסאָפּעט פון אויפ־רעגונג. אײדל האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט און אויסגעשריען:

— דאָן סעפּער, דאָן סעפּער!...

לינדער האָט אים דערלאַנגט אַ מעסער און אָפּגעטראָטן פון אים:

— נעם, שוואַכלינג, פאַרטיידיק זיך!...

אַנכעל איז געוואָרן בלייך, פאַרלעגנהייט און באַנג האָט אַ שווער געטון איבער זיין פאַרשעמט געוואָרענעם פּנים:

— ביזט אַ נאַר, לינדער!... — האָט ער אויסגערופן און אים אָפּ־געמאָסטן מיט חוזק... צי טאָר אַ מאַנסביל ניט האָבן קיין חשק צו אַ פרעמדער זי?... ס'וועט סטייען, לינדער, פאַר ביידע...

אין לינדערס אויגן האָבן אויפגעבליצט שמאָלע, טאַנצנדיקע פייער־לעך, ער האָט אויפגעהויבן ביידע אַקסלען און צוגעשפּאַנט נענטער צום שכן, צוגעשפּאַרט דעם קאָפּ צו יענעמס פּנים און אים אַ שטויס געטון. אַנכעל איז אומגעפאַלן צווישן די שטיינער און אַרויסגעלאָזט דאָס מעסער פון דער האַנט. לינדער האָט געצישעט:

— זי זאָלסטו ניט טשעפּען... דו הערסט!... אַ פרעמדער ביזטו דאָ!...

## 9.

אָפּדערנאַכט איז אין הויף נאָך לעבהאַפטער געווען. אויף די צווייגן פון עטלעכע פייגן־ביימער האָבן זיך געוויגט רויטע און בלויע לאַמטערנד־לעך פון געקרייזטן פּאַפּיר מיט קליינע אָנגעצונדענע ליכטלעך אינעווייניק.

דער דורכזיכטיק ווייס־בלויער הימל האָט זיך מעכטיק איבער די בערג געשפּרייט, זיי באַקרוינט און באַשיינט מיט די בריליאַנטענע שטערן. די בערג האָבן אַרויסגערוקט די קלוגע קעפּ זייערע פון די צונויפגעצווייגענע אַקסלען און מיט שטומען נייגיר זיך איינגעהערט ווי די באַרג־מענטשן גייען אַנטקעגן זייער יום־טוב. אַ קלוגע, געצוימטע רוגזה האָט אַרויסגע־שלאָגן פון די פאַרשלאָסענע מיילער זייערע, די אָנגענומענע מיט סודות און מיט חוזק... געלויערט האָבן די שטאָלענע אויגן פון די בערג אַף אַן אַלטן דעמבענעם בוים, וואָס לוקע האָט פאַרנאַכט אַהיימגעבראַכט, אים אונטערגעשניטן פון סאַמע העכסטן באַרג, אים אַראָפּגענומען די קרוין פון קאָפּ, דעם באַרג און אים געלאָזט צוקוקן, זיך פייניקן, זען, ווי די קרוין זיינע ליגט מיט אַן אויפגעריסענעם איינגעוויייד און אַ רויט בראַנ־דיק פייער טליעט אין אים...

אַרום פייער איז דער אַלטער סעפּער מיט זיין הויזגעזינד, אַף קליינע אונטערגעשניטענע קלעצלעך אויסגעזעצט געווען און געשניטן שטיקער פון דער אַסאַדע וואָס האָט זיך אַף די קוילן געבראָטן. אויך די אידישע שכנה איז צווישן סעפּערס קינדער געווען. אויסגעפּוצט אין אַ נייער פאַ־טשיילע אַפן קאָפּ און מיט אַ בריים פויעריש קלייד. אָבער דאָס פּנים אירס האָט ניט אויסגעזען יאָנטעוודיק. אַ מידע בלייכקייט האָט געציטערט אונ־טער די אויגן און אַ צערודערונג. איידל האָט געפילט, אַז דער באָדן אונ־טער אירע פיס איז ניט אינגאַנצן קיין גלייכער, אַז אַ נייע אומבאַשטימט־קייט האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין איר געמיט, עפּעס אַזוינס, וואָס מאָנט און פאָדערט בא איר אַ לייזונג... איידל האָט זיך באַמיט צו זיין רואיק, ניט צו פאַרשטערן די אַלטע, גוטע באַלעבאַטים אירע זייער פרייד און די שימחה...

באַטאָג, ווען זי איז אַנטלאָפן פון הינטער דער ראַנטשע, האָט זי לאַנג צו זיך קומען ניט געקענט. שפּעטער איז דער אַלטער צוגעקומען צו איר און זי דורכגענומען מיט די געטרייע אויגן, לאַנג און פאַרשטענדלעך באַטראַכט די צערודערונג אין אירע אויגן.

— אַדעלאַ! — האָט ער אויסגערופן באַהאַרצט און דערביי וואָרים געשמייכלט — היינט וויל איך אייך זען אַ פריילעכע!... ס'איז וואָלן אין מיין שטעטל... די איינוואוינער וועלן מיר קומען אָפּגעבן כבוד... איך בין דאָך דער עלצטער באַרג־מענטש...

געבעט און צודרינגלעכקייט האָט זיך געמערקט אַף זיין יאָנטעווודיק פּנים. איידל האָט באַשטימט דעם אַלטנס וואונטש נאָכצוקומען.

סעפּער האָט אויפגעהויבן זיין גלאָז אין דער לופטן:

— פאַר דעם דערפּאָלג פון די וואַלן!

עטלעכע שיכורע קולות האָבן אַף איינמאָל אויסגעשריען און גע־הויבן זייערע גלעזער וויין צום אַלטן.

איידלס אויגן האָבן זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט אַף איינעם, אַ רויט־הויטיקן איטאַליענער מיט אַ בלויער קאַרטאָפליע־נאָז און מיט קליינע

אומרואיקע אויגן, כיטרע. זי האָט אים א סך מאָל געזען שמועסן מיט לוקען און אויך מיט סעפערן. געהערט דערציילן, אַז יענער פאַרשוין הייסט דאָן זשואַנין און איז געקומען צווישן די בערג צוליב די וואַלן... נאָך א פאַרשוין איז דאָרט געווען, איינער, א דייטש, א הויכער און פעט־לייביקער. יענער האָט אויסגעזען מאָדנע פאַרשלאָסן אין זיך. א סך מאָל האָט זי אים געזען אומגיין איבער די האָטעלן און פענסיאָנען, ער האָט געשפּילט אַף א קאַטערינקע און צונויפגענומען געגנוג געלט באַ די טור־ריסטן. איידל אָבער, אַליין ניט וויסנדיק פאַרוואָס, האָט שטענדיק דער־פילט א קעלט באַם האַרצן, ווען די אומצוטרוילעכע אויגן זיינע, האָבן זיך אַמאָל אָפּגעשטעלט אַף איר...

די לעצטע עטלעכע טעג האָט זי אים געזען אומגיין מיט לוקען. עפּעס האָבן זיי זיך געסוידעט — אַלץ דאַכט זיך וועגן דעם אויסגאַנג פון די וואַלן... פּלוצים האָט זיך דער איטאַליענער צוגעבויגן צו איר און א פרעג געטון:

— איר זעט אויס ווי אַן איטאַליענערן... ניט אמת?...

איידל האָט אַף אים אָנגעשטעלט א גלייכגילטיק פּנים און שטיל צווישן די ציין א זייע געטון:

— א רוסישע...

דער איטאַליענער האָט באַקומען א בייז צולעהאַכעסדיק פּנים און שאַרפע פייערלעך, גיפטיקע, האָבן אויפגעבליצט אין די קליינע, שיכורע אויגן זיינע. ער האָט א קוק געטון צו יענעם פאַרשוין פון דער קאַטערינקע.ביידע האָבן זיך ווילע אָפּגעמאָסטן מיט די בליקן, זיך שטומערהייט פאַר־שטענדיקט. קיינער, אויסער איידלען האָט דאָס ניט באַמערקט. דער דייטש האָט אָנגעהויבן שפּילן אַף זיין קאַטערינקע און געהאַט דערביי אַזאַ שטום, פאַרגליווערט פּנים, גלייך ווי דאָס לעבן אין אים וואָלט אינגאַנצן אויס־געלאָשן געווען.

מיט א שיכור קול, אַן אויסגעלאָשנס, האָט דער איטאַליענער ווידער א זאָג געטון:

— מסתמא א באָלשעוויטשקע... א אידישע!...

די לעצטע ווערטער זיינע זיינען אויפגעכאַפּט געוואָרן פון די אַרו־מיקע. אויגן צו אויגן האָבן זיך געווענדעט און שטומערהייט געוואַרט... איידל איז געבליבן רואיק. צום ערשטן מאָל, זינט זי איז געווען א שכנה באַ דאָן סעפערן, איז איר אויסגעקומען צו ענטפערן אַף אַזאַ אומגעריכטער פראַגע. זי האָט זיך עטוואָס אונטערגעהויבן פון קלעצל און אים אריינ־געקוקט טיפער אין שיכורן פּנים, דעם באַדעקטן מיט פינצטערע קנייטשן:

— א אידישע!...

— טאַקע א געהויבענער גאַסט... — האָט ער א צווײדייטיקן לאַך געטון.

א שווערע שטילקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט אַרום זיי. נאָר דאָס בראַנדיקע פייער אין אינגעווייד פון בוים האָט זשעדנע געלעקט די גע־

בראָטענע שטיקער פלייש און מיט אַ מאָדנער פאַרשייטקייט באַלויכטן די ערנסט געוואָרענע פנימער פון סעפערן מיט זיין אַלטער, פון די איי־גענע און פרעמדע געסט...

אויך איידל איז געוואָרן ערנסט. זי האָט זיך געכאַפּט, אַז דער דייטש האָט שוין אויפגעהערט שפּילן אַף דער קאַטערינקע און אַז די קליינע, וואַסערדיקע מויזן־אויגן זיינע האָבן אַ לויער געטון איבער איר... איידל האָט דערפילט אַ קעלט איבערן לייב:

— אָט, אונטער דער שטאָלענער מאַסקע זיינער טליעט די רשעות פון טויזנטער מערדער... און די קריאַזשעס ווייסן דאָס ניט... זיי פילן ניט דעם ווערט פון אַ פריינט און ווייסן ניט ווער ס׳איז זייער שונא... זי האָט געטראַכט און איז געוואָרן אומרואיק. איידל האָט פּלוצים אָנגעהויבן צעשאַרן די הייסע קוילן, געבויגן דאָס פּנים איבערן פייער, כדי אויסצו־מיידן ווייטערדיקע טענות... איר איז שווער געוואָרן צו בלייבן ווידער לעבן יענע לייט און נאָך שווערער איז איר געוואָרן, צו פאַרשעמען די אַלטע באַ־לעבאַטים אירע, אַוועקצוגיין אין מיטן דער שימחה...

אין סעפערן אָבער, איז די פרייד עטוואָס אויסגעלאָשן געוואָרן... אומפאַרשטענדלעכקייט האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע פאַרדאַגהטע קנייטשן אַף דעם פּנים און שטוינען. סעפער האָט געטראַכט:

— און ער, אַלטער נאַר, האָט זיך ניט געוואָלט גלויבן... שוין לאַנג, אַז דאָן זשואַנין און אויך דער דייטש האָבן אים געוואָרנט... אָבער — אים אַרט דאָס ניט!... דאַניאַ אַדעלאַ איז אַן אייגענע... דאָס האָט זי אין הלצה אַ זאָג געטון... אַ הייליקע איז אַדעלאַ, אַן אמתע קריאַזשאַ, אָבער ניט קיין כודיאַ...

דאַניאַ פּעפּי איז אַריינגעלאָפן אין הויף. שיכרות און תאווה האָט אַרויסגעשריען פון אַלע אירע אברים. זי האָט אַ פּאַטש געטון מיטביידע הענט אין דער לופטן און אַ געשריי געטון:

— דאָן לוקע, לויפט גיכער... די ווײַלער האָבן זיך צעשלאָגן... לינ־דער האָט באַקומען מיט אַ מעסער אין אַ זייט...

סעפער האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבן און די רויטע בלוט־פלעקן פון זיינע אויגן־ווינקלען האָבן אַ שאַרפן בליץ געטון אַרום זיך, עמיצן גע־זוכט, כעס און גבורה האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין ברוסט:

— און לינדער האָט זיין מעסער ניט מיטגענומען, אַ?!...

— גענומען, דאָן סעפער... — האָט פּעפּי האַסטיק געשטאַמלט — און ער האָט דערלאַנגט... נישקאָשע, צוויי טויטע און עטלעכע פאַרוואונ־דעטע זיינען שוין פאַראַן...

סעפער האָט זיך אויפגעשטעלט און מוטלאָז אַ זאָג געטון:

— מסתמא האָבן שוין די אויסלענדער אַריינגעדרונגען צו אונדז...

---

ס׳איז שוין געווען שפּעט באַנאַכט. אַ טונקעלע שטילקייט האָט איינ־געהילט דעם הויף, אַן אָנגענומענע מיט בלויע שטיקער וואָלקן און מיט

פּחד. גרינע פונקען פייער האָבן זיך אַלעמאָל אַ הויב געטון פון צעברענטן בוים און באַלויכטן די צעעפנטע טירלעך פון די ראַנטשעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי זשעדנע צעפּראַלטע היהשע פּיסקעס, ציינלאָזע און קראַנקע, פולע מיט שווידער און מיט טויט, מיט צעפּוילטע פאַרדומפּענע ריחות.

פון הינטער דער ראַנטשע האָט זיך דערהערט דאָס עלנטע הירזשען פון אַ פאַרלוירן אייזל און אַ גאַלאָפּירן פון אַ פאַרשפּעטיקטן רייטער. אַ סולקע מיט טוריסטן איז פאַרבייגעפאָרן און געלאָזט אונטער זיך דעם טרויעריקן ניגון פון אַ טאַנגאָ און די וויינענדיקע, פאַרבענקטע טענער פון אַ גיטאַרע.

אַ יונגע מאַמע־הון האָט אויסגעשפּרייט די פליגל איבער די פּיש־טשענדיקע קינדערלעך אירע, וואָס זיינען געקראָכן איינער איבער דעם אַנדערן, זיך געזוכט איינצוגלידערן אין דער מאַמעס וואַרעמען לייב... זיך אויסבאַהאַלטן פון באַנאַכטיקן פּחד... פּחדימדיק און שטיל איז געווען סעפּער מיט זיין ווייב. זיי זיינען שוין לאַנג צוריקגעקומען פון דער קאָ־מיסאַריע, וואו דער זון איז אונטערזוכט געוואָרן. פון דאָרט האָט מען אים אָפּ אַן אַמבולאַנס אוועקגעפירט אין שטאָט אריין אין אַ שפּיטאָל. סעפּער איז ווידער געזעסן באַם צעברענטן בוים און שטום, מיט אַ פינצ־טער, פאַרשטיינערט פּנים אריינגעקוקט אין דער בלויער, צעזונגענער, באַ־נאַכטיקער פרייד. קיין סימן פון פרייד איז אָבער אין הארץ באַ אים נישט געווען...

דער אַלטער האָט געטראַכט:

— אַמאָליקע יאָרן האָט מען געפייערט די וואַלן עטלעכע טעג און ס'איז געווען שטיל... איצט זיינען די מענטשן שלעכטע און ניט דערצויי־גענע. באַלד דעם ערשטן טאָג האָבן זיי צעשטערט דעם יום־טוב... אַמאָל איז דאָס לעבן צווישן די בערג געווען שענער און זאָרגלאָזער; אַ לעבן אָן קינאָ, אָן לוקסוס...

איידל איז ארויסגעקומען פון איר ראַנטשע. אַ מידקייט און אַ טיפע זאָרג האָט זיך געמערקט אויף איר פּנים. זי האָט ניט געקענט שלאָפן. אַלע אין סעפּערס ראַנטשעס האָבן געכראָפּעט, מידע פון צופיל טרינקען און פון אומלויפן צו באַקאַנטע אָנזאָגן די נייעס וועגן לינדערן... נאָר זי, איידל, האָט קיין אויג פאַרמאַכן נישט געקענט. זי איז צוגעגאַנגען צום פייער און זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז. אַזוי מיט ביידע הענט אונטערן קאָפּ, אריינגעקוקט אין אַלטנס פּנים און שטיל געפרעגט:

— וואָס וועט זיין מיט לינדערן?

— אויב ער וועט ווערן געזונט, וועט מען אים באַפרייען — האָט די אַלטע געענטפערט. און סעפּער האָט ווידער געשוויגן און געטראַכט:

— די היינטיקע מענער זיינען גאָר נישט ווערט... ווען ער איז קוים פופצן יאָר אַלט געווען — איז ער שוין געווען אַ מאַן, אַ זעלבסטשטענ־דיקער מענטש. פאַרדינט באַגלייך מיט די דערוואַקסענע — פינף פּעזעס אַ חודש מיט עסן און מיט טרינקען. גאָלדענע צייטן געווען... אויך דער

באַלעבאָס איז געווען אַ גוטער. געטרויעט זיינע מענטשן, געלאָזט אַרבעטן אָן אַ זייגער... ער, סעפער, איז ניט געווען קיין פוילער און אויך ניט קיין אויסנוצער ווי זיי, די פרעמדע... געוואוסט האָט ער זיין פליכט: דריי באַנאַכט ווען דער האָן האָט געטון דעם ערשטן קריי, איז ער שוין געווען בא דער אַרבעט... און אויפגעהערט אַרבעטן, ווען די זון איז פאַרגאַנגען... שפּעטער, ווען ער האָט חתונה געהאַט, האָט אים דער באַלעבאָס געגעבן מער מיט עטלעכע קילאָ מאָיס מעל און מער פלייש. ס'איז געווען גענוג צום לעבן...

היינט איז אַ נייע וועלט און אַ שלעכטע... מען קען מער ניט אומ־גיין באַרוועס צווישן די בערג; אומעטום געפינען זיך פרעמדע און זיי הוזקן פון קריאָזשע...

איידל האָט געקוקט אַף אים און אַרויסגעפילט די ענדערונג און דעם שטומען פּראָטעסט וואָס האָט געבושעוועט אין אים; זי האָט שוין געוואוסט אונטער וועלכע שטימונגען דער אַלטער סעפער קען זיך צע־ריידן און ניט וועלן אויפהערן דערציילן און ווען ער קען שטום ווערן, ביז פאַרפייניקן סיי זיך אַליין און אויך די נאָענטע זיינע...

איידל האָט זיך אויפגעזעצט און אַרומגעפלאָכטן ביידע הענט אַרום די אויפגעשטעלטע קני. זי האָט מיט ווייכקייט און איבערצייגונג אַ זאָג געטון:

— זייט ניט טרויעריק, דאָן סעפער. אומעטום, וואו נאָר ס'זיינען פאַראַן מענטשן, איז פאַראַן גליק און אומגליק... רייכקייט און דחקות... אויך אין דער גרויסער שטאָט זיינען אַ סך אָרעמע לייט פאַראַן און — דווקא צווישן די אויסלענדער...

סעפער האָט פּלוצים אויפגעשפּיצט די צוויי לאַנגע אויערן זיינע און אויפגעכאַפּט אַ שטילן גערויש. טרוקענע בלעטער האָבן זיך געבראָכן אונ־טער עמיצנס שווערע טריט און די מאַמע־הון, בא דער זייט פון ראַנטשע, האָט אַ יעכץ געטון, זיך אויפגעשטעלט און מיט די שטייף געוואָרענע פליגל האָט זי צוגעשאַרט נענטער צו זיך די איבערגעשראָקענע און פון שלאָף אויפגעוועקטע קליינע קינדערלעך אירע.

סעפער האָט אַ שאַרפן זייע געטון צווישן די ציין:

— ס'איז אַ נאַטירלעכע זאַך... אַ זכר און אַ נקבה ציען איינס צום אַנדערן... ווען אַ זי אָבער, פאַרלירט די בושה, מוז זי ברענגען אַ זינד אין איר הויז. אַזאַ איינע מוז פאַרומווירדיקן אפילו דאָס הייליקסטע, אַלץ וואָס לעבט אַרום איר...

די אַלטע אינעס, וואָס איז שווייגנדיק ווי אַ שטומער עדות אַנט־קעגן איר אַלטן געזעסן, האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון דרימלען. דאָס פּנים אירס האָט זיך מאָדנע צעקרומט און דאָס איינציקע אויפגעפלאַמטע אייגל האָט מיט אַ בייזער קללה אַ לויער געטון צו דער ראַנטשע... זי האָט אַ שווערן קרעכץ געטון און איבערגעטראָגן דאָס אייגל אַף איידלען... איידל האָט אויסגעמיטן דער אַלטערס בליק, נאָר אַלע דריי האָבן געהערט

טיטאָס פּרעך געלעכטערל, אַן אַנגענומענס מיט ניצחון... אַ ווײַלע האָט אַן אַנגעצויגענע שטילקייט געהערשט, באַלד אָבער איז ווידער די מאַמע־הון אויפגעשפּרונגען מיט אַ יעכץ און לעבן איר, אין טיפן פייכטן גראָז, זײַנען צוויי מענטשן — אַ מאַן מיט אַ פרוי — אַ פּאָל געטאָן... דער אָפּשײַן פון זייערע צעוואָרפענע הענט און פיס, האָבן זיך ווי פינצטערע געשפּענסטער פאַר די אַלטע טאַטע־מאַמע פאַרבײַגעטראָגן...

סעפער האָט אַרײַנגענומען דעם קאָפּ אין בײדע הענט און זיך באַמיט אַז די שכנה זאָל זיך ניט דערגרונטעווען צו זײַנע געדאַנקען. ער האָט געוואוסט און געפועלט בא זיך:

— ניט די גרויסע שטאָט און אַפילו ניט קיין רײַכקייט קענען אים עפּעס לערנען... געלערנט האָט ער פון דער נויט און פון הונגער, מער וויפל זיי דאָרטן, אין די אוניווערזיטעטן... יענע גרויסהאַלטער קענען נאָך ניט דאָס לעבן!... אויך די שכנה האָט אים גענאַרט...

איידל האָט געגענעצט און ניט באַנומען דעם אַלטנס וואַכזאַמקייט. זי האָט אַ קוק געטון אויף זײַן קאַטרע וואָס איז שוין ווידער געשטאַנען לעבן דער טיר פון איר ראַנטשע און זיך ווידעראַמאָל דערמאָנט: סעפער דאַרף זי אָפּהיטן... אַנבעל איז נאָך ניט געקומען פון שטעטל... איידל האָט אויסגעצויגן די רעכטע האַנט און אַ טאַרע געטון דעם אַלטן:

— פאַרוואָס, דאָן סעפער, גייט איר ניט שלאָפן? די דאַניאַ אינעם איז מיד און שלעפעריק...

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיט געטרײַע אויגן אַ קוק געטון צום ווייב:

— די אַלטע מײַנע ווערט קײנמאָל ניט מיד — האָט ער אויסגערופן מיט וואַרימקייט און דערבײַ געגלעט אירע הענט — אין די יונגע יאָרן האָבן מיר כסדר געוואוינט כמעט אינדרויסן, געלעבט אין אַ גרויסן באַרג שפּאַלט... שפּעטער זײַנען געקומען די ענגלענדער און אונדז פאַרטריבן פון דאָרטן... איך בין אָבער געווען פון די ערשטע באַרג־מענטשן וואָס האָבן אָפּגעקויפט בא אַן ענגלענדער, דעם דאָזיקן באַרג מײַנעם, צוועלף סענט דעם מעטער געצאָלט...

איידל האָט דערפילט אַז דער אַלטער האָט נאָך ניט אַרויסגעזאָגט דעם גאַנצן אמת. סעפער האָט לאַנגזאַם צעשאַרט דאָס פײַער אין בוים און צוריק אַרויפגעשטעלט דעם טשײַניק מיטן קאַלט געוואָרענעם וואַסער און צוגעשיט זשערבע צו דער מאַטע. אַרום זיי האָט אַ טיפע פאַרטראַכטקייט גערוט, אַן אָנגעפולטע מיט אַ מאָדנער אומבאַשטימטקייט. ווידער האָט זיך דערהערט דאָס קראַכן פון דינע קוסטן אונטער עמעצנס פיס און לוקעס אַ וואָרט האָט אַ פּאָל געטון:

— גיי שטיל, טיטאָ... דערצאָרן ניט מײַנע אַלטע, איך וועל דיך דערשטיקן...

סעפער איז געוואָרן אומרואיק. דאָס צײַנלאָזע מויל זײַנס האָט געציטערט ווי בא אײנעם וואָס כאַפּט זיך אויף פון אַ חלשות. ער האָט

פּלוצים אָנגעהויבן צערטלען דאָס קליינע, בלייענע יעזוסל, וואָס איז גע־האנגען אין א פּעטעלקע פון זיין אַלטער, פאַרשמאַלצעוועטער זשילעט שוין אַריבער צען יאָר. סעפּער האָט גערעדט ווי צו זיך אַליין:

ברענג גערעכטיקייט, פּאָטער מיינער, צווישן די שטערבלעכע...

איידל האָט זיך אויפגעשטעלט און אומניכעדיק אריינגעקוקט אין דער גערדיכטער בלויקייט, געקוקט צו דער ראַנטשע... סעפּער האָט פּלוצים אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זי דורכגענומען מיט די רויטע, צעקאַלויצעטע בלוט־פּלעקן פון זיינע אויגן־ווינקלען. איידלען איז אומהיימלעך געוואָרן, מאָדנע פרעמד און כיטרע האָבן די אויגן זיינע אויסגעזען. סעפּער האָט אַראָפּגעשלונגען די סלינע, זיך געגרייט עפּעס זאָגן און ווידער געשוויגן. איידל האָט זיך אָנגערופן:

— דאָן סעפּער, פאַרוואָס גייען מיר ניט מאַכן נאַכט? זיינט איר ניט מיד פון אומגיין א גאַנצן טאָג?...

איר וואַרעמע שטים, די ערלעכע, האָט דעם אַלטן צעטומלט... ער האָט ווידער א גלעט געטון דעם קליינעם יעזוסל און אריינגערעדט אין איידלס פּנים, דעם אומניכעדיק פאַרשלאָפענעם:

— אַלע וואָלטן באַדאַרפט גלויבן אין הייליקן פאָטער... פון אַלע אומגליקן שיצט ער מיך...

די שכנה האָט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט אפן גראָז און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אף ביידע הענט, אים רואיק געקוקט אין פּנים. סעפּער האָט זיך א ווײַלע פאַרטראַכט, קענטיק געווען ער האָט זיך געגרייט עפּעס צו פרעגן בא דער שכנה. אין דעם האָט די אַלטע אינעם איבערגעריסן די שטילקייט:

— פאַרוואָס זאָל דער דאָן סעפּער ניט דערציילן וויפל מאָל דער הייליקער יעזוס האָט אונדז גוטס געטון... פאַרוואָס זאָל אַדעלאַ ניט וויסן פון דעם...

נייַגיקייט איז אויסגעגאָסן געווען אף איר פּנים און ביטערניש. סע־פּער האָט זי אָנגעקוקט מיט דאַנקבאַרע אויגן און אָנגעהויבן דערציילן:

— ווען איך בין נאָך געווען יונג האָב איך ליב געהאַט צו שטעלן אף זיך. בין איך איינמאָל אין א הייסן זומער טאָג אוועק צופוס קיין קאָרדאָבע, איך בין געגאַנגען צאָלן די פערצן פּעזעס חודש געלט פאַרן באַרג. יענעם זומער האָט ניט גערעגנט, די בערג זיינען געווען טרוקן און באַוואַקסן מיט געלן קאַלך. אונדזערע בהמות און די עופות זיינען גע־שוואָלן געוואָרן און אומגעקומען. אויך א סך פון די באַרג־מענטשן זייַ־נען געשטאָרבן. די וועגן זיינען געשטאַנען פּוסטע און באַדעקטע מיט קאַלך וואָס די ווינטן האָבן אַראָפּגעטראָגן פון די בערג ניט געווען קיין ברונעם אף די וועגן און ניט קיין טייכל, אַלץ איז פאַרשרפהט געוואָרן... און איך גיי און דער קאַלך בראָט מיר די אויגן און דעם גומען און אַרום מיר — בערג, ווייסע ווי די מתים, באַדעקטע מיט טויטע פייגל, מיט ציגן און מיט אייזלען. אַלץ שרפהט זיך אונטער א רויטן, פייערדיקן הימל...

דער דורשט און דער הונגער האָבן מיך געמאַכט משוגע. איך האָב

פאַרלוירן דעם געדאַנק, פאַרלוירן יעדן מענטשלעכן געפיל. האָב איך מיך פאַרשטעקט אין אַ באַרג־פאָלד נאָענט באַם וועג און געוואַרט. מיין רעכטע האַנט מיטן שאַרפן מעסער האָט געציטערט פון אומגעדולד... איך ווייס ניט ווי לאַנג איך האָב דאָרטן געוואַרט... אָבער צום גליק און אַ דאַנק דעם הייליקן פאָטער, איז אין יענע שאָען קיין שום מענטש ניט פאַר־בייגעגאַנגען...

די אַלטע זיינע האָט אים איבערגעשלאָגן די רייד:

— ווייל איך בין געווען באַם פאָטערל, געווען אין קלויסטער... דערציילט, אַז דו ביזט אין וועג... האָט ער באַ מיר אַ קליין ציגעלע צוגע־נומען און אויסגעבעטן באַ יעזוסן, ער זאָל דיך אָפּהיטן...

סעפּער האָט געזיפצט און מיט פרומקייט צום הימל געקוקט. יסורים און ריינקייט האָט געוויעט פון צווישן די ברייטע קנייטשן אַף זיין שטערן. ער האָט ווידער אָנגעהויבן דערציילן:

— און דער הייליקער פאָטער האָט מיר כוח געגעבן, בין איך אין יענעם טאָג געגאַנגען אַהין און צוריק פון דער שטאָט... ניט געהאַט אין מיין מויל קיין ביסן ברויט, קיין איין זופּ ווייַן!... אָבער פאַר מיין באַרג האָב איך געצאָלט פינקטלעך... ווייל דער ענגלענדער, דער נייער באַלע־באָס איז געווען אַ שלעכטער, נאָר מורא האָט ער געהאַט פאַר אונדז, ווי פאַר דעם טויט...

שפּעטער האָבן דאָ געוואוינט עטלעכע רייכע ענגלישע פאַמיליעס און זיי האָבן זיך אַראָפּגעבראַכט אַהער אַ קאָמיסאַר, אויך אַ שלעכטער, ווייזט אויס געווען אַן אויסלענדער, דער הינטישער זון... מיך האָט מען באַשטימט פאַר אַ „ווישילאַנט”... איך האָב אָבער ניט פאַרקויפט מיין נשמה צום טייוול... איך האָב אויסבאַהאַלטן באַ מיר אין ראַנטשע די שיכורע קריאָזשעס וואָס איך האָב געטראָפן באַם שענקל. דער קאָמיסאַר האָט באַ מיר געוואוסט זייער ווינציק... די באַרג־מענטשן האָבן מיך באַ־לוינט: פון ציט צו צייט צוגעשיקט אַ יונג שעפּסעלע, אַ ציגעלע, אָדער אַ פעטע הון. איך האָב דאָס קיינמאָל ניט אויפגעגעסן אַליין: אָפּגעשפּאָרט פון מויל און אוועקגעטראָגן אין קלויסטער צום פאָטערל... און ער האָט געבעטן באַם הייליקן יעזוס, אַז די נשמה מיינע זאָל ניט באַאיינפלוסט ווערן פון די אויסלענדער...

ראַמירעזן, דעם סערזשאַנט, האָבן די באַרג־מענטשן געהאַסט; ער האָט זיי פאַראַטן. יעדן שיכורן קריאָזשע אַריינגעוואָרפן אין קאַלאַבאָס, שטיקער האָט מען פון זיי דאָרטן געריסן... באַצאָלט האָט ער, דער פּחדן, פאַר אַלע זיינע עוולות צו די אייגענע...

ער האָט זיך אויסגעזיפצט און שוויינגנדיק אַ קוק געטון צו איידלען. די אַלטע זיינע האָט זיך געבעטן:

— אפשר, דאָן סעפּער, וועט זיין געננוג אַף היינט?

ער איז אָבער געווען וואַך און אויפגעלעבט פון די אייגענע דערי־נערונגען. סעפּער האָט ווידער אָנגעהויבן דערציילן און אַלץ געזוכט דעם

וועג, דעם געדאַנק וואָס זאָל אים אַרויספירן אַף דעם שמועס וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דער שכנה זיינער.

— נאָך אַ ליבלינג האָבן דאָ געהאַט די בארג־מענטשן, — האָט ער גרויסהאַלטעריש אויסגערופן — אַ בחור פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. אַ הויכער און אַ שיינער. געוואַגט און בראַוו. ער האָט געוואוינט מיט זיינער אַ באָבע אין די סאַמע ווילדסטע באַרג־פּאַלדן. פון צייט צו צייט האָט ער זיך געיאָוועט אין שטעטל, צונויפגערופן די קליינע בחורים־לעך און זיי געלערנט אומגיין מיט אַ מעסער... אַלע האָבן אים ליב גע־האַט און באַוואונדערט. אויך אין די נעכט האָט ער זיך הערן געלאָזט. זיין שפּילן אַף דער גיטאַרע, זיין זינגען, האָט אונדז אַ סך מאָל פון שלאָף אויפגעוועקט. די שוואַכערע מענער זיינען געוואָרן אייפערזיכטיק... די אויסלענדער האָבן אים געהאַסט... זיי האָבן אַרויסגעבראַכט אַ קלאַנג: דער יונג גנבעט בא זיי אָוועק די שאָף מיט די ציגן און צעשענקט זיי די אָרע־מע קריאָזשעס...

וויפל מאָל פּאָליציי האָט מיך געשיקט נאָך אים, האָב איך פריער אָוועקגעשיקט אַהין מיינס אַ קינד. שטענדיק האָבן מיר דאָרט געטראָפן אַ לייזיקע ראַנטשע...

אין אַ זונטיק פאַרטאָג, נאָך דעם ווי מען האָט אים ניט געזען אין שטעטל אַ לענגערע צייט, האָבן מיר ווידער דערהערט זיין גיטאַרע... מחנותווייז זיינען אַהין געלאָפן די באַרג־מענטשן, ווייבער און קליינע קינ־דער, עלטערע מענטשן — אַלע האָבן אים געוואָלט זען. און ער איז גע־זעסן אַף אַ שטיין לעבן אַ באַרג און געשפּילט. די ווייבער האָבן זיך איבערגעצלמט, אַנידערגעקניט ווי פאַר אַ הייליקן... איין קריאָזשע איז געוואָרן ווילד, מיט געוואַלד אַרויפגעזעצט זיין ווייב אַפן אייזל און זי אָפּגעפירט אַהיים...

— דער מאַריאַנאָ — האָט ער געשריען — וועט אַלע ווייבער פון שטעטל פאַרכישופן...

שפּעטער איז מאַריאַנאָ אַרומגעגאַנגען איבערן שטעטל, אויסגעפּוצט אין אַ נייער פּאָנטשאָ, מיט אַ נייעם רויטן הוט. געשיינט האָבן די שוואַרצע קלוגע אויגן זיינע. ליבשאַפט צו די אָרעמע איז געווען אין זיי. איך האָב אים אונטערגעשיקט מיין זון און ער האָט אים געזאָגט:

— מאַריאַנאָ, מיין פּאָטער האָט אייך געהייסן זאָגן, אַז דער סער־זשאַנט ראַמירעז גייט אייך אַרעסטירן...

מאַריאַנאָ האָט געלאַכט. ראַמירעז איז אָנגעלאָפן, אַרויסגעכאַפּט דעם געלאָדענעם רעוואָלווער און באַפוילן:

— קאַוואַליר, גיט אייך אונטער...

מאַריאַנאָ האָט געפאָלגט. דער קאָמיסאַר איז פונקט ניט געווען. איך און דער סעקרעטאַר האָבן אים באַגעגנט ווי אַן אייגענעם... דער סעקרע־טאַר האָט זיך אפילו דערשראָקן, זיך פאַרנויגט און אַ זאָג געטון:

— ניט איך, דאָן מאַריאַנאָ, האָב אייך געהייסן אַהער ברענגען...

איך האָב מאַריאַנאַן אונטערגעטראָגן אַ שטול. ער האָט מיר געדאַנקט און דערלאַנגט די שטול דעם סערזשאַנט ראַמירעזן: — זיצט, — האָט מאַריאַנאַ אַ באַפעל געטון און צלמט אייך איבער...

דער סערזשאַנט איז געוואָרן ווילד און האָט אויסגעשאָסן דריי קוילן פון זיין רעוואָלווער. מאַריאַנאַ האָט זיך אָבער פלינק אויסגעדרייט פון זיי. באַלד זיך אַ וואָרף געטון צו ראַמירעזן, אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער בײַ אים, וואָס איז שוין געווען ליידיק און אוועקגעלייגט אַף אַ באַנק. מאַריאַנאַ האָט אַרויסגעצויגן פון גאַרטל זיין אייגענעם רעוואָלווער און אוועקגעלייגט דעם סערזשאַנט. זיך אוועקגעזעצט אין קאָמיסאַרס אָפיסינאַ און געוואַרט...

די באַרג־מענטשן האָבן אים אָבער וואַרטן ניט געלאָזט. זיי האָבן אויפגעריסן די טירן און די פענצטער פון דער קאָמיסאַריע און אַ כאַפּ געטון מאַריאַנאַן צו זיך אַף די קעפּ... טאַנצנדיק און שרייענדיק פון פרייד האָבן זיי אים אומגעטראָגן איבערן שטעטל... דעם קאָמיסאַר האָבן זיי אויך געוואָלט צערעכט מאַכן, נאָר דער גוטער מאַריאַנאַ האָט זיי ניט דערלאָזט...

.10

סעפער איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַרום אים איז אַ טונקעלע גרינקייט אויפגעגאַנגען, דורכגעוועבט מיט צעריסענע בלויע שטיקער שיין. פון ערגעץ ווייט האָט זיך אויסגעוויקלט דאָס מאָנאָטאָנע קרייען פון אַ האָן און באַלד האָבן זיך עטלעכע הענער מיטאַמאָל אַ צעגאָרגל געטון, אָפּגעענטפערט זייער כאַוער, אים גערופן ווי מיט טעמפּע קלויסטער גלאָקן. מיט אַ מידן אויסגעלאָשענעם רעווע, איז פאַר סעפערס שטוב שטיין געבליבן דער אָמניבוס, וואָס אַנכעל האָט צוגעפירט. געקוקט האָבן די בלויע אויסגעלאָשענע שויבן אין דער אַרומיקער פוסטקייט, זיך איינגעהערט ווי אַנכעל שלייכט זיך איבערן הויף און די שיכורע אויגן זיינע זיינען ווי צוגעשמידט צו דער אָפענער טיר פון איידלס ראַנטשע...

ער האָט זיך אויסגעצויגן אין גראָז און צוגעפּויזעט אַף אַלע פיר. אומרו און שיכרות האָט געברויזט אין זיין בלוט. אַנכעל האָט ניט געוואוסט וואָס ס'טוט זיך מיט אים. מיט אַ צעטומלט פּנים און מיט צוויי אויפגעבליצטע אויגן פון אַ טיגערטע איז דאָס ווייב זיינס אַרויסגעשפּרונגען פון הינטער דער ראַנטשע. אים אַ נעם געטון פאַר אַן אויער און געצישעט אין דער באַנאַכטיקער שטילקייט אַריין.

— האָסט גליק, וואָס די שכנים שלאָפן... דו שיכור... מאָרגן וועל איך אַליין אַ רייד טון מיט איר... מיר וועלן שוין זען...

ער איז אויפגעשפּרונגען ווי אַ ווילדער צאַפּ, אַ כאַפּ געטון סינפּאַ־

ראָסען אין זיינע אָרעמס און זיך אריינגעשלייכט מיט איר איןביידל. אַרום איז ווידער געווען שטיל. נאָר אין איידלס האַרץ האָט אַ יאָמער געטון די פּיין און די באַליידיקונג, זי אַף שטיקער צעריסן.

די אַלטע האָט אַ מידן גענעץ געטון, קענטיק געווען, אַז מאַן און ווייב האָבן ניט באַמערקט וואָס די שכנים זיינע האָבן דורכגעפירט... איידלען איז ליב געווען דאָס זיצן אין דרויסן. זי האָט זיך צוגעבויגן צום אַלטן, אים אַ צי געטון פאַרן אַקסל און שטיל געמורמלט:

— דאָן סעפער, איך האָב אייך עפּעס צו זאָגן... מער קען איך ניט וואַרטן... איך האָב מורא...

ער האָט זיך אויסגעגלייכט און אריינגעשטאָכן אין איר בלייך געוואָרן פּנים די רויטע בלוט־פלעקן פון זיינע אויגן־ווינקלען. איידל האָט אַ ציטער געטון. זי האָט ניט באַנומען דעם אַלטנס טראַכטן און אויך ניט דעם באַגער צו ריידן אַזויפיל. אייגנטלעך האָט דאָך אַן אומגליק געשען מיט זיין זון — האָט זי אַ טראַכט געטון מיט אַ מאָדנעם ווידערגעפיל.

סעפער האָט זי טראַכטן ניט געלאָזט, ער האָט אַ צעקרומטן שמייכל געטון און אויסגערופן מיט רוגזה:

— איך ווייס שוין פון אַלץ... צו אייך, פרוי אַדעלאַ, האָב איך גאָרניט... אָבער דעם אמת באַהאַלט מען ניט אוים פון קיין אייגענע... ס׳איז ניט שיין!...

איידל האָט אַרויסגעפילט פרעמדקייט און אַ טיפן באַנג פון יעדן וואָרט זיינעם. זי האָט דערפילט אומרו און פּיין. האָט אויפגעשטעלט די הענט אַנטקעגן זיין פּנים און אויסגערופן באַהאַרצט:

— איר האָט מיך ניט פאַרשטאַנען, דאָן סעפער... גאָר פון אַן אַנדער זאַך וויל איך מיט אייך שמועסן...

— איך ווייס... — האָט ער אומגעדולדיק אַ מאַך געטון מיט דער רעכטער האַנט און איר ניט געלאָזט קומען צום וואָרט, — היינט האָט מען מיר אויפגעקלערט דעם פּלאַנטער. די אידן. הער איך, גרייטן זיך צו ווערן גאַנצע באַלעבאַטים איבער מיין פּאַטערלאַנד...

איידל האָט אַ שמייכל געטון און זיך פּלוצים דערמאָנט פון די אייביקע טענות, דאָרטן פון די היימישע פּויערים, בא איר אין דאָרף. אויך יענע האָבן שטענדיק געהאַט תרעומות צום טאַטן אירן: אַלמאַי די זשידאָנעס פון דער גאַנצער וועלט ווילן צונעמען בא זיי דעם דאָרף, גאַנץ בעסאַראַביע. זי האָט זיך געפילט אומעכטיק אַנטקעגן דעם אַלטנס פאַרהאַרטעוועט שטומען. אָבער אַף קיין האָר ניט שולדיק... פאַרשטאַנען, אַז דער אַלטער פילט זיך אָפּגענאַרט און באַליידיקט. בעסער וואָלט געווען צו לאָזן אים איבערנעכטיקן אין דרויסן אַף דער פרייער לופט און דער טשאַד וועט אפשר אויסגעוועפּט ווערן פון אים...

די אַלטע אינעם, וואָס מישט זיך זעלטן אריין אין אַלטנס געשפּרעכן, אויך זי איז דאָס מאָל מאָדנע וואַכזאַם געווען. אָנגעשטעלט אַף איידלען דאָס ווילדע בעלמע אייגל און גערעדט:

— די וועלט האַלט אונדז פאַר ווילדע, אָפּגעשטאַנענע, פאַר אינ־דיאַנער... און ס'איז ניט אמת... מיר קענען די וועלט... מיר קענען דאָס לעבן!... מיט אַ צענדליק יאָרן צוריק האָבן מיר אפילו געזען בילדער!... יאָ, מיר האָבן געזען!... און ס'איז געווען שיין, טאַקע פּונקט ווי אין לעבן... אַ סך פעטע קי האָבן אומשפּאַצירט אַף אַ גרין פעלד. און זיי האָבן געגעסן דאָס גראָז די קי... און אַנדערע זיינען געשלאָפן באַם זוים פון אַ טאָל... איינע פון די קי איז פלוצים געוואָרן ווילד, האָט זי געוואָלט אַנטלויפן, נאָר דער פּאַסטעך האָט זיך גלייך געכאַפּט, איר אַרויפגעוואָרפן אַ שטריק אַף די הערנער און זי צוגעבונדן צו אַ בוים... געדענקסט, סע־פער, אַ?...

דעם אַלטנס פּנים איז באַגאָסן געוואָרן מיט וואַרימקייט און מיט פרייד. ער האָט אַ פיר געטון מיט אַ האַנט פאַר דעם ווייבס פּנים און געבעטן:

— לאָז אַלטע און איך וועל דערציילן דאָס איבעריקע: אויך גרויסע מאַלפּעס האָבן מיר דאָרטן געזען, וועווערקעס און חזירימלעך. דער פּאַס־טעך האָט זיך געשפּילט מיט אַ וועווערקע, איר געקושט. נאָר די וועווערקע איז אַריינגעשפּרונגען צו אים אין מויל און זיך אַריינגעגליטשט אין מאָגן... דער פּאַסטעך האָט געלאַכט מיט אַ ברייט אָפן מויל און מיט פרייד... אויך מיר, די באַרג־מענטשן האָבן געלאַכט... שפּעטער האָבן מיר די זאַך אַנדערש פאַרשטאַנען: ווי אַזוי קען אַ שטערבלעכער לעבן מיט אַ וועווערקע אין מאָגן?... איך בין דער ערשטער געלאָפן צום לייוונט... אַ סך, כמעט אַלע צוקוקער האָבן זיך אַ הייב געטון פון די פּלעצער... און פּלוצים! — מיר ווייסן ניט ביז דעם היינטיקן טאָג ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען, דער פּאַסטעך שטייט פאַר אונדז, דראָעט מיטן ווייזפינגער און די וועווערקע, אַ דערשראָקענע, אַ נאַסע, שפּרינגט צוריק אַרויס פון זיין פּיסק... און דער פּאַסטעך לאַכט און לאַכט...

אין יענער וואָך האָבן מיר געהאַט אַ סך פרייד: מענטשן פון דער גרויסער שטאָט זיינען געקומען צו אונדז אַף אַ חתונה. כבוד האָט מען מיר מיט מיין ווייב אָפּגעגעבן, ווייל איך בין אַמאָל געווען אַ ווייזשילאַנט, בין דער עלצטער באַרג־מענטש פון דעם שטעטל, מיר זיינען געזעסן אויבן אָן לעבן חתן־כלה און מען האָט אונדז אַראָפּגענומען אַף בילדער...

איידל האָט שוין יענע מעשה טויזנט מאָל אויסגעהערט פון אים, זי האָט זיך אָבער באַמיט צו זיין רואיק און אַרויסווייזן אינטערעס, ניט צו באַליידיקן חלילה, די אַלטע באַלעבאַטים, אירע. אויך האָט זי געוואָלט, ער זאָל פאַרגעסן אין זיין צאָרן, זי זאָל קענען ריידן מיט אים ווען ער וועט זיין ניכטער און פרום. איידל האָט אים אַ פרעג געטון:

— האָט איר כאָטשע געטאַנצט אַף יענער חתונה?

— די יונגע האָבן אַלצדינג פאַרכאַפּט, — האָט דער אַלטער אויס־געזיפצט און דערביי באַקומען אַ גרוי צעפּייניקט פּנים — קיין סאַמבאַ טאַנצן זיי ניט... די יונגע שטופּן נאָר אַריין איין פוס אין דעם אַנדערן —

דאָס הייסט באַ זיי געטאַנצט... אַ סאַמבאַ האָט געטאַנצט די אַלטע כאַ־סעפינאַ, אַ קריאָזשאַ פון אַריבער הונדערט יאָר... מען האָט זי אַהער גע־בראַכט אַף דער חתונה. געלט האָט מען איר געגעבן און מתנות...

די אַלטע האָט זיך פלוצים גענעבן אַ רוק צו צו איידלען און שטיל אַ פרעג געטון:

— זאָגט, דאָניאַ אַדעלאַ, צי זיינט איר טאַקע פון די אמתע כודיאָס?

איידל האָט אַרויפגעליינט אַ האַנט אַף דער אַלטער קאָפּ און איר אַריינגערעדט אין געלן קרענקלעכן פּנים, דעם באַדעקטן מיט צערודערונג:

—יאָ, דאָניאַ אינעס, פון די אמתע כודיאָס בין איך!...

— זאָגט דאָס ניט! — האָט סעפער אויסגערופן מיט געבעט — יענע זאָגט מען דאָך זיינען דעם טייוולס קינדער... זיי האָבן ניט קיין גאָט!... אומעטום, וואוהין ס'באַווייזט זיך איינער פון „זיי", קומט אויך דער אומגליק, דאָס שלעכטע...

איידל האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אַף דער אַלטערס קאָפּ און איר דער קלויסטער-תורה, וואָס האָט ווי אַ שוואַרצע קראָ איבער די קעפּ פון די עלטערע אידישע איינוואוינער, דאָרטן אין איר טאַטנס דאָרף — געווייעט און זיי פאַרומערט דאָס לעבן, האָט זיך אויך דאָ, באַם אַלטן סעפער אַ צעשריי געטון און זי פלוצים צוריק אַרויפגעפירט אַף אַלטע אויסגעוויינטע וועגן, די באַגאָסענע מיט אידישן בלוט און מיט טרערן, די פאַרומווירדיקטע, דורך דער „קריסטלעכער גרויסקייט און איר ברייט־האַרציקייט, די ליבע צום מענטש". איר איז אָבער ליב געווען צו פילן, אַז קיין איין מענטש פון איר פאָלק, ווי נישטיק און פאַרדאָרבן ער זאָל ניט זיין, איז דאָך ניט פעיק אָנצופילן עמעצנס האַרץ מיט אַזויפיל האָס און בלוטדורשטיקייט...

אַ פיינלעכע שטילקייט האָט זיך אָפּגעזעצט אַרום זיי. סעפער האָט אָנגעשטעלט דאָס אויפגעשווידערטע פּנים אָפּן ווייב, ביידע האָבן זיך שטום און פאַרשטענדלעך אָנגעקוקט. אין סעפערן האָבן געקלאַפּט אַלע פולסן, ווי די שרויפן פון אַ צעבראָכענעם זייגער וואָס האַלט באַם פּלאַצן. איידל האָט אַרויסגעפילט דעם פאַרדרוס, די פאַרביטערונג וואָס האָט געליאַרעמט אין די באַלעבאַטים אירע. געדאַכט האָט זיך איר, אַז אָט, באַלד, וועלן זי די אַלטע לייט אַ כאַפּ טון און צובונדן צו אַ בוים און אונטער ווילדע קולות פון המון, אונטער קלאַנגען פון האַרפן און פייקלעך, זי פאַרשרפהן ווי די בישופמאַכערן פון קאַסטיליע...

זי האָט אַריינגעטענהט אין אַלטנס פאַרקלאָגט געוואָרענעם פּנים:

— ווען איך שטאַם פון אַ שלעכט פאָלק, דאַן סעפער, וואָלט איך אייך געגאַרט... זיך פאַרלייקנט... די גאַנצע וועלט ווייסט אָבער, אַז מיר זיינען די קינדער פון ישראל... די עלצטע שוועסטער און ברידער אייערע — האָט זי מיט אַ צעפלאַמטן, איבערגעטריבענעם נאַציאָנאַליזם אויס־גערופן.

דער אַלטער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אַף ניין:
— וועגן דעם ניט געהערט.
— יאָ, איך פֿאַרזיכער אייך, דאָן סעפּער! — איז איידל געוואָרן צודרינגלעך און די אויגן אירע האָבן זיך צעפֿינקלט — אויך דער הייליקער פּאַטער אייערער און די מוטערל מאַריאַ, זיינען כודיאָס...
סעפּער האָט אַ ציטער געטון. די רויטע בלוט־פֿלעקן פֿון זיינע אויגן־ווינקלען האָבן זיך צעצונדן... זיי האָבן דורכגעבויערט איידלס פּנים, דאָס רואיקע און באַגאַסענע מיט ווירדע...
— מיר ווייסן, — האָט ער פֿאַרביסן אַ צישע געטון — די כודיאָס האָבן אים דערהרגעט, דעם זון פֿון גאָט...
— ניין, מען האָט אייך גענאַרט!... באַשווינדלט!...
— איר זענט ווייט פֿון זאָגן דעם אמת! — האָט דער אַלטער אַ געשריי געטון ניט מיט זיין קול — איר וואוינט אין מיין הויז, איך בין צו אייך גאַסטפֿריינטלעך, וואָגט ניט צו לעסטערן מיין גאָט!... דער הייליקער פּאַטער איז געווען אַ קריאָזשע... אַלע ווייסן מיר דאָס...
דער אַלטער האָט געציטערט. זיין פּנים איז געוואָרן געל און אויפֿגעשווידערט. ער האָט אַריינגענומען צווישן די פֿינגער דאָס בלייענע יעזוסל וואָס איז געהאנגען אין דער פּאַטעלקע פֿון זיין זשילעט, דאָס לאַנג און געטריי אַרומגעטאַפּט און ביטער געזיפֿצט. איידלען איז שווער געווען צו ווייסן וואָס באַם אַלטן אין האַרץ האָט זיך געטון: צי האָט ער געפֿילט, אַז דער הייליקער האָט זיך באַנאַרישט... אָדער גאָר די שכנה זיינע, די עקשנותדיקע אידישקע, וואָס האָט זיך פֿלוצים אַריינגעריסן אין זיין קריסט־לעכטן קעניגרייך און וויל אים פֿאַרומווירדיקן מיט איר אידישן יחוס... געזען האָט ער דעם הייליקנס צעקרומטן פּנים, די אַנטבלויזטע ברוסט מיט דער אָפֿענער וואונד... יענץ בילד, דאָרטן אין קלויסטער, פֿאַר וועלכן ער קניט אַזוי ריין... און וואָס הערט ניט אויף צו מאָנען גערעכטיקייט....
אויך איידל איז געוואָרן אומרואיק; זי האָט באַדויערט די פֿאַרוואונדעטע פֿריינטשאַפֿט פֿון די אַלטע לייט און זיך באַמיט זיי ווידער צו געווינען.
זי האָט ווידער די אַנגסטלעכע שטילקייט איבערגעריסן:
— דאָן סעפּער — האָט זי באַהאַרצט אין זיין אויפֿגערודערטן פּנים אַריינגעטענהט — ניט די אידן, נאָר די רוימער זיינען באַגאַנגען דעם פֿאַרברעכן. זיי האָבן פֿאַרמישפּט צום טויט דעם הייליקן פּאַטער אייערן. אין יענער צייט — האָט זי מיט אַ הייליקער אויפֿגערוימטקייט אַ שעפּטשע געטאָן און דערביי ברייטער די קלאָרע אויגן אירע צעעפֿנט, ווי זי וואָלט וועלן אַז דער אַלטער זאָל אַרויסזען דורך זיי די גוטע אַב־זיכטן, וואָס האָבן געציטערט צווישן די אָנגעצונדענע סטרונעס פֿון איר באַליידיקט האַרץ — דעמאָלט האָט מען, לויט די אידישע געזעצן, נאָך זעקס אַזייגער בייטאָג קיין טויט־אורטייל נישט געטאָרט אויספֿירן; יעזוסן האָט מען אומגעבראַכט נאָך האַלבער נאַכט... די אידן האָבן אין די

יום-טוב-טעג קיינעם נישט באַשטראָפט. געלערנטע מענטשן זאָגן, אַז יע-זוס איז געשטאָרבן פּסח...

ער האָט זי נישט פאַרשטאַנען. ווידער אַ בייזן צישע געטון:

— דרך ארץ מעג מען האָבן פאַר דעם עלצטן בארג-מענטש און אים מער נישט נאַרן...

איידל האָט געזיפצט, אַרויפגעלייגט ביידע הענט צו זיך אויף דער ברוסט און זיך פאַרענטפערט, פאַרלוירן געשטאַמלט:

— איך וויל ניט באַליידיקן אייער גאָט... ער איז דאָך מיין איינן בלוט... מיר, די אידן — האָט זי מיט איבערצייגונג צוגעגעבן — זיינען גאָר שטאָלץ מיט יעזוסעס גרויסער נשמה... אַ גרויסער אידעאַליסט גע-ווען...

סעפּער האָט געברענט. דער צאָרן אין אים איז געוואַקסן ביז אי-בער די ברעגעס פון זיין צעשווימט הארץ, דעם איבערגעלאָפענעם מיט האַס און מיט ווייטיק. מיט בלינדע נקמה געפילן. ער האָט זי ספּאָנטאַן אָפּ-געשטויסן פון זיך און מיט ווילדקייט אויפגעשפּרונגען פון אָרט. פלינק און אומבאַזאָכט אַרויסגעצויגן דעם מעסער פון גאַרטל, די אויפגעבליצטע אויגן זיינע, זיינען ווי צוויי רויטע קוילן, אומזיניק געהאַנגען איבער איידלס געבויגענעם קאָפּ.

פאַרשאָלטענע אידישקע, ניט קיין מענטש איז ער געווען, דער הייליקער, נאָר דער זון פון גאָט, אַ קריאַזשע...

אין דער באַנאַכטיקער בלויער טיפקייט, די אָנגענומענע מיט אַ טי-פער דערוואַרטונג, מיט אויפגעציטערטן אָטעם, האָט פּלוצים און אויגנ-בליקלעך אַ בלענד געטון דעם אַלטנס שאַרפער חלף, איבערגעשניטן די גערדיכטע לופט, זיך רציחהדיק אַ וויג געטון אַהין און צוריק, דורכגע-קרייזט איבערן אַלטנס מאַיעסטעטיש פאַרהויבענעם קאָפּ און באַלד אַראָפּ-געגנידערט, מיט אַ שווערן קרעכץ זיך אַריינגעהאַקט אין שטאַם פון בוים, לעבן איידלס קאָפּ...

---

דער פרימאָרגן האָט זיך אַרויסגערוקט פון די גרויע שטיקער נאַכט און איז שטיין געבליבן אַ נאַקעטער, אַ בלייכער און אַ לויטערער. די בערג האָבן דעם לעצטן פוילן געגנעץ געטון און אויפגעהויבן די מעכטיקע קעפּ זייערע, אויסגערוטע און באַדעקטע מיט ראָזע, צעגלידערטע שטיקער וואָלקן און מיט פרייד. נאָר די סטעזשקעס צווישן די בערג וואָס טוליען זיך צום זוים פון טאָל זיינען נאָך באַדעקט געווען מיט אַ געדיכטער בלויער לופט, אַן אָנגענומענע מיט אַ לעצטן אינדערפריעדיקן דרימל, מיט געזאַנג פון אויפגעוואַכטע גראָזן און שאַרפע ריחות פון גרינע קאַקטוסן. געבונדן האָבן זיך די וועגן, זיך געשפּיליעט צווישן די צעגלידערטע שטיקער באַרג ווי די אָדערן אינעם מענטשלעכן אָרגאַניזם.

די מנוחה איז איבערגעריסן געוואָרן. דאָס האָט דער אַלטער סעפּער אין זיין ניט געזעטיקטן צאָרן געאיילט זיך צום גלח. ער האָט דורכגעשניטן

די באַרג-פעלדן, געקלאַפּט מיט די אָפּצאַסן פון די שיך איבער די אויפגע-טראָגענע זייטן פון זיין פערדל און אים פאַרן ציימל געצויגן. דאָס פערדל האָט שווער געסאַפּעט און געדיכטע קנוילן פאַרע האָבן אַרויסגעזעצט פון זיין אויפגעריסענעם פּיסק, דעם באַזוימטן מיט אַ געלער, געדיכטער סלינע און מיט שרעק. מיטאַמאָל האָט זיך דאָס פערדל געגעבן אַ צי אויס און מיט אימפּעט זיך אַריינגעריסן אין דער געדיכטער בלויקייט, זיך אַ הייב געטון אַלץ העכער און העכער, זיך ווילד געטראָגן צווישן די זיגזאַגיקע באַרג-פעלדן און מיט געבויגענע קני זיך אַראָפּגעלאָזט צום זוים פון טאָל.

דער טאָל איז געשטאַנען אַ פּוסטער און צעעפנטער. שוואַרצע שאָטנס האָבן געלויערט אַרום זיין אָפענעם איינגעווייד, זיך געצויגן און אויסגע-שפּרייט אַרום קליינעם, הילצערנעם קלויסטערל, וואָס איז דאָרטן, אַף הויכע פעלזיק גרויסע שטיינער געשטאַנען. סעפער איז אַרונטערגע-שפּרונגען פון פערד, זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון פינצטערן פּנים און זיך שווייגנדיק אַרומגעקוקט. ער האָט דערזען, אַז דאָס קלויסטערל איז נאָך געשלאָסן און די אימה אין אים איז געוואָרן גרעסער. סעפער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף די קני, דאָרטן לעבן די דריי שטיינערנע טרעפּלעך און זיך פרום איבערגעצלמט, קוקנדיק מיט שטאַרע אויגן אַף יעזוסעס בילד וואָס איז אַף דער שווערער געזונקענער קלויסטער טיר אויסגעמאָלט געווען. ער האָט געזען דעם אויסגעקוועמטן קאָפּ פון הייליקן פאָטער, דאָס קיילעכיקע אידישע בערדל און די גרעניצלאָזע פּיין אַף זיין אויסגעמאַ-טערט פּנים.

סעפער האָט געזיפצט, זיך אַוועקגעזעצט אַף די טרעפּ און זיך שטום געהוידעט אַף רעכטס און לינק; אַלץ אין אים איז אויפגעצאַפּלט געווען, די דערוואַרטונג צו דערוויסן זיך פון גלח דעם אמת, האָט אים איינזיצן נישט געלאָזט... ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען אַהין און צוריק. נאָר די טויטע שטילקייט אַרום אים איז ניט אָפּגעטראָטן, דאָס קלויסטערל איז אַלץ גע-שטאַנען שטום און נעבעכדיק, געהויקערט און מיד, ווי אַ זינלאָזע, קראַנקע באַביצע פון טויזנט יאָר, אַן אָנגעטוענע אין שוואַרצע תכריכים, באַדעקטע מיט שימל און מיט שרעק...

אויך איידל, דאָן סעפערס אידישע שכנה האָט זיך באַוויזן צווישן די בערג... איר פּנים איז געווען רואיק און מיד, באַדעקט מיט אַ טיפן באַנג... אַ ווייכער שימער האָט זיך געטוקט אין אירע אויגן, אַ לויטערקייט וואָס האָט זיך געריזלט אין האַרץ בא איר: יענע דערהויבונג, דאָס געזאַנג, וואָס האָט אַ טבע צו אַנטפּלעקן זיך נאָר דעמאָלט, ווען דער מענטש האָט דורכגעשוועבט איבער אַן אָפּגרונט... געשפּאַנט צווישן פייער און וואַסער, געוואַגלט איבער אַ לאַנגן, פּיינלעכן וועג, צו געפינען דעם טאָג... צו באַ-העפטן זיך מיט יענער ריינקייט וואָס איז שטאַרקער פון טויט און פון אַלע מענטשלעכע געמיינקייטן...

די זאָרג אָבער, די גרויקייט האָט זיך עקשנותדיק פאַרשטעקט אַרום די טיפע ווינקלען פון איר מויל און אַרויסגעשמייכלט פון דאָרטן, אַזוי

קלאָר און שטיל, ווי די פרומע און אויסגעפּרואוווטע אידישע מאַמעס, וואָס האָבן קיינמאָל דעם ביטחון ניט אָנגעוואוירן... איידל איז שטיין געבליבן. אַרויסגעלייגט די פאַרבונדענע פּעקלעך פון אירע הענט און אָפּגעזיפצט. אַרום איר זיינען שטיקער צעגלידערטע בערג געווען, באַדעקטע מיט קוסטן און מיט רויטע מאַרגאַריטקעס. פון יענע רייזלעך וואָס קומען אויף באַנאַכט און שטאַרבן אָפּ ווען די ערשטע זון-פונקען באַווייזן זיך. איידל האָט אַרויסגענומען איר שפּיגעלע פון האַנט-בייטל און אַריינגעקוקט אין דעם. זי האָט אַ ציטער געטון, אַ פרייד איז אין איר אויפגעגאַנגען און אַ טיפער טרויער: די נייע גרויע האָר אַרום אירע שלייפן האָבן איר צוגעגעבן חן און ווירדע... אַ געזעצטקייט נאָך וועלכער זי האָט שוין לאַנג געבענקט...

זי האָט צוריק באַהאַלטן דאָס שפּיגעלע און אויפגעהויבן דעם קאָפּ, די פייכטע אויגן האָבן אַ בלאָנדזשע געטון אַף יענע גוט באַקאַנטע וועגן וואָס פירן צו סעפּערס ראַנטשע. ס'האָט פון זיי געווייעט מיט היימישקייט און מיט באַנג... איידל האָט אַ טרויעריקן שמייכל געטון, זיך דערמאָנט ווי דער אַלטער איז אָפּגעזעסן ביז פאַרטאָג, דאָרטן אונטערן בוים. לוקע און די אַלטע זיינע האָבן אים געהיט... אויך זי, איידל, איז שוין ניט געשלאָפן, איז געזעסן באַם זוים פון וועג און דאָך געזען דעם צייכן פון אימה און פון שיפלות וואָס האָט זיך געשפּרייט איבער די באַלעבאַטים אירע. געפילט, אַז די וועגן צווישן איר און זיי זיינען זיך צעגאַנגען אַף אייביק...

זי האָט איבערגעטראָגן די בליקן צו יענעם סליאַד וואָס דער אַלטער האָט נאָר וואָס·געלאָזט הינטער זיך און געפילט דערביי ווי אַ לאַסט, אַ שווערע מאַסע, איז מיטאַמאָל אַרונטער פון איר: ווידער איז זי קיינעם גאָרניט שולדיק... צו טייער באַצאָלט פאַר דער פריינטשאַפט זייערער... איידל האָט שטום אַף דער אַרומיקער שטילער גרינקייט געקוקט, געקוקט אַף די בלויע טראָפּנס ראָסע, וואָס האָבן אַף די קוסטן געפינקלט און אַ טראַכט געטון:

— וואוהין גייט מען איצט?... צו וועמען?...

אַ לייכט זומער ווינטל האָט אַ צעשאָרך געטון די שטייפע בלעטער פון אַ ווילדן פייגן-בוים און זי פון טראַכטן אויפגעוועקט. איידל האָט אַריינגעקוקט אין צעפּראַלטן הימל, דעם וויים-בלויען און דורכגעוועבטן מיט רויטע שטיקער כמאַרע, צעזייעטע ווי אָנגערוקטע זיידענע קאַנווע. עטלעכע שמאָלע זילבער כוואַליעלעך מיט זון האָבן אַ בלענד געטון איבער די באַרג-שפּיצן, אַרומגעזוימט די שטייפע העלדזער זייערע, זיי באַצירט מיט דער פרייד פונעם טאָג. איידל האָט פלוצים אַ קוק געטון אַף אירע בינטלעך, וואָס האָבן שטום געוואַרט, זיך געשראָקן פאַר די ענדלאָזע פאַרדרייטע וועגן איבער וועלכע מען וועט זיי ווידער דאַרפן שלעפּן... וועגן, וואָס האָבן דורכגעפלאָכטן דאָס האַרץ פון די בערג און האָבן אויסגעזען ווי אַ פינצטער צעאַקערט מענטשלעך פּנים...

איידל האָט דערפילט אַ מאָדנע קילקייט אינעם סאַמע האַרץ־גריבל

און אַ טיפֿע בענקשאַפֿט... זי האָט זיך פּלוצים דערמאָנט אין דאָן בער-נאַרדאָס דריי טעכטער און דער שטומער ווייטיק וואָס האָט זיך געהאַט פֿאַרוקט ביז דעם מאַרך פֿון אירע ביינער, האָט ווידער אַ רודער געטון, ווידער דערמאָנט, אַז קיינער איז ניט ראַוי אויסצולעבן די פֿרעמדע פֿרייד, צוליב דער אייגענער באַקוועמלעכקייט... אַז יעדער מענטש מוז אַליין זיין אייגן לעבן שאַפֿן, וועט ער אויך פֿון זיינע מיטמענטשן געשאַנעוועט ווערן... פֿאַרשטאַנען, אַז אַ מענטש, אויב ער איז צו גוט, גראָבט ער אַליין שטופֿנווייז זיין אייגענעם קבר...

זי האָט געטראַכט און זיך איינגעהערט אין ריטמישן קלאַפּן פֿון איר אייגן האַרץ. לעב און גיי ווייטער! — האָט דאָס האַרץ געטענהט. און די ראָזעווע זון-פֿעדים האָבן זיך פֿון די בערג אַראָפּגעשלייכט און זיך מיט רחבות אָף די גרויע סטעזשקעס געשפּרייט. אַריינגעשמייכלט אין אײדלס פּנים און שטיפֿעריש געמורמלט:

— ביזט ניט אַליין, איידל!... די זון און דער הימל, די ביימער, די בערג, די טייכן און די וועלדער, די גאַנצע שיינקייט פֿון דער נאַטור שטייט דיר צו דינסט... מיר דינען אַלעמען גלייך... הייב אויף דיין קאָפּ און זע אונדז, דאַן וועסטו נייע לעבנס-קלאַנגען דערהערן, נייע פֿרייד דערפֿילן...

זי האָט די אויגן פֿאַרמאַכט. אייביקייטן גאַנצע האָט זי געוואָלט הערן יענע גלעטנדיקע שטים, וואָס האָט דאָס לייב אירס מיט וואַרימקייט אַנגעגאָסן. אין דעם האָט זיך דערטראָגן צו איר אַ דערשטיקט רעווען, אַ דראָענדיק ברומען וואָס האָט זי פֿון אָרט אָפּגעריסן. איידל האָט זיך נעבאַפּט, אַז דער ערשטער אָמניבוס שניידט איצט דורך דאָס שטעטל. זי האָט אַ נעם געטון די בינטלעך אירע, צוגעוואָרפֿן דעם לעצטן, באַנגיקן בליק צו די וועגן הינטער זיך און זיך אויסגעגלייכט, אַריינגעאָטעמט די קילע באַרג-לופֿט און אַ לייכטע רויטקייט האָט באַדעקט די בלייכע באַקן אירע. פֿון די האָטעלן און פּענסיאָנען וואָס זיינען אין די באַרג-נאָרעס פֿאַרשטעקט, האָבן אָנגעהויבן אַרויסצולויפֿן יונגע טוריסטקעס, באַלאָדענע מיט קליינע וואַליזעס און מיט בינטלעך. באַלאָדענע מיט פֿרייד און מיט געלעכטער. זיי האָבן זיך ניט אומגעקוקט אָף איידלען, זי אינגאַנצן ניט געזען, נאָר געפֿלויגן ווי די שוואַלבן, געאײלט צום אָמניבוס...

איינע פֿון זיי, אַ שווערלייביקע פֿרוי האָט זיך פֿאַרסאָפּעט, שטיין געבליבן אין מיטן וועג און נאָכגעקוקט די טוריסטקעס. געבעט און קינאה, פֿאַרוואורף האָט אַ בליץ געטון אין די באַליידיקטע בליקן אירע:

— מיידלעך, לויפֿט נים אַזוי!... — האָט זי אויסגעשריען און זיי צוריקגערופֿן מיט אַ האַנט, — הייסט דעם שאָפֿער צוואַרטן...

איידל האָט אַ קוק געטון אָף יענערס צעקרומט פּנים, דעם באַדעקטן מיט צאָרן און מיט פּיין, זי האָט אינסטינקטיוו אַ פֿעסטן נעם געטון אירע בינטלעך און זיך געלאָזט לויפֿן צום וועג, טראַכטנדיק צופֿרידן:

— טאָקע נישטאָ וואָס צו וואַרטן... ערגער איז דאָך, אַז מען בלייבט שטעקן צווישן די בערג און מען קען ניט לויפֿן צום אָמניבוס, ווי יענע שווערלייביקע פֿרוי...

אין אַ הייסן זומער־טאָג איז דאָס געווען. די שטילע הינטערגעסלעך זיינען געשטאַנען ווי שיכורע און אומבאַהאָלפֿן צווישן זיגזאַגיקע, מיט דינע קוסטעס פֿאַרוואַקסענע באַרג־פֿאַלדן געדוט. נעבעכדיק האָבן געקראַכט אונטער דער הייסער, צעגליטער מידבר־זון, די הילצערנע ראַנטשעס, וואו די מאָנאָטאָנע שטילקייט ווערט אַמאָל איבערגעריסן פֿון אַ שיכורן קריאַ־זשע, וואָס וואַרפֿט זיין שאַרף מעסער איבער אַלעמענס קעפּ און וויל מיט דעם איבערשניידן די לופֿט, אָדער פֿון אַ קליין אייזל, וואָס האָט פֿאַר־בלאָנדזשעט און איז שטעקן געבליבן ערגעץ אין אַ פֿעלזיקן באַרג־שפּאַלט. אַהין האָט זיך פּלוצים אַ מאָדנע צערודערונג אַריינגעריסן און ווי דורך אַ כּישוף אַרויסגעטריבן די באַרג־מענטשן פֿון זייערע באַהעלטענישן.

אַלטע און יונגע קריאָזשעס, מערסטנס ווייבער, טרוקענע, מיט פֿאַר־חושכטע פּנימער און מיט אַ פֿייכטן טוי אין די שוואַרצע, הונגעריקע אויגן, האָבן פֿאַרלאָזט זייערע ראַנטשעס און אויך די טיפֿע באַרג־שפּאַלטן, וואו זיי שטייען אָפּ שאָען־לאַנג לעבן וואַרימע וואַסערפֿאַלן און וואַשן זיי־דענע וועש און קליידער פֿון די רייכע טוריסטן. ווי צו אַ גרויסן יום־טובֿ זיינען זיי געלאָפֿן. אויך די פֿרעמדע, די טוריסטן, זיינען מיט זיי מיטגע־גאַנגען, זיך געוואָלט טיילן מיט זייער יום־טובֿ...

באַ דאָן כאָסע פֿאַריאַס, אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס צווישן די באַרג־מענטשן, איז געשטאָרבן אַ דריי חדשימדיק אינגעלע. די שכנים זיינע האַלטן דאָס מתּל פֿאַר אַ מלאך און האָבן זיך געגרייט אים צוטיילן אַ סך מיצוות, כּדי זיין נשמה זאָל וואָס גיכער אַריינשוועבן אין די הימלישע הויכקייטן. אויך דאָן כאָסע פֿאַריאַס איז מיטאַמאָל געוואָרן באַ זיי אַ יחסן. די ראָזיקע ווייבער האָבן אים געוואָלט אָפּצאָלן מיט זייער מיטגע־פֿיל פֿאַר די באַגאַנגענע זינד אַנטקעגן זיין ווייב און גענומען האָט זיך די גוטסקייט זייערע פֿון דעם, וואָס דאָן כאָסעס ווייב איז געלעגן קראַנק אין אַ קאָרדאָבער שפּיטאָל און געהאַלטן באַם שטאַרבן.

די ווייבער האָבן איר ביז נישט לאַנג פֿאַרסמט דאָס לעבן, זיי באַ־רעדט און נאָכגעקוקט יעדן שפּאַן, איר אַריינגעקראָכן אין דער גרגרת. זיי האָט פֿאַרדראָסן וואָס זי, דאָן כאָסעס ווייב, האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַרבן די נעגל און קרויזן די האָר, זיך אונטערפֿירן אונטער די אויגן מיט אַ שטיקעלע קויל און זיך צופֿן די ברעמען... גרויס איז געווען דער פֿאַר־דרוס זייערער, וואָס זי האָט זיך ליב געהאַט אָנצוטון אַ היטעלע אויף קאָפּ און ווען איר מאַן האָט אין זיין אויטאָ אַרויסגעפֿירט די רייכע טוריסטן אויסקוקן די בערג, פֿלעגט זי אויך מיטפֿאָרן... דערמיט, האָבן זיי גע־

האַלטן, ווערט פאַרשוועכט די אינטימקייט צווישן די קריאַזשעם און באַליידיקט זייער אָרעם לעבן און די באַשיידנקייט פון דער באַרג־פרוי...

דאָן פאַריאַס איז ניט פון יענע אויסגעשפּראָכענע קבצנים, ווי עס זיינען די מערסטע באַרג־מענטשן, די געבירטיקע; ער האָט אַן אייגן שטיבל מיט אַ פּאָר הונדערט מעטער באַרגיקע ערד און אויך אַן אַלטן אויטאָ. אין די זומער־חדשים, אין דער צייט פון טוריזם, פירט ער אַרום מיט זיין אויטאָ אויסקוקן די בערג און פאַרדינט בײַ די טוריסטן גאַנץ וואויל.

דאָן פאַריאַס האָט געוואוסט, אַז די שכנים האָבן זיך געוואָלט אין זיינע יסורים ריינוואַשן זייערע אומרואיקע געוויסנס, דערפאַר האָבן זיי אים צוגעהאָלפן אָפּהיטן דאָס קליינע קינד, וואָס האָט כסדר געקרענקט און געקרעכצט טיף און ווייטיקלעך, ווי אַ זקן... די ווייבער האָבן באַלעבאַטעוועט און געגעבן דעם קינד טרינקען דאָס וואַסער פון אַלערליי אויסגעזאָטענע גראָזן און אים אויך אָנגעהאַנגען עטלעכע בלייענע צלמלעך און קמעות, געבענטשטע פון גלח און פון דער הייליקער טערעסיטאַ...

דאָן כאָסע פאַריאַס איז אַ שטילער מענטש, אַ מאַכעטייסעדיקער, מיט צוויי טיף אַראָפּגעזונקענע אָקסלען, שווערע, און מיט טיפע, בלויע רעדער אונטער די ברוינע שטילע אויגן, וואָס קוקן גלייכגילטיק אויף אַלץ און אויף אַלעמען. ער האָט די הילף פון זיין ווייבס שונאים געמוזט אָנעמען און ער אַליין האָט אויך געזאָרגט פאַר דערווירטשאַפט און פאַר זיינע זעקס עלטערע קינדער. די דאָזיקע יסורים, האָבן אים אָבער אַ סך פריינטשאַפט און מענטשלעכן געפיל פאַרשאַפט. אויך די טוריסטן, זיינע קליענטן, און אַמערסטן די ווייבער, האָבן זיך געגומען אינטערעסירן מיטן גורל פון זיין קראַנק ווייב און קינד, זיך אָפּט נאָכגעפרעגט און זיי און אַמאָל אַפילו געשענקט אַ פּעקל באַמבאָנעס אָדער אַ גוטן טרינק־געלט. אַ סך מאָל, נישט האָבנדיק זיך וואו אַהינצוטאָן אין די הייסע זומער־שאָען, האָבן זיי ליב געהאַט צו קומען צו דאָן כאָסע פאַריאַס און אים אויסדריקן זייער מיטגעפיל. זיי האָבן זיך צעוואָרפן ווי די זאַטע קעלבער אין די הויכע גראָזן לעבן זיין שטוב און גענומען אויספרעגן:

— דאָן פאַריאַס, אייך איז ניט לאַנגווייליק צו וואוינען אין די בערג?

— ניין! — פלעגט ער זיי ענטפערן אַ גלייכגילטיקער און דערביי אומבאַהאָלפן געקנייטשט מיט זיין ברייט פלאַטשיקן שטערן, דעם אָנגעדוקטן מיט טיפע קנייטשן. און זיי האָבן אים ווידער געגודיעט:

— און מיר האָבן זיך ניט וואו אַהינצוטון, ס'איז שטאַרק הייס, פאַרברענגען איז נישטאָ וואו, עס איז ניט פריילעך... און וואָס מאַכט אייער ווייב?...

— נישט גוט, — פלעגט ער זיי ענטפערן אין טרויער. — דאָקטוירים זאָגן, זי וועט שטאַרבן...

— אַזוי? — האָט די פעטלייביקע טוריסטקע, דאָניאַ עלסאַ אויסגערופן. — נעבעך, אָרעמע פרוי, שוין אַזוי לאַנג ווי זי מוטשעט זיך...

און דאָס קינד וואָס מאַכט? — האָט זי מיט אַן אַרויסרופערישן טאָן אַ זאָג געגעבן, ווי זי וואָלט באַ אים אַן אַלטן חוב אָפּגעמאָנט, און ער האָט איר געענטפערט מער מיט זיינע שטילע, האַלב אויסגעלאָשענע אויגן, ווי מיטן מויל:

— נישט גוט, היינט אָדער מאָרגן...

די פעטלייביקע עלסאַ, וואָס האָט שיר געפּלאַצט אין אירע בלויע הויזן, איז אַן אַלטע קליענטקע זיינע. יונגע טוריסטקעס האָבן זי פיינט, לאַכן, וואָס זי טראָגט ענגע מענערישע הויזן און וואָס די שטיקער שמאַלץ פון אירע קליבעס, שפּאַרן אַוועק... זיי האָבן געלאַכט פון אירע איבער־געפאַרבטע באַקן, פון אירע געקרויזטע האָר אין עטלעכע געוועלקטע קאָ־לירן, פון די פילקאָלירטע בייטשלעך מיט קרעלן אַפן גראָבן, געקאָרטשעטן האַלדז, פון די גרינע און רויטע ביינערנע בראַסלעטן אַף די הענט... זי, דאָניאַ עלסאַ, האָט אָבער געוואָלט קאָנקורירן מיט די יונגע מיידלעך און ווייבלעך, פלעגט זי זיך אויספּוצן אין ראַשנדיקע זאַכן: די שיך — רויטע, דאָס קאָפּטל — בלוי, די פּאַטשיילע אַפן קאָפּ גרין און מיט אַ ברייטן געלן וואָלענעם גאַרטל אַרום דער טאַליע. זי האָט אַ סך אומגעשפּאַצירט צווישן די בערג, אומגעריטן אַף פערד, געפאָרן אַף ביציקלעטן, ליב געהאַט זיך צו ווייזן פאַר מענטשן מיט די שווערע גאָלדענע פינגערלעך אַף די פינגער. זי האָט אָבער קיין דערפאָלג נישט געהאַט. די עלטערע מענער האָבן זיך געפּוצט אין עלעגאַנטע רייט־קאָסטיומען כדי אויסנעמען באַ די יונגע טוריסטקעס, זיי האָבן אַליץ געטון צו געווינען די פריינטשאַפט זייע־רע. די יונגע מענער זיינען ווי שמעטערלינגען אומגעפלוינגן פון איין גרופּע מיידלעך צו דער אַנדערער, בראַווירט מיט זייער פלינקן רייטן, מיטן שפּילן אין טעניס און מיט דער ענערגיע, מיטן שפּרודלדיקן לעבן, וואָס האָט אַרויסגעשטורעמט פון זיי...

דאָניאַ עלסאַ, וואָס אין דער היים באַ זיך גייט זי אום ווי אַ סער־זשאַנט, שרייט אַף דער דינסט, באַפעלט דעם אָנגעשטעלטן און קריגט היסטעריקעס, ווען עמיצער פּאָלגט זי נישט — זי האָט פון ווייטיק זיך געקלאַמערט לעבן דעם עלנטן דאָן פאַריאַס. ער האָט געמוזט אויסהערן אַלע אירע רכילות אַף די שיינע טוריסטקעס מיט וועמען זי וויל זיך נישט חברן, נאָר טיף אין האַרצן, האָט איר די באַליידיקונג געקרענקט... אירע פופציק יאָר, וואָס זי האָט געוואָלט פאַרשטופּן אין אַ פּאָר מענערישע עלע־גאַנטע הויזן האָבן זי געמאַכט אָפּשטויסנד...

דאָן פאַריאַס האָט געליטן פון איר צודרינגלעכקייט: איר אָנהענגען זיך מיט האָזע אָן זיינע יסורים. זי האָט אים אָבער דערמאָנט אָן די פאַרדינסטן — דאָניאַ עלסאַ מאַכט אָפטע שפּאַצירן אין די בערג. אויך האָט זי ליב צו גיין אַף פרעמדע לוויות, וואו אַלע אַנדערע טוריסטקעס קוקן מיט קינאה אַף אירע גאָלדענע פינגערלעך. דאָניאַ עלסאַ האָט אויך ליב געהאַט ברענגען אַנדערע טוריסטקעס צו דאָן פאַריאַסן אין שטוב. זיי האָבן אים אויסגעלאַכט און געוואַרט ער זאָל זיי אויפלייזן מיטן כסדרדיקן

גיין צו אים, אַ זאַך, וואָס איז זיי אַליין ווייזט אויס, אויך נימעם געוואָרן...

און די אויפלייזונג איז געקומען. אין אָט דעם הייסן, צעגליטן זומער טאָג איז דאָס געווען. טונקל-רויטע צעגאָסענע שטיקער זון, האָבן זיך מאַכטלאָזע געכוואַליעט איבער די ברייטע, מעכטיקע אָפּגעשרפּהטע בערג און זיך צעשאָטן אַף זייער טעמפּער צעגרינטקייט. פּאַסמעסווייז זיך געצויגן ווייט צווישן די טיפע באַרג-פּאַלדן און איבער די קליינע, איינזאַמע הילצערנע ראַנטשעס, וואָס האָבן אין פּחד אַרויפגעקוקט צום וויסבלויען הימל, דעם באַצירטן מיט ברייטע צעזייטע ווייסע שטיקער וואָלקנס, ווי צעוואָרפענע לאָקן, קלוגע און צעשמייכלטע, שטאָלצע, ווי די לאַנגע ברייט-געקרייזלטע בערד פון אַלטע אידישע חכמים.

די נייעס, אַז בא דאָן כאָסע פּאַריאַס איז געשטאָרבן דאָס קליינע קינד, האָט זיך בליצשנעל אַ צעטראָג געטון, ווי אַ מגפה. און געסט האָבן אָנגעהויבן קומען צו אים, ווער מיט אַביסל בלימלעך, אָנגעריסענע אין די באַרג-ווילדענישן און ווער מיט אַ פּאָר קליינע ליכטלעך און מיט אויפגעריסענע אויגן און אויערן, פולע מיט שפּאָט, פון די מאָדנע מנהגים בא די באַרג-מענטשן.

דאָן פּאַריאַס האָט אויסגעזען זייער דערשלאָגן. די שטוב זיינע איז גראָד געווען פּאַרדונגען צו אַן איטאַליענישׁ פּאָרפּאָלק, טוריסטן, און ער האָט געמוזט איינאָרדענען דעם קינדס לוויה אינעם גאַראַזש. אַרום די געלע, פריש-געקאַלכטע ווענט, זיינען געשטאַנען לאַנגע בענק, שמאָלע, ווי אין אַ קליינשטעטלדיקן חדר. די געסט זיינען געווען אַמערסטן ווייבער, קריאָזשעם מיט אַלטע צעריסענע מלבושים און מיט צעלעכערטע אַלפּאַרגאַטן אַף די שוואַרצע, טרוקענע, באָרוויסע פיס, די מענער האָבן געהאַט גלאַט-ראַזירטע פּנימער, חשובע און שטילע. די ברייטע געקעסטלטע באָמבאַטשעס מיט די רויטע ברייטע גאַרטלען אַרום די לענדן, האָבן זיי צוגעגעבן דעם אויסזען פון ציגיינער קונצנמאַכער...

אַף אַ קליין שטרויען בענקעלע, וואָס איז געשטאַנען אַף אַ ווייסבאַדעקטן טיש, איז געזעסן דאָס טויטע קינד, צוגעבונדן צום אָנשפּאַר פונעם בענקעלע און אויסגעפּוצט אין אַ לאַנג, בלוי וואָלענעם קלייד, מיט בלויע שיכלעך אַף די פיס. אַפן קאָפּ איז בא אים אומגעלומפּערט געזעסן אַ קליין קרענצל מיט פיל קאָלירנדיקע פּאַפּירענע בלימלעך. אין די בלויבראַנדיקע הענטלעך אַף פּאָרנט צונויפגעבונדענע הענטלעך איז שטייף געזעסן אַ וואַקסן יעזוסל... דעם קינדס צעקרומטע ביינערדיקע פּנים, דורכלויכטיק גרין, האָט פיינלעך געקוקט אַפן עולם, ווי סע וואָלט געבעטן רחמים...

אין גאַראַזש איז געווען הייס און דושנע. דעם קינדס קעפּל האָט זיך אַלע מאָל אַ וואַקל געטון אַף אַ זייט און איז שווער אַרונטערגעזונקען אַפן האַרץ, זיך געבאָמבלט אַפן שנירל מיט קמיעות, מיט בלייענע צלמלעך. דאָניאַ עלסאַ, מיט די פולע הויזן נאָכהענגענדיקע שטיקער שמאַלץ

פון אירע קליבעס, האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן. אָן אויסגעפּוצטע, מיט די בראַסלעטן און פינגערלעך, האָט זי אַלע מאָל אויסגעגלייכט דעם קינדס קעפּל, אים אַריינגעקוועטשט אין האַלדז און נאַקן און פרום געמורמלט:

— ווען דער מלאך וועט אינגאַנצן פאַרגליווערט ווערן — וועט זיך דאָס קעפּל מער נישט אויסבויגן...

אויך האָט זי געהאַלפן די באַרג־ווייבער אויסשערן און פלעכטן בלו־מען פון פּאַפּיר און זיי אויסגעבונדן אַרום הויכע פלעשער אין וועלכע עס האָבן געשטעקט גרויסע אָנגעצונדענע סטעאַרינענע ליכט. דאָס טויטע בלויי־בראַנדיקע פּנים, דאָס שטייפע וואַקסענע יעזוסל און די צונויפגע־פלאָכטענע פויסטלעך, די שמאַלע, אומעטיקע פלעמלעך פון די ליכט, די צענדליקער פילקאָלירטע צעשויבערטע רויזן אַרום דעם מתל, דאָס מידע, פאַרשוויצטע און גלייכגילטיקע פּנים פון דאָן כאָסע פּאַריאַס, וואָס האָט געהאַלטן אין איין צוטראָגן בענקלעך צו די געסט, זיינע קונים, יונגע טוריסטקעס, אויסגעפּוצטע אין געבלימטע זיידענע קליידער, מיט דריי־שפּיציקע זיידענע טיכלעך אויף די קעפּ און מיט צעלאַכטער חוצפּה פון מענטשן, וואָס ווייסן נישט דעם טעם פון טיפע יסורים — דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשלאָגן אַנטקעגן די ברייטע, פעלזיק־גרינע בערג, וואָס האָבן מיט שטילן באַרויערן זיך איינגעקוקט אין דער מענטשלעכער שיפלות...

מיט אַ נעבעכדיק פּנים, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך געהאַלטן אויף איר „ערלעכקייט און פרומקייט", האָט די גראַבע, צעגאָסענע דאָניאַ פּאַנטשאַ זיך קוים צוגעהוידעט צום טיש. אירע בלייכע נאָכהענגענדיקע באַקן זיינען באַגאָסן געווען מיט אַ שוואַרץ־ברוינער קרענקלעכער פאַרב, די צעיוירענע קליבעס האָבן געציטערט, ווי אַ גרויס צעיוירן טייג, ווען מען טוט עס אַ קלאַפּ אָן דער מולטער. זי האָט אַ פּיר געטון מיט אירע שוואַרצע, האַלב־פאַרזשמורעטע אויגן איבער די געסט און נים ריידנדיק קיין וואָרט, מיט אַ מאָדנער סודותדיקייט, אָנגעהויבן אויסבינדן קליינע קניפּלעך אָפּן שטריקל, וואָס איז געהאַנגען בא דעם מתל אָפּן האַלדז...

דאָניאַ עלסאַ האָט זיך אַ שטעל געטון בא דאָן פּאַריאַס אונטער דער נאָז און מיט שטומען געלעכטער אין אירע גרינע אויגן אַ פרומען פרעג געטון:

— צו וואָס דאָס שטריקל מיט די קניפּן?...

דאָן כאָסע האָט איר געענטפערט מיט גרויס דרך־ארץ, ווי אַ באַרג־מענטש איז געוואוינט צו באַנעמען זיך מיט אַ רייכער טוריסטקע, אַ קליענטקע:

— וואָס מער קניפּן, אַלץ העכער אין די הימלען פליט דאָס מלאכל...

און די יונגע טוריסטקעס האָבן זיך אַ לאָז געטון צום טיש. געמאַכט קליינע קניפּלעך אָפּן שטריקל און אין די דערשטוינטע בליקן זייערע האָט זיך געטוקט אַ געצווימט געלעכטער, אָן אָנגענומענער מיט יוגנט, מיט אַנט־ציקונג, מיט יום־טוב...

אין דעם האָט דאָן פּאַריאַסעס שכנה, אָן איטאַליענערן פון אַ יאָר

זעבציק, מיט אַ ווייסן טשיפּיק אויפֿן קאָפּ, אַ באַזוימטן מיט קרוזשעוועס, וואָס זיינען געקראָכן אין אירע מילך-ווייסע, שמאָלע אויגן, אַנגעהויבן טרייסטן דעם אַבל:

— דאָן פּאַריאַס, דאַרפֿסט זיך נישט נעמען צום האַרצן... דער מלאך וועט נײַן גלייך אין גן־עדן. ער וועט דאָרטן אויסבעטן בײַ דער הייליקער בתולה אַ גוט לעבן פֿאַר אייך... גאָט האָט אים צוגענומען פֿון דער וועלט צוליב די זינד פֿון זײַנע טאַטע-מאַמע... אויך דער פּאַפּאַ פֿון רוים — האָט זי ווידער גענומען שיטן מיט איר קלויסטער-תּורה — איז געשטאָרבן צוליב די זינד פֿון דער וועלט...

די געסט קוקן אַף איר מיט שטומען נייגיר און שווייגן. אַ יונגע טוריסטקע מיט בלויע טיפֿע אויגן, האָט זיך נישט געקענט אָפּהאַלטן פֿון לאַכן און האָט צוגעטראָגן איר טיכעלע צום פּנים און אַרײַנגעשלוכצט אין דעם. נאָר באַלד רוקט זיך אַרויס דער איטאַליענערנס מאַן און נעמט שיטן מיט זײַן „געטלעכער תּורה״. זײַנע גרינע, וואַסערדיקע אויגן זײַנען געוואָרן אומרואיק און שטאַר. ער האָט מאָדנע געבאָמקעט:

— מײַן ווײַב ווייסט וואָס זי זאָגט... די וועלט, די מענטשן, זײַנען שלעכטע... און אויב די דעמאָקראַטיעס וועלן געווינען די מלחמה, זײַנען מיר פֿאַרלוירן... אויס מיט אונדזערע גיטער, מיט די פֿאַבריקן, מיטן מיסחר... מיר דאַרפֿן גאָט בעטן פֿאַרן סעניאָר מוסאָליני און פֿאַר היטלערן...

די געסט האָבן מאָדנע ברייט זייערע אויגן צעעפֿנט און פֿרעמד גע־קוקט אַף דעם איטאַליענער. אַ שווערע שטילקייט האָט פֿון די טיפֿע ווינק־לען אַרויסגעקוקט און מיט אומעט געבלאָנדזשעט איבער אַלעמענס פּנימער. דער אַלטער דאָן סעגונדאָ, אַן אַכציק־יאָריקער באַרג-מענטש מיט טיפֿע, ברייטע קנייטשן אויפֿן שוואַרצן אַלטן פּנים, האָט זײַנע שוואַרצע, מילדע אויגן אויפֿן איטאַליענער אָנגעשטעלט און מיט אַ טיפֿער איבערצייגונג אַ זאָג געטון:

— ווען איך קען כאַפּן דעם היטלערן, שיק איך אים אַוועק קיין משאַקאַ, די מערעשקעס זאָלן אים אויפֿעסן... מען דערציילט, אַז אַ מענטש־לעך לעבן האָט בײַ אים קיין ווערט נישט... ער איז ערגער פֿונעם טיראַן ראָסאַס!....

דער איטאַליענער איז געוואָרן רויט. זײַנע ברייטע נאָז-פֿליגל האָבן זיך אומרואיק באַוואויגן, ווי פֿאַר אַ חלשות, ער האָט אַן אומרואיקן באַ־וועג געטון מיט דער רעכטער האַנט און זיך פֿאַרענטפֿערט:

— נישט אונדז, די אַרגענטינער מיט די איטאַליענער, מיינט ער, דער סעניאָר היטלער... נאָר זיי, די כודיאָס... די רוסאָס... זיי מאַכן מיל־חמות און ווילן פֿאַרכאַפּן די וועלט...

דאָן פּאַריאַס איז שטיין געבליבן אינמיטן גאַראַזש און שטיל אַ זאָג געטון:

— איך גלויב נישט אין די דעמאָקראַטיעס, צום רוח!... איך פֿאַר־שטיי נאָר נישט פֿאַרוואָס די פֿאַשיסטן קוילען אויס אַ האַלבע וועלט מיט

מענטשן... גאָטס שטראָף וועט זיך אַראָפּלאָזן איבער זיי... מענטשן וועלן פון זיי אַנטלויפן, ווי פון אַ פּעסט, פון נישט גוטע... אָבער איצט, דאַרף מען נישט שמועסן פון טרויעריקע זאַכן... די יונגע נשמהלעך האָבן פּיינט צו זען דעם מענטשן אַ טרויעריקן... קומט אַלע צו גיין באַנאַכט, באַם וואַכן אַרום מלאכל וועט מען טאַנצן און אים אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד...

די מינוטן האָבן זיך גענומען ציען ווי אייביקייטן: אַ שווערע, בלייענע שטילקייט האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט. די יונגע טוריסטקעס האָבן זיך שטילע אַרויסגעשליכט פון גאַראַזש און ווי באַפרייטע פון אַ שווערער לאַסט, זיך מאָדנע אויסגעגלייכט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם טרויער און ווי אַ מחנה זאָרגלאָזע שוואַלבן זיך אַ צעשאָט געטון אין די נאָענטע באַרג-פּאַלדן, געבליבן זיינען עטלעכע עלטערע ווייבער און מענער, סאַמע באַרג-מענטשן. אַ דינע טונקלקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. דער אַלטער סעגונדאָ האָט אָנגעהויבן דרימלען, שנאָרכן. אַלע מאָל האָט זיין ווייסגרויער קאָפּ שווער אַראָפּגעזונקען אַף זיין ברוסט און אַ לאַנגער פּייף אײַנײַנעם מיט אַ ריח פון וויין, האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע גראָבע, בלויע פּליישיקע ליפּן.

די אַלטע פּעטראָנע, וואָס איז כסדר שיכור, האָט זיך פאַרוקט אין אַ ווינקל לעבן דעם מת. די ברייטע, טיפע קנייטשן אַף איר פינצטער, ביינערדיק פּנים זיינען דורכגעוועבט געווען מיט פאַרגעבונג און מיט פּחד.

דאָניאַ פּאַנטשאַ מיט די צעווירענע קליבעס, האָט אַלע מאָל צורעכט געמאַכט דאָס קרענצל מיט די בלימלעך באַם מתל אַפן קאָפּ און פויל געגענעצט. די רעכטע ברעם באַם קינד, האָט זיך מאָדנע אויסגעקרימט ווי באַ איינעם, וואָס וויל עמעצן אויסווינקען... דער שטערן איז געוואָרן ווי פאַרעלטערט מיט שמאָלע רינצעלעך. פונעם מויל, וואָס איז פאַרשטעקט געווען מיט אַ ווייס שטיקל וואַטע, האָבן זיך אַ לאָז געטון צוויי שמאָלע פּאַסיקלעך מיט געלער סלינע און אַראָפּגערונען אַפן נייעם קלייד. דאָס וואַקסענע יעזוסל אין זיינע פאַרגליווערטע, בלויע פויסטלעך, האָט זיך איינגעשרומפּן, צעקאָרטשעט געוואָרן און ווייך. קליינע טראָפּנס וואַקס, זיינען ווי גליווערדיקע טרערן גערונען, געטריפט איבערן קינדס פינגער. אַ שטילע ביינאַשמאָשעסדיקע טונקלקייט, אַן אָנגענומענע מיט מענטשלעכע זיפצן, האָט זיך געשלייכט אַרום די ווענט, זיך פאַרשטעקט אין די טיפע ווינקלען און געלויערט פון דאָרטן מיט עלנט, מיט שווערע ריחות פון טויט, פון שיפלות און אַ געווירצן-רויך, וואָס האָט זיך געשלענגלט פון אַ קליין לעמפּעלע צוקאָפּנס דעם מתל...

אינדרויסן האָט זיך אַ טיף-בלויע נאַכט אויסגעשפּרייט, אַן איינגעוועבטע אין סודותדיקן שווייגן אין יסורים. מילד און מיט צאַרטע ווינטפליגל איבער די טונקל-גרינע בערג, איבער מידע רוישלאָזע ביימער. גרויסע אָפענע שטערן, טיפע, ווי מענטשלעכע פרומע אויגן, האָבן שטיל גערוט אַפן בלויען, דורכזיכטיקן הימל, ערנסטע און אַחריותפולע, געוואַרט אַרום אַ ברייטער צעשיינטער לבנה. אַ טיפע שרעקעוודיקייט האָט אין דער

זאפטיקער לופט וויברירט, ווי ס'וואלט עפעס גרויסעס און אומפארמיידלעכעס באדארפט פארקומען.

מיט פרומע פנימער, שטילע און פחדימדיק צעשיינטע, זיינען אנגעקומען עטלעכע יונגע מיידלעך אויסגעפוצטע אין לאנגע הימל-בלויע קליידער, מיט ברייטע גלחישע ארבל און מיט הויכע, ביז אונטער די העלדזער פארמאכטע קעלנער. די בחורים, וואס האבן זיי באגלייט — הויכע, שלאנקע און טונקל-הויטיקע, אויסגעפוצטע מיט שווארצע קאפעליושן און מיט ברייטע געפאלדעוועטע הויזנס, ארומגעבונדענע מיט רויטע וואלענע גארטלען ארום די לענדן. ארום די העלדזער — דריי-שפיציקע, ווייסע פאטשיילעס און רויטע רויזן אין די לאצן...

דאן כאסע און דאניא עלסא האבן געמאכט שווארצע קאווע מיט אניס-בראנפן. שטילע, ווי זיי וואלטן געטון א הייליקע ארבעט, האבן זיי זיך אויסגעזעצט ארום טויטן קינד און גענומען שפילן אין פאנדעס. א מאדנער אומרו האט זיך א צעווייע געטון איבער זייערע קעפ. די לאנגע בלייכע פלעמלעך פון די ליכט האבן שטיל אנגעהויבן צאנקען, זיך ארופגעזעצט און ווידער מיט דער לעצטער אנשטרענגונג זיך געגעבן א ציאוים, א צעווארף געטון ארום זיך די לעצטע לעבנס-קראפט און באלד צוריק געפאלן און מיט א שווערן קנאק, ארויסגעלאזט פון זיך דאס לעצטע ביסל לעבן...

דעם קינדס קעפל האט זיך שווער אף דער ברוסט אראפגעזעצט, דאס בלויע בראנדיקע פנים איז מיט א טויטלעכן שוויים באדעקט געווארן... דאס קורצע פאריסענע נעזל האט זיך אויסגעצויגן, געווארן שווארץ, באזעצט מיט קליינע פינטעלעך ערד. די טיפע לעכער פון די פארשלאסענע אויגן האבן דורכדרינגלעך געלויערט אף די ארומיקע, זיך איינגעשטאכן מיט ווייטיק, מיט א טיפער אומפארשטענדלעכקייט...

עס איז געווארן שפעט. א גרויער פחד, אן איינגעוועבטער אין באנאכטיקער שטילקייט, האט זיך בא דער טיר אוועקגעשטעלט און פלאטערדיק אפגעשלאגן זיך אן די מידע פארשלאפענע פנימער פון די פאר עלטערע קריאזשעס. פון ערגעץ נאענט, האט זיך דערהערט דאס פארצווייפלטע הירזשען פון א פארלוירן אייזל, געדאכט האט זיך, אז אין זיין קלאגן רייסט זיך ארויס א שטומער געבעט צו דער מענטשלעכער אכזריות און רשעות. א האן האט א קרייע געטון און זיך שרעקעדיק מיט די פליגל צעפאטשט... עטלעכע הענער אף איין מאל האבן אים אפגעענטפערט און אויפגעריסן די פיינלעכע באנאכטיקע שטילקייט. אין דעם האט א טרויעריקער אקארד א וויבריר געטון, אנגעפילט דעם גאראזש מיט אנגסט, מיט יסורים און מיט א טיפער בענקשאפט. דאס האט די גיטארע פון א יונגן קריאזשע א וויין געטון...

די אינגלעך מיט די מיידלעך האבן זיך האסטיק פון זייערע פלעצער א ריס געטון און שטומע, ארומגעכאפטע פון א דינעם נשמה-אומרו זיך א לאז געטון צום טאנץ. די הייסע, שווארצע אויגן, די פארחלומטע פנימער,

זייער גאַנץ לייב און לעבן, איז באַהערשט געוואָרן פון דער וויינענדיקער מוזיק און זיי האָבן זיך געשיפּט אַרום דעם טיש מיט דעם מתל, זיך גע־ווינט לייכט און פלאַטערדיק, ווי קליינע שיפלעך אַף אַ גרויסן, צעשטו־רעמטן ים... די ברייטע, לאַנגע קליידער, די גלחישע אַרבל, האָבן שטיל געווייעט אַרום זיי, אַנגעיאָגט אַ קעלט און אַ טיפן אומעט. אומעטיק האָבן זיך געטראָגן די וויברירנדיקע מוזיק־קלאַנגען, זיך פרום צונויפגעגאָסן מיטן שטילן פליסטערן פון די אויפגעוועקטע פלאַנצן, פון די ביימער און איניי־נעם פאַרטרויט די מעכטיקע בערג וועגן דעם טרויעריק־פריידיקן לעבן וואָס האָט זיך אַף זייערע פעלדן פאַרקליבן.

סוף.

# באָרוך
# דער שרייער

דערציילונג

ברוך דער שרייער, דער ביטערער עקשן, דער משוגענער, ווי די שכנים זיינע און אויך אנדערע, די ווייטערע אידישע קאָלאָניסטן, האָבן אים ליב געהאַט צו רופן, איז אַריינגעפאָרן אינעם ברייטן טויער פון זיין טשאַקרע מיט אַ משוגענער צעפלויגנקייט, מיט אַזאַ אימפּעט, אַז סיי דאָס פאַרסאָפּעטע פערד, סיי די סולקע זיינען אַרומגעכאַפּט געווען פון אַ מאָד־נער צעטרייסלונג און אַ געלער געדיכטער שטויב האָט זיך געוויקלט אַרום זיי, ווי דער רויך אַרום אַ ברענענדיקער זאַך. דאָס האָט זיך ברוך דער קאָלאָניסט אומגעקערט אַהיים פון אַ שטעטל מיט אַ היפּש ביסל איינ־וואוינער, אינגאַנצן אַ צוואַנציק קילאָמעטער פון זיין טשאַקרע, וואוהין ער פאָרט אַרויס איין מאָל אין דער וואָך פאַרקויפן אַ ביסל אייער מיט הינער און דער עיקר — דאָס מילכיקס, אָנגעזאַמלט פון אַ גאַנצער וואָך.

מיד און פאַרחושכט האָט ער אויסגעזען, גלייך ער וואָלט צוריק־געקומען פון אַ ווייטער און שווערער רייזע. דאָס ברייטע אויסגעמאָגערטע פּנים, די אַרויסגעשטאַרצטע קינבאַקן, ווי צוויי שוואַרצע טשערעפּעס, די גרויסע, אומרואיקע און האַלב אויסגעלאָשענע אויגן, איבערגעצויגענע מיט רויטע, געשוואָלענע בלוט-פעדעמלעך, די שווערע אויסגעהאָרעוועטע פיס, געשוואָלענע פון צופיל אומגיין און די הענט מיט שטייפע בלויע אָדערן, פאַרמאָזאָליעטע און צעפּיקעטע פון די ווינטן, אַלץ האָט אַ ווייע געטון מיט מידקייט, מיט טיפער אומגיכעדיקייט. ער איז פון סולקע אַרויסגעקראָכן, זיך אויסגעגלייכט און אָנגעהויבן אויסשפּאַנען דאָס פערד, באַקלאָגנדיק זיך שטיל און מיט תרעומות:

— אַז וויי איז צו אונדז ביידע, דו שותּף מיינער, דו רויטער נאַר... די שקורע קריכט שוין אַראָפּ פון די אויסגעהאָרעוועטע ביינער אונדזערע, צי דו ווילסט יאָ, צי דו ווילסט ניט, נאָר שלעפּן דעם יאָך, לויפן אין שפּאַן, קריכן ווי אַ זלידניע, מוזטו!...

דאָס פערד האָט אַ מאָדנעם ווייענדיקן הירזשע געטון און פלוצים אויפגעשווידערט מיט זיין גאַנצער פאַרשטויבטער און אין שוויים דורכ־געווייקטער פעל. אָנגעשפּיצט די לאַנגע, אויסגעקראָכענע אויערן, אויפגע־בלאָזן די אומרואיק געוואָרענע פייכטע נאָזלעכער און מיט אַ מיד פּנים, אַ באַליידיקטס, אַריינגעקוקט אין די מיטפילנדיקע אויגן פון באַלעבאָס, ווי ער וואָלט אים געמיינט צו זאָגן, פאַרצוואוואָרפן:

— וואָס, באַלעבאָס לעבן, בין איך דיר שולדיק, אַז דו האָסט ניט וועמען צו פאַרקויפן דאָס מילכיקס?...

דערויף האָט זיך ברוך ווידער אַ בייזער געטון, גלעטנדיק דעם פערדס

נריווע, אריינגעטענהט אין די קיילעכדיקע פייכטע אויגן זיינע, אַנגענו־מענע מיט מידקייט:

— ע, ע, דו רויטער נאַר! מאַך מיר נאָר ניט אַזאַ רחמנות פּנימל, ברעך מיר ניט קיין פּיסקלעך! נאָך דאָס פעלט מיר אויס צום היינטיקן רומל, צו מיינע גוטע געשעפטן!... האַלט דיך אין דער מעלה, אַז ניט וועל איך דיר, בנאמנות, צעפּאַסעווען די הינטישע פעל דיינע!...

דאָס פערד האָט אים האַכנאַעדיק אָנגעקוקט און באַנומען די גע־שרייען. אַסאַך מאָל האָט ער שוין פון באַלעבאָס די אייגענע טענה גע־הערט, דעמאָלט, ווייזט אויס, ווען ער איז אין כעס און מוז צו עמעצן אויסלאָזן דעם צאָרן... שווערער איז, ווען דער באַלעבאָס פאָרט צוריק פון שטעטל מיט די פולע בלעכן מילכיקס. ער טרייבט אים דעמאָלט אי־בער די ערגסטע גריבערדיקע וועגן, אַנטלויפט פון שטעטל, ווי אַ פאַר־פאָלגטער פון טויט און פּאַטשט מוראדיק מיט דער בייטש איבערן גאַנצן פאַרשוויצטן רוקן זיינעם, וואָס גליווערט פון שרעק: — לויף גיכער, דו רויטע נבלה, — שרייט דער אויפגעבראַכטער באַלעבאָס — ווייל באַלד וועל איך די פאַרשיווע פעל דיינע אָפּשינדן!... אָט, וועסטו באַ מיר ליגן ניין איילן אין דער ערד, פונקט ווי איך!...

פאָרט אָבער ברוך דער שרייער אַהיים אָן זיין סחורה, דער עיקר אָן דעם מילכיקס, וואָס האָט אַ טבע איבערגעשטאַנען צו ווערן, איז ער גאָר אַן אַנדערער, אויך דאָס פערד ווייסט שוין פון דעם. ער שרייט ניט, דער באַלעבאָס, שעלט ניט, איז ניט בייז, טוט אים פון צייט צו צייט אַ פּוצקע מיט דער בייטש איבערן הינטן, אָבער אָן רוגזה, מערוצעדיק, ווי אַן איי־גענער. דעמאָלט שטעלט ער זיך אָפּ לעבן די פאַרצוימונגען פון שכנישע טשאַקרעס, שמועסט מיט די קאָלאָניסטן, שרייט צו ביסלעך, וואַרפט מיט די הענט, קלאַפּט זיך מיט דער בייטש איבער אַ כאַליעווע פון אַ שטיוול און איז דאָך ניט בייז!... ער שמייכלט צו און דערלאַנגט זיי מיט צופרידנ־קייט די אָפּגענומענע בריוו פון דער פּאָסט.

דאָס פערד טוט זיך קיין ריר ניט, שטייט געהאָרכזאַם און כאַפּט אויף מיט די דערשראָקענע, אָנגעשפּיצטע אויערן זיינע, יעדן אומגעוויינ־לעכן שאָרך, יעדער ווינטל, יעדער געזאַנג פון אַ פלאַנץ, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פון דער גאָלד־בלויער צעכוואַליעטער און מיט רויטע זונען־פונקען ווי צעשפּליטערטער פייער באַגאָסענער און מערקווירדיק שטילער אַרומיקער גרינקייט.

ברוך פירט אים אַוועק צו דער „דעפּאָסיטאָ" מיט וואַסער.

— צו וועמען פאָרט — טענהט ער מיט בושה, מיט פאַרדרוס — זאָל מען אויסלאָזן דעם צאָרן, אויב ניט צו די פערד?... און וואָס וועט פון אונדז, בעלגישע פערד, ווערן, ווען די רייכע לייט וועלן איינגאַנצן אויפהערן צו עסן סמעטענע מיט קעז?... אַז עס קריכט זיי שוין אַף צו־ריק!... די כפּרה־הינדלעך, דו רויטער נאַר, זיינען מירביידע, איך מיט דיר!...

אַרום איז ווידער שטיל געוואָרן. נאָר דער הייסער מדבר־ווינט האָט זיך ריטמיש איבער די ברייטע, גרינע, צעוויגטע פעלדער געטראָגן, אָנגע־ווייעטע מיט מעכייעדיקע ריחות פון יונגן גערשטן און פון ווייץ מיט קאָרן, געוואַשן און אָפּגעפרישט די שטילע איינגעשרומפּענע פּרוכטן־ביי־מער און די גרויסע רויטע און בלויע דאַליאַ־בלומען אַרום דער שטוב, וואָס האָבן פאַרחלשטע פון דער היץ אין אַנגסטלעכן דורשט צו דער ערד געזונקען.

כאַנע לייע די שוואַרצע, באָרוך דעם שרייערס ווייב, איז אַרויסגעקו־מען אויפן גאַניק. די טונקעלע, קליינע, קורצזיכטיקע אויגן אירע, האָבן שטום און מיט דערוואַרטונג געזוכט דעם מאַן. באַלד האָט זי זיך אַ לאָז געטון איבערן הויף, זיך געהילט אינעם שאָטן פון די הויכע, צעווייעטע סאַסנע־ביימער, זיך אויסבאַהאַלטן צווישן זיי פון דער ברענענדיקער זון. כאַנע לייע האָט מיט באַנג אַ טראַכט געטון: דער מאַן אירער, דער אומרו, איז איר היינט אַהיימגעקומען עפּעס צו פרי, און אויך צו שטיל!... ער איילט זיך ניט איבערצוגעבן דעם נייגעריקן ווייב די שטאָט רכילותן, וואָס ברענגען איר אַריין אַביסל יום־טוב... עפּעס האָט שוין דאָרט געטראָפן מיט אים, מסתמא שוין ווידער די סחורה ניט פאַרקויפט, אָדער נאָר דעם צוזאָג ניט אויסגעהאַלטן און ווידער פאַרפירט אַ שמועס מיט עמעצן פון זיינע קעגנער, געזוכט באַם נעכטיקן טאָג יושר מיט גערעכטיקייט און אַהיימגעקומען אַן אויפגעקאָכטער מיט אַ שווערן כריפ אין האַרצן און מיט אַ הייזעריקן אָטעם.

זי האָט אַראָפּגענומען די צוויי פולע בלעכן פון דער סולקע און דער־פילט אַ נאָגנדיקע פיין באַם האַרצן, דערפילט, אַז ניט אומזיסט שווייגט ער, דער מאַן אירער. אַ שווייגנדיקע מיט אַ ניט ניכעדיקער פאַרדייגעט־קייט אויפן שמאָלן, טרוקענעם פּנים, האָט זיך איר שמאָלער, כמעט קינדי־שער גוף אַריינגעשלייכט אין קיך. זי האָט מיטגעשלעפּט די צוויי פולע בלעכן, זיי אויסבאַהאַלטן אין אַ ווינקל הינטער דער טיר און אומרואיק אַרום קיך־שאַפקעלע זיך געפּאָרעט, איבערגעדרייט דאָס געפעס, באַלד איבערגעגאָסן די הייסע מילך פון איין טאָפּ אינעם אַנדערן, אַ צעבלאָז געטאָן דאָס פאַרשטיקטע פייער אויפן פּריפּעטשיק, אַרויסגעשלעפּט פון אויוון אַ לאַנגן בעקן מיט ברוינע, אויסגעטרוקנטע שטיקער ברויט און געגרייט צום טיש: אַ קיילעכדיק היימיש ברויט און לעפל מיט גאָפּל.

— באָרוך, לאָז שוין אַמאָל צו רו דאָס פערד! — האָט כאַנע־לייע מיט פאָרוואורף אַריינגעשריגן אין פענצטערל פון צווישן אויוון — ניי אַריין און נעם עפּעס אין מויל, ס׳איז שוין צייט!...

— איך בין זאַט, כאַנע־לייע — האָט זיך דאָס הייזעריקע און אומ־ניכעדיקע קול פון צווישן די ביימער אַ טראָג געטון — מאַך בעסער אַ מאַטע, ס׳איז מיר טרוקן אין האַלדז!...

ער האָט זיך געלאָזט צו דער קיך און פלוצים שטיין געבליבן לעבן דער אייזערנער הוידעלקע וואָס איז געהאָנגען אַ פאַריתומטע אָף אַ שווער

שטיק אייזן, צווישן צוויי הויכע דרענגער. אַלע זעקס קינדער, מיט די אייגענע הענט אויסגעהוידעט אַף איר און זיי שיינע מעשהלעך דערציילט, מעשהלעך פון חומש און פון אידישע העלדן. און די קינדער זיינע האָבן געקוואַלן, געקלעפּט אַרום טאַטן, ווי בינען אַרום האָניק. היינט שטייט זי, די הוידעלקע, אַ פאַרזשאַווערטע, אַ טרוקענע — פּונקט ווי ער, באָרוך מיט זיין אידענע...

באָרוך האָט די אויגן ברייטער צעעפנט, זיך מאָדנע אַרומגעקוקט, אַן אומגעדולדיקן מאַך געטון מיט דער רעכטער האַנט און אימפּעטיק, ווי ער וואָלט וועלן אַנטלויפן פון זיינע אייגענע מחשבות, זיך אַ לאָז געטון צום גאַלפּאַן און שטיל, פאַרדריסלעך צווישן די ציין געזייעט:

— און איך וועל, ווי איך בין אַ איד, אַ שפּיי טאָן אַף דעם אַלעמען! געגנוג אָפּגעפּינצטערט אין אַ מידבר!... ניט די אייגענע קינדער, קיינער, וועט אים דערפאַר קיין גאָלדענע מצבה נים שטעלן!...

ווידער אַ מאַך געטון מיט דער רעכטער האַנט — עך, כאַפּט דאָס דער וואַטנמאַכער!... — און אָנגעהויבן איבערקוקן די לייצעס, די אָפּאַל־קעס, די אַלטע פּאַנטשאָס, וואָס זיינען געהאָנגען אַף די ווענט, באַלד זיך אויסגעצויגן אַף דער ערד, אַף דער פייכטער באַלינע און געטריי אַרומ־געטאַפּט די אַלטע, פאַרזשאַווערטע ציין פון אַ גרויסער דרעש־מאַשין, זיי פאָרזיכטיק אַרומגעווישט מיט בוימל און דערביי געטראַכט:

— מיין תכלית איז פון דעם אַלעמען געוואָרן! איי שותפים מיינע, חברים! ווידער וועלן מיר צונויפשלעפּן די אָפּגענוצטע גלידער, ווידער זיך איינשפּאַנען אין יאָך! ס'איז שוין באַלד שניט־צייט! פאַר די מאַשינען, פאַר די צעבראָכענע שרויפן צאָלט מען נאָך פּראָצענטער דער יעווויש, דאַרף מען דאָס טאַקע היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ! וואָס שייך דער מענטש, דער פעלד־אַרבעטער, עך! אַן אויסגעבלאָזן איי האָט באַ זיי דער מענטש אַ ווערט! אַ שמעק טאַבעק!... גיי רייד צום נעכטיקן טאָג!...

כאַנע־לייע האָט זיך אַריינגעשטעלט אין גאַלפּאַן. אַ הייסע מאַטע מיט אַ טרוקענעם גאַזשעט האָט זי דעם מאַן געבראַכט.

— באָרוך! — האָט זי מיט תערומות אויסגעשריען — וואָס קרעכצ־סטו אַזוי און פאַר ווען אַנטלויפּסטו?... אַ נעכטיקער ביזטו, אָדער גאָר אַ גרינער?... נאַ, נעם עפּעס אין מויל, לעב ווי באַ לייטן, ס'איז שוין צייט, באָרוך!...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, צוגענומען באַם ווייב די מאַטע מיטן גאַזשעט און אָנגעשטעלט אַף איר די גרויסע מיטפילנדיקע אויגן, די לאַנגע, בייזע צוויי אויערן:

— און ווי אַזוי, כאַנע־לייע, לעבן אַנדערע קאָלאָניסטן? — האָט ער מיט פאָרוואורף אויסגערופן — ווער זיינען זיי, דיינע „באַ לייטן"?...

כאַנע־לייע האָט שוין גוט געזען, אַז דעם מאַן אירן איז אָנגעזאָלצן אַפן האַרץ און זי איז אים אַלץ מוחל, האָט אים צוגעוואָרפן אַ שטומען בליק, אַ גלייכגילטיקן און כדי אויסצומיידן וויטערדיקע טענות וואָס דער־

פירן זיי כסדר צו אַ לאַנגן רוגז, שווייגנדיק פאַרלאָזט דעם גאַלפּאַן. אַ באַוועגלעכע אומגעשפּאַנט צווישן די הינער־נעסטן, צווישן די הויכע בינען־שטיבלעך און צונויפגעקליבן די פריש־געלייגטע אייער און דערביי ניט אויפגעהערט צו דאַגהן און צו טראַכטן: זי קען דעם מאַן אירן, דעם עקשן, בשום אופן ניט תופס זיין; אַ מענטש פון אַריבער די פופציק, אַ מענטש וואָס האָט שוין אויסגעלעקט אַ גאַנצן באַרג מיט זאַלץ און ער קען שוין גוט די וועלט און די מענטשן, ער ווייסט, אַז דער איינער האָט זיך זיין אמת און איז אַ גאַנצער ווייסער. זעלטן, אַז אַ מענטש וויל ליידן, ווען עמעצער פּרוּווט אים אויפצואווייזן די פעלערן זיינע, ער ווייסט, אַז פאַר אַזוינע פּרוּוון ליגט מען ניין איילן אין דער ערד און ער וויל דאָך פון קיין זאַך ניט נאָכלאָזן, ווייל מיט זיי קיין שלום ניט מאַכן. האָסן זיי אים, פאַרשעלטן די ביינער מיט רציחה און שינאה, ערגער נאָך פון די אמתע אידישע שונאים...

אוודאי וואָלט ניט באַדאַרפט זיין אַזוי! ס'וואָלט זיי אַלע גרינגער געווען צו לעבן אין די דאָזיקע ווייטע וויסטענישן. ס'איז אַ חרפּה און אַ ווייטיק, ווען אייגענע ברידער ווילן זיך ניט איינפאַרשטיין און קענען זיך ניט פרייען איינער מיטן צווייטנס גליק... מענטשן, וואָס זיינען געשלאָגן פונעם לעבן, זיי וויסן דעם ביטערן טעם פון פרעמדער רישעות, פון האַרצלאָזיקייט — אַזוינע מענטשן וואָלטן געמעגט האָבן אַביסל מער ליבשאַפט איינס פאַרן אַנדערן, זיך שטעלן העכער פון די קליינלעכע אַמביציעס זייערע...

אָבער, וואָס אַ שטייגער, קען זי, כאַנע־לייע, אַ פּשוטע, אידישע טאָכטער, אַן אָרעמע קאָלאָניסטקע אויפטון קעגן אַזאַ שטורעם? דער גאַנצער אויסזען אירער, אימשטיינסגעזאָגט, פאַריכט איר דאָס מזל צום איבעריקן, זיי קוקן דאָך אַף איר ווי אַף אַ שוואַכער הון... אָבער, שמועסנדיק אַף צוריק — האָט זי פאַרטראַכטערהייט אַ מיש געטון די וואַרעמע אייער אינעם פאַרטוך — דאַרף מען אַמאָל קענען זאָגן דעם אמת, איינרייסן מיטן גרעסטן, מיטן שאַרפסטן קעגנער אפילו... ניין, אינגאַנצן אומגערעכט, ווייסט זי, איז דער מאַן אירער קיינמאָל ניט געווען!...

די לעצטע קריגערייַ צווישן באָרוך דעם שרייער מיט די נאָענטע קאָלאָניסטן, איז פאָרגעקומען מיט אַ פּאָר חדשים פריער אין אַ שבת פאַרנאַכט. די טשאַקרע זיינע איז נאָך באַדעקט געווען מיט די לעצטע, בלייכע זון־פּאַסמעס און מיט דער אויפגעוואַכטער ביינאַשמאַשעסדיקער אומרו, מיט דער אומבאַשטימטקייט פון אַן אויסגעוועפּטן טרויער וואָס האָט זיך אַרום דער שטוב געשפּרייט. פון די נאָענטע טשאַקרעס האָט זיך געהערט דאָס היימישע בילן פון הינט און דאָס צוויטשערן פון די גרילן אין די ריטשקעס באַם פעלד. אַלץ איז איינגעוועבט געווען אין אַ הייליקן ציטער, אינעם פרומען מורמלען פון די אַלטע אידישע קאָלאָניסטקעס, וואָס האָבן באַם זוים פון די צעבליטע פעלדער זייערע שטיל געזאָגט דעם גאָט פון אברהם. פון די נאָענטע וועגן האָט זיך אויך געהערט דאָס סלאַפּן פון

שווערע רעדער, דאָס זיינען אידישע קאָלאָניסטן, יונגע און אַלטע אויף א קאָנפערענץ געפאָרן. א הויכער איז ער געווען, דער רעדנער, מיט א שווארצן קאָפּ געדיכטע קרויזן און מיט שווארצע, קיילעכדיקע אויגן, דורכדרינגלעך טיפע, באצווינגערישע. גערעדט האָט ער געלאסן, אָבער מיט פּאַטאָס און מיט א ווייך איבערצייגנדיק קול. אַלעמאָל האָט ער אויפגעהויבן די בליציקע אויגן זיינע צום קיילעכדיקן דאך פון גאַלפּאָן, דעם בלעכענעם שווארצן, דעם באהאַנגענעם מיט אַלטע זעק און מיט פאַנטשאָס, געמאכט מיטביידע הענט א קרייז ארום זיך און אויסגערופן מיט טרויער און מיט ביטערניש:

— ברידער און שוועסטער, מיר זעען נישט די פינצטערע כמארע וואָס לאָזט זיך אראָפּ איבער אונדז!... דאָס פאָלק אונדזערס האָט פארלוירן דעם חוש פאר דער אייגענער גייסטיקער אויפהאַלטונג, אונדזער פאָלק זינקט אין תהום פון חשכות, פון עם־הארצות!...

שווערע זיפצן האָבן זיך צווישן עולם דורכגעטראָגן און אַן אומרואיק, געמיינזאַם מורמלען.

ציפּע־רויזע מיטן רויטן, געקעסטלטן טשיפּעק אפן קאָפּ, האָט זיך געפּרואווט אויפהויבן פונעם זאַק מיט מאַיס, אויף וועלכן זי איז געזעסן אין א ווינקל פון גאַלפּאָן און האָט פארטשעפּעט דעם זוים פון איר ברייטן קלייד און זי האָט זיך אויסגעגליטשט און איז אריינגעפאַלן מיט ביידע הענט אין א גרויסער באַליע מיט געזאַלצענער וואסער, אין וועלכער ס'האָבן זיך געווייקט עטלעכע קעזלעך. א שטילער געלעכטער האָט זיך דערהערט, אַן אַנגענומענעם מיט שפּאָט. זי האָט זיך אָבער ניט פארלוירן, האָט זיך אויף גיך געגעבן א שטעל אויף און אינגאַנצן א באשפּריצטע מיט וואסער און מיט א גרענעצלאָזער פארשעמטקייט, סקאָנטאַן א פאַטש געטון מיט די צוויי שווערע מענערישע הענט אירע, די נאַסע און אויסגעהאָרעוועטע:

— מיר זיינען שוין מיד, יונגערמאַן, אויסצוהערן די וואַזשנע רייד אייערע!... — האָט זי אריינגעשריען אין רעדנערס פּנים. — א טעאַטער דארפן מיר און א ביבליאָטעק! א אידישע שול! פארשטאַנען?... דעמאָלט וועלן די קינדער אונדזערע, מיט גאָטס הילף, ניט ווערן קיין אוים אידן!... און זיי וועלן פון אונדז ניט אַוועקגיין!... מיר טאָרן ניט דערלאָזן צו דעם!...

— בראַוואָ, מאַלאַטשינאַ, ציפּע רייזע!... נעמט אים, דערלאַנגט! — האָט א בחור א ליאַ א געשריי געטון און א הילכיק פּליעסקעריי האָט פארטויבט דעם ארום.

— נישקאָשע, זאָל זי זיך אָפּריידן פון הארצן. ווען ס'טוט וויי, דער שרייט! — האָט יאַנקעוו דעם שלאָסערס צוויי־און־צוואַנציק יאָריקער בחור, מיט שווארצע, אומרואיקע אויגן, איבער אַלעמענס קעפּ א געשריי געטון. — זאָלן זיי נאַר, די קולטור-טרעגער אונדזערע, די שרייבער און אַלע אַנדערע וועלט-פּאַרזאָרגער, אביסל ווינציקער פּריידיקן און אויפטון

אַביסל מערער!... מעשים דאַרפן מיר, אָבער ניט קיין שיינע, אויסגעחזרטע ווערטער! במילא גייען זיי דאָ פאַרלוירן ווי אַ ווינט אין דער מידבר!... קומט צו אונדז ווי צו מענטשן מיט אַן אייגענער מיינונג! — האָט ער אריינגעשמייכלט אין רעדנערס בלייך געוואָרענעם פּנים, — און ניט ווי צו פויערים, וואָס ווייסן ניט פונעם חיות!... רעספּעקטירט אונדז!...

באַסיע מיט די געדיכטע קלייען אָפן ברייטן פליישיקן פּנים און אָף די שווערע אויסגעהאָרעוועטע הענט אירע, מענעריש-שטאַרקע און פאַר-מאַזאָליעטע, האָט זיך שטיל צעכליפּעט און יסורימדיק צוגעשאָקלט.

— אוודאי האָט ציפּע רייזע רעכט — האָט זי צום עולם געטענהט — אוודאי דאַרפן מיר דאָ האָבן אַביסל לעבן, אַביסל פריייד! קען דען אַ מענטש אָפּלעבן די בידנע עטלעכע יאָר זיינע נאָר צוליב די הינער מיט די קאַטשקעס, צוליב די אייער? די איקאַ־אַגענטן, ברענען זאָלן זיי ווי פייער, ווייסן נאָר פון רייסן די הויט אונדזערע, פון נעמען פּראָצענטער!... דעם עיקר אָבער מוזן מיר אַליין אינזינען האָבן!...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַרום איר האָט דער עולם שטיל גע-מורמלט און באַנעמען ניט געקענט פון וואַנען ס'האָט זיך מיט אַמאָל אַזאַ געוואַגטקייט צו דער שטילער אידענע גענומען. זי האָט זיך פאַר-שעמט געווישט דעם שוויים פון פּנים, די אויגן אירע האָבן שטום גע-בלאַנדזשעט איבער די טונקעלע ווענט פון גאַלפּאָן, באַהאָנגענע מיט פעלד מכשירים מיט אַלע כאָמעטעס, פּאַסטראָנקעס און גרויסע, אַלטע לע-דערנע זאָטלען. דער גרויסער לאָמטערן אָף דעם מיטן דאַך, די פאַרוואָונ-דערטע פּנימער פון עולם, די צעשמייכלטע בליקן זייערע, וואָס האָבן איר שווייגנדיק אָפּלאָדירט, אַלץ און אַרום האָט זיך נייגעריק איינגעקוקט סיי אין דער אידענעס עקשנותדיקן פּנים און אויך אין דעם רעדנערס. ביידע האָבן מיטאַמאָל באַקומען אַן אויסזען פון צוויי אויפגערייצטע הע-נער, גרייטע זיך דורס צו זיין...

דער רעדנער איז באַלד צו זיך געקומען, אַ טרונק געטון אַביסל וואַ-סער, פאַרגלעט די שיינע האָר זיינע, זיך אויסגעהוסט און פּאַטעטיש די הענט אין דער לופטן אַ הויב געטון:

— ברידער און שוועסטער! — האָט זיך דאָס קול זיינס אין אַ מאָד-נער געבראָכנקייט צעקלונגען. — מיר, דאָ אין אַרגענטינע האָבן זיך גאָט צו דאַנקען, ניט וואָס צו באַקלאָגן, מיר דאַרפן זיך ניט שרעקן פאַר אונ-דזער אידישן קיום. שולן האָבן מיר און אויך בתי־מדרשים, גרויסע אי-דישע טעמפּלען, אַ כבוד, אַ ציִרונג פאַרן גאַנצן אידנטום!... אַלצדינג האָבן מיר!... אַ קלאָג אַ גרויסער, אַ ירידה, אַן אומגליק האָט געטראָפן עטלעכע מיליאָן פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, יענע, דאָרטן... זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט פון אונדז ווי דער גוף פון דער נשמה. עכטע רוסן זיינען זיי געוואָרן, די ברידער אונדזערע, זיך בוכשטעבלעך אַסימילירט, שעמען זיך, ווילן ניט וויסן פון אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן יחוס, זיי

האסן, לאבן אוים אונדזערע נאציאָנאלע ווערטן, אונדזערע טראדיציעס, אונדזער גאָט!...

ער איז שטיל געבליבן און אויסגעשעפּט. די שווארצע, ברייטע אויפגעריסענע אויגן זיינע האָבן מיט שפּריצן ווי צעגליטע פייער פונקען איבערן גאלפּאָן, איבער שווארצע שבתדיקע היטלען, איבער דריי־שפּיציק אויסגעבונדענע ווייבערישע פּאטשיילעס אומגעשוועבט.

יאנקעוו דעם שלאָסערס האָט ארום זיך א בליץ געטון מיט די אומרואיק געוואָרענע בליקן זיינע, אָנגענומענע מיט צאָרן, מיט גבורה, מיט שפּאָט:

— ר׳ באָרוך! — האָט ער איבער צענדליקער געבויגענע קעפּ א געשריי געטון — קומט פונדאנען, זאָל ער כריפּען, דער מנובל, זאָל ער זיי מאכן צום נאר...

באָרוך דער שרייער, וואָס איז די גאנצע צייט געשטאנען לעבן איר, באנע־לייען, האָט געזאָטן, איז געווען ארומגעכאפּט פון ברויז, פון צאָרן. נאָר זי האָט אים שטילערהייט געוואָרנט, ער האָט אָבער פאָרט פארלוירן דעם קאָנטראָל איבער זיך, זיך אָפּגעריסן פון אָרט און א שוועב געטון מיט דער בייטש אין דער לופטן צווישן עולם. זיי האָבן אים געוואָרנט, געזשומעט ווי די בינען:

— ר׳ באָרוך, האלט אייך אין דער מעלה, זאָגט מען אייך!... ווייסט וואו איר געפינט זיך! — האָט עמעצער א הויכן געשריי געטון. ער האָט זיי שוין ווייזט אוים ניט געהערט און ניט באנומען, האָט א קנאק געטון מיטן שטעקן פון דער בייטש אפן קאסטן וואו דער רעדנער איז געשטאנען, די פלאש מיט וואסער איז ארונטערגעפאלן און מיט געבראזג אף הונדערט שטיקלעך צעשפּרונגען געוואָרן. באָרוך איז אים אין פּנים געשפּרונגען:

פארנעם דיך פון דאנען, דו מנובל — האָט ער אים מיטביידע פויסטן געפּאָכעט. — אייניקייט דארפן מיר!... דו געמיינער ליגנער, פּראוואָקאטאָר! קומסט נאָר ניסן בוימל אפן פייער, שיטן זאלץ אף די אָפענע וואונדן!... אייניקייט, ברידער!...

פון יענעם אָפּדערנאכט אָן, דערמאָנט זיך באנע־לייע, האָבן כמעט אלע קאָלאָניסטן, אחוץ די גאָר נאָענטע, די אייגענע, אינגאנצן איבערגעריסן מיט איר מאָן און אויך מיט איר, באנע־לייען. ס׳איז איר שווער צו לעבן, ווי אין סדום, ווי אין א פאסטקע פון ניט פארדינטער שנאה, פון פאראכטונג. און זי ווייסט שוין באמת נישט, ווי אזוי ארומצוגיין מיטן אייגענעם מאָן, וואָס איז געוואָרן ווי א שטיק פולווער, הוילע נערוון... און אויך מיט זיי, די פרעמדע. זי פארשטייט, אז צופרידנשטעלן די ברוגזע שכנים זייערע איז גאָר ניט אזוי גרינג. אויך דעמאָלט, ווען דער מאָן אירער איז געווען צווישן זיי, א פארברענטער ציוניסט, האָבן זיי אים ניט געשאנעוועט, אויך דעמאָלט האָט איינס דאָס אנדערע פיינט געהאט, זיך ניט פארטראָגן. משוגענער, עקשן, האָבן זיי אים א צונאָמען געגעבן. דער

מאַן אירער האָט פיינט פּוסטע גאווה. מעשים, געטרייקייט האָט ער פון זיי געמאָנט... — מיינע שונאים זאָלן אַזוי לעבן, צי שלעכטע און בייזווי־ליקע מענטשן ·וועלן קענען פאַרשענערן די וועלט... נאָר גאָרניט. זאָל זיך דאָס רעדל דרייען, גיין זיין אייגענעם וועג!... און נישט זי, כאַנע־לייע, אַ פּשוטע אידענע, אַ קאָלאָניסטקע, נישט זי וועט זיי איינגעבן שכל!... אַ בייטש דאַרף מען צו זיי!... צווינגען ליב צו האָבן זיך אַליין!... איצט אָבער ברענט אין זיי אַ פייער, אַ שינאה, טאַקע ווי אין פּסוק שטייט — ווי אין די אמתע שונאים, ווייל דער מאַן אירער, האָט זיך אויף די עלטערע יאָרן, קען מען זאָגן, אינגאַנצן איבערגעקערט און אויך זי, כאַנע־לייע, די אידענע זיינע — מיטגעשלעפּט מיט זיך...

זי האָט זיך שטיל אויסגעזיפצט, אַראָפּגערוקט טיפער איבערן שטערן די ברוינע געבלימטע פאַטשיילע און אַזוי אַ פאַרטראַגענע פון אירע דאגות, אינעם טראַכטן, אומבאַמערקטערהייט זיך אַריינגעדרייט צווישן עטלעכע לאַנגע רייען מיט יונגע, גרינע לימענע און מאַראַנצןביימלעך, שוואַכע, אומזיכערע, ווי יונגע, צניעותדיקע מיידלעך, וואָס דערזעען זיך צום ערשטן מאָל צווישן אַ מחנה בחורים, שיינע און געוואַגטע...

כאַנע־לייע האָט אַרומגעשמעקט צווייגל נאָך צווייגל, באַטאַפּט עטלעכע גרינע, שטייפע בלעטלעך, וואָס זיינען באַזעצט מיט קליינע ווייסע, זאַפטיקע שפּראָצעלעך, ווי די יונגע מילך אַרום די ערשטע באַפּרוכפּערטע וואָרצלען פון ווייבערישע בריסטן. באַזונדערס אייגן און ליב זיינען איר יענע ביימלעך, ווייל שלוימע, דער מעזיניק אירער, האָט זיי פאַראַיאָרן זומער פאַרפּלאַנצט. יעדעס יאָר, ווען ער קומט אַהיים אויף די וואַקאַציעס פון דער גרויסער שטאָט, וואו ער לערנט אויף דאָקטער, דער זון, טוט ער אויך גוטע זאַכן פאַר דער שטוב און פאַר דער טשאַקרע. אַ געבוירענער פּויער, דער צוקונפטיקער דאָקטער אירער!... אַזאַ ברייטע, אַ קרעפּטיקער, קיין בייז אויג!... אַ געשטאַלט, אַ גיבור!... פייקער פון די אַלטע קאָלאָניסטן צו אַלע פעלד־אַרבעטן!...

כאַנע־לייע האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבן און דאָס פּנים אירס איז באַנאָסן געוואָרן מיט אַ פריידיקן שמייכל און מיט אַ שטילן טרויער, אַרום איר האָט זיך אַ ווייכע זון געשפּרייט, אַ גרינע פאַרטראַכטקייט, אַן אָנגענומענע מיט ערנסט און מיט צאַרטע צעזונגענע טענער, שטילע, וואָס האָבן זיך פון צווישן די אויפגעוואַכטע ביימלעך געטראָגן, פון די אַרומיקע בינשטאָקן און צענדליקער טויבנשלאַקן.

— און אפשר — האָט זי באַצאַרט מיטן קאָפּ וגעשאָקלט — וואָלט זי כאָטש דעם איינעם שלוימען, דעם מעזיניק, באַדאַרפט איבערלאָזן אין דער היים?... צו וועמען וועט דאָס אַלץ געהערן?... אַוועקגעגעבן פאַר דעם דאָס גאַנצע לעבן, די שענסטע און בעסטע יאָרן, געפּראַצעוועט, און ערשט! אָט שרייט נאָך דער מאַן אירער, אַז ער וועט גאָר כּפּרות שלאָגן מיט דער גאַנצער טשאַקרע!... אַז ער וויל מער ניט לעבן ווי אין אַ מידבר!... זי שווייגט! זי ווייסט אָבער, אַז די איינענע קינדער וועלן

שוין קיינמאָל פון דעם דאָזיקן גן־עדן ניט געניסן. נאָכן טויט פון איר מיטן מאַן, וועלן זיי דאָס אַלצדינג פאַרקויפן, אַבי פּטור צו ווערן פון אַן עול, פון אומזיסטן קאָפּ־דרייעניש... ס׳קען נאָך אַמאָל קומען אַ שונא־ישראל און דאָס אָפּקויפן פאַר אַ שיבוש, געניסן פון איר פּראַצע און שרייען: אידן זיינען טויגעניכצן, פּראָצענטניקעס, גנבים!... זיי טויגן ניט צו קיין ערד־אַרבעט! קיינער ווייסט ניט וויפל מי און טרערן זי האָט צו דעם אַלעמען בייגעטראָגן. די שווערע האָרעוואַניע אירע און אויך דעם מאַנס, די קינדערס. זיי אַלע האָבן אַליין די פעלדער באַאַרבעט און ס׳וועט שוין קיינמאָל פון קיינעם ניט אָפּגעשאַצט ווערן ווי געהעריק!...

ווידער האָט באַנע־לייע דערפילט אַ פּוסטקייט אַרום זיך, אַ טרויער, אַ ווייטיק, וואָס האָט דערמאָנט, אַז דאָס לעבן אירס און אויך דעם מאַנס איז פאַרביי אומבאַמערקטערהייט, אַז די עלטער זייערע איז אַן עלנטע, אַן איינזאַמע. און ניט אומזיסט וויל דער מאַן אַנטלויפן פון דאַנען. און אפשר איז גלייכער אַזוי? נאָכוואָס שלעפּן די קינדער אַף אַ גליטשיקן וועג, אַ וועג וואו טאַטע־מאַמע האָבן פּעריציק יאָר זייער אייגן גליק געזוכט און דאָס ניט געפונען!... זאָלן זיי, די קינדער, אַליין הערשן איבער זיך, ווערן באַלעבאַטים איבערן אייגענעם גורל, זאָלן זיי אַליין דאָס גליק זייערס געפינען!...

— באַנע־לייע, וואו ביזטו מיר אַהינגעקומען? — האָט זיך דעם מאַנס קול ווי פון אַ טעמפּן פאַס דערטראָגן צו איר. — קום נאָר אַהער, איך וויל אַ קוק טון אַף דיר, אישת־חיל מיינע! ברענג מיר אַ מאַטע!

זי האָט אים אומגעזוכט אין גאָרטן, אין גאַלפּאָן און ניט געפונען. ער איז גאָר געווען אין אַ קליין הילצערן קעמערל, פאַרשטעקט אין אַ ווינקל צווישן אַלטע פעלד־מכשירים. דאָרט איז באַרוך געשטאַנען אַף די קני איבער אַ טיפּער באַליע מיט געזאַלצענער וואַסער און איבערגעוואַשן די קעזן. די לופט איז דאָרט געווען אַ האַרבע, אַ שווערע, אַן אָנגענומענע מיט ריחות פון איבערגעשטאַנענע קעזלעך, וואָס זיינען אַף אַ לאַנגער פּאָליצע אויסגעלייגט געווען.

— וואו האָסטו זיך ערגעץ פאַרשטעקט, באָרוך? — האָט באַנע־לייע אַריינגעשריען אין אָפענעם טירל.

— אָט איז ער, דער חפץ דיינער! — האָט ער זיך אָנגערופן און אויפגעהויבן צום טירל דאָס פאַרשוויצטע פּנים, דעם לאַנגן טרוקענעם האַלדז, דעם דורכגעוועבטן מיט בלויע שטייפע אָדערן. — וואָס, באַנע־לייע, וועט פאָרט זיין ווען די אידן פון די נענטערע שטעטלעך וועלן מיט אַן אמת אויפהערן עסן סמעטענע מיט קעז?...

— זאָל שוין דאָס זיין די איינציקע דאגה אונדזערע! — האָט זי אים די מאַטע דערלאַנגט און זיך אַ גלייכגילטיקן צעוויג געטון. — מיר וועלן שוין, באָרוך, פון הונגער ניט שטאַרבן, אָסור!...

— און איך, באַנע־לייע, — האָט דער מאַן מיט באַדויערן צוגע־געבן, — וואָלט הנאה געהאַט, ווען די פּראַצע אונדזערע קומט באַטשע

אַן צו די אמתע קבצנים. איי וואָלטן די קאַרפּוזיקלעך זייערע געלעקט די פינגער... ווייסט דען, ווי זשעדנע זיי זיינען נאָך אביסל מילכיקס?... גיי דערציייל זיי אַ מעשה, אַז די סחורה גייט פריער דורך צען פּאָר הענט, ווערט עקספּלואַטירט...

— אַ נייעס בא דיר! אַנטדעקט אַמעריקע!... — האָט דאָס ווייב שטיל אַ זאָג געטון און אומצופרידן מיט די קורצזיכטיקע אייגעלעך גע־זשמורעט. — אָט, באָרוך, פעלן אונדז שוין ווידער עטלעכע הינער, אי־בער נאַכט זיינען זיי געלם געוואָרן!...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, גענומען ווישן די נאַסע הענט אינעם פאַרטעך פון זאַק און אַריינגעטענהט אין ווייבס פּנים:

— אַ מיאוס געזינדל, כאַנע־לייע, האָט זיך אָנגעזעצט אַף אונדז!... מען שלעפּט, מען רייסט שטיקער — יעדער איינער אַף זיין גנבישן שטיי־גער! אויך די נייע וועלט־רעטער שווייגן ניט!... הייסן אונדז אָנשיטן דעם נייעם ווייץ מיטן קאָרן אין די נאַקעטע גאַלכּאָנעס, הייסן זיך אונדז באַ־גראָבן לעבעדיקערהייט! מיר דאַרפן, כאַנע־לייע, אַ שפּיי טאָן אַף דעם אַלעמען!— האָט ער פאַרדריסלעך מיט די הענט אַ צעפּיר געטון. — באַסטאַ!

זי האָט אים שטום אָנגעקוקט, געצויגן מיט די שמאָלע כמעט קינ־דישע אַקסלען און זיך געישובט. באַלד אָבער האָט זי זיך צעשמייכלט און געענטפערט מיט ביטערניש, מיט איראָניע:

— פאַרוואָס עפּעס ווילן זיי קיין זעק ניט צושטעלן, די קאַרפּן־קעפּ אונדזערע?... נעבעך, די מילחמה האָט זיי ניט אָפּגעגליקט!... נו, זאָלן זיי אויך קומען אהער!... זאָלן זיי אויך ווערן ערד־אַרבעטער, קאָלאָניסטן! זאָלן זיי אויך טראַסקען פון פאַרדרוס, וואָס אַ קאָלאָניסט האָט ניט דאָס רעכט אָפּצומאָלן אַ זאַק מעל פון זיין אייגענעם ווייץ, מוז קויפן דאָס פאַר־טיקע, אפילו פאַר זיך אַליין.

זי איז געוואָרן בלייך און אויפגערודערט. באָרוך האָט זי אַ טאָרע געטון באַם אַקסל און גראָבנדיק מיט אַ שפּיץ פון זיין שטיוול אין דער נאַסער ערד פון קעמערל, שטיל און מיט אַ ווייך קול ווי צו זיך אַליין געטענהט:

— נו, נענוג שוין, כאַנע־לייע!... ערשט איצט, ווי איך בין אַ איד, לוינט זיך צו לעבן!... מיר דאַרפן דאָך זען דעם אידישן שונא, דעם בי־טערן, אַ צעקוועטשטן... אַ גרויסע ענדערונג וועט קומען!... דאָס אומ־שולדיקע בלוט פון מיליאָנען מענטשן, וועט ניט רוען, ס'וועט סוף־כל־סוף אונטערשווענקען דעם צעפּוילטן באָדן פון די פאַלשע משיחים מיט זייערע גאָכפּאָלגער!... — האָט שוין באָרוך ווידער גענומען פּאַכען מיט די הענט און זיך בייזערן, גלייך ווי די אידענע זיינע וואָלט געוועזן קעגנער...

וואָלף דער שלאָסער האָט זיך אַריינגעשטעלט אין טירל. אַן עלטערער קאָלאָניסט, אַ מיטלוואוקסיקער מיט אַ דריישפּיציק פאַרויכערט פּנים, מיט שמאָלע קאַרבן אונטער די העל־גרינע אויגן, רואיקע און עטוואָס צע־

שמייכלטע. דער קײלעכיק שטרויענער ברוינער הוט אפֿן קאָפּ, דער לאַנגער מעסער אין גארטל פֿון די ברייטע געקעסטלטע הויזן, פֿאַרשפּיליעט באַ די פּיס־קנעכלעך, דער קורצער געקעסטלטער זשילעט אפֿן גרינעם קאַקי־העמדל, די קופּער־פֿאַרסאַרפּעטע און מיט האָר באַוואַקסענע ברוסט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿונעם צעשפּיליעטן העמד, אַלץ האָט אים צוגעגעבן דעם אויסזען פֿון אַן עכטן קריאָזשאָ, פֿון די ווייטסטע אַרגענטינער סטעפּעס.

— וואָס עפּעס אַזוי ערנסט? — האָט דער שלאָסער אַ שמייכל געטון מיטן גאַנצן פּנים, מיט די ווייסע געזונטע ציין, אַנטקעגן זיינע שכנים. — דיר, באָרוך, איז גוט, דיינע קדישים טאַפּטשען שוין אויס פֿאַר זיך אַ וועג; באַ מיר ווידער, דרייט זיך נאָך עפּעס דאָס היטל, דער מעזיניק מיינער איז פֿאַרקאַכט ביז איבער די אויערן... שווערע ציטן נאָכצוגעבן אים עפּעס, אַ שנייד־מאַשין איז מיט גאָלד גלייך...

מאַן און ווייב האָבן זיך שטום איבערגעקוקט און אויסגעזען פֿאַרשעמט. באַלד האָבן זיי די בליקן אפֿן שכן איבערגעטראָגן און זיך באַמיט אַרויסצופֿילן צי מיינט ער ניט אַמאָל אָפּצוחוזקן וואָס די קינדער זייערע זיינען זיך צעלאָפֿן און טאַקע מיט דער אייגענער הילף פֿון די טאַטע־מאַמע...

— פֿאָרסט היינט, וואָלף, צו דער יערלעכער פֿאַרזאַמלונג? — האָט באָרוך דאָס שווייגן איבערגעריסן. — מען דאַרף פּונדעסטוועגן ניט אויפֿהערן צו מאָנען. אַף קיין כבוד זאָלסטו, גוטער ברודער, קיינמאָל נישט וואַרטן! ווילסטו עפּעס דערגרייכן, טאָ, בראָדזשע אום אין דער בלאָטע ביז צום האַלדז!...

וואָלף דער שלאָסער, בטבע אַ רואיקער, אַ מענטש אָן עקשן, וואָס האָט שווייגנדיק און מיטן גרעסטן אויסדויער אַלע זיינע אַמביציעס און אידעאַלן כמעט פֿאַרווירקלעכט, איז געווען דער איינציקער פֿון די פֿרעמדע שכנים, וואָס האָט פֿאַרשטאַנען באָרוך דעם שרייער און זיך באַמיט יענעם ניט וויי צו טון, אים ניט שיטן קיין זאַלץ אַף די וואונדן, ניט אַרויסנעווייזן קיינמאָל, אַז אויך ער, וואָלף, האָט טיף אין האַרצן אָפּגעחוזקט פֿון אים, באָרוכן, און אויך פֿון כאַנע־לייען, אַלעמיי זיי האָבן אוועקגעגעבן דאָס גאַנצע לעבן, דאָס געזונט, די פֿרייד, נאָר צוליב דעם, אַז די זעקס קינדער זייערע זאָלן זיך באַפּוצן מיט דיפּלאָמען, ווערן פּראָפֿעסיאָנאַלן און זיי, די אויסגעהאָרעוועטע טאַטע־מאַמע, זאָלן בלייבן אַליין, פֿאַרשעמטע פֿון פֿרעמדע און פֿאַרלאָזטע פֿון די אייגענע קינדער!...

— מען וועט זען, באָרוך! — האָט ער אַ גלייכגילטיקן זאָג געטון, זיך מאַכנדיק, אַז ס'גייט אים אינגאַנצן ניט אָן די יערלעכע פֿאַרזאַמלונג, וואוהין אַלע אידישע קאָלאָניסטן פֿאָרן זיך צונויף און באַהאַנדלען דאָרטן די וויכטיקסטע פֿראַגן. — איך האָב אַביסל פֿרעמדע אַרבעט אַרויסצופּאַרטיקן און דאַרף אָנשאַרפֿן די ציין פֿון מיין גרויסער שנייד־מאַשין, עפּעס פֿוילט זי זיך מיר אונטער און דאָ רוקט זיך אָן די קאָסעטשע...

אויב ס'וועט ווידער קיין טאָרמענטאָ ניט אויסברעכן, — האָט כאַנע־לייע באַזאָרגט צוגעגעבן, — אַזוי ווי פאַראיאָרן, וועלן מיר, האָף איך, האָבן וואָס צו שניידן, די פעלדער בליען!...

דער שלאָסער האָט צופרידן געריבן איין האַנט אין דער אַנדערער, זיך געפרייט, וואָס ער קען פאַרדינען אַ זייטיקן סענט און ניט וואַרטן נאָר אַף דער גערעטעניש פון די פעלדער. ער פאָרט נאָך היינט אויך אום מיט זיין וועגעלע און פאַריכט די מאַשינען בא די קאָלאָניסטן, מאַכט פאַר זיי נייע שרייפלעך און אַנדערע אָפּגענוצטע טיילן.

— נו, נאָר ניט געזאָרגט! — האָט ער פריילעך אויסגערופן — לאָמיר וואַרטן אַפן בעסטן!... און ניט פאַרצווייפלען ווען עס קומט אפילו דאָס ערגסטע!... איי, באָרוך, — האָט ער אים פריינטלעך איבערן אַקסל אַ קלאַפּ געטון — ביזט דאָך שוין ניט קיין אינגעלע! די מורא מאַכט דעם מענטשן אָפּהענטיק!... געשפּאַנט, באָרוך!...

— נו, יאָ! אַז מיר האָבן שוין אויסגעהאַלטן דאָס דאָזיקע לעבן אַריבער פערציק יאָר — האָט כאַנע־לייע, ברוגזלעך געענטפערט — וועלן מיר שוין זיכער דערשלעפּן ביז צום סוף!

— הערסטו וואָלף! — האָט דער מאַן אירער פּלוצים אויסגעשריען און דערביי אומרואיק מיט די הענט געוואָרפן — אַ ווייסע לעבער האָב איך פיינט! מיר נעמען ניט גענוג ערנסט אונדזער אַרבעט!... קליינלעכקייטן האָבן מיר אין זינען!... און איך וועל, זאָג איך דיר, גוטער ברודער, אַ שפּיי טון אַף דעם אַלעמען!... גענוג!...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַלע דריי האָבן זיך שטום און פאַרגעבלעך איבערגעקוקט. אין דרויסן האָבן צוויי הויכע סטויגן מיט איבערגעטרוקנטער שטרוי אין קעמערל אַריינגעשיינט. שמאָלע פּאַסן מיט זון האָבן זיך געוויקלט אַרום זיי. וואָלף דער שלאָסער האָט אַ קרעכץ געטון און פאַרדריסלעך מיטן קאָפּ געשאָקלט. ער איז ווידער אַמאָל גרייט געווען צו זאָגן דעם שכן זיינעם, אַז ערנסטקייט אָן שכל, אָן וואָג, איז ווי אַ גוט בוך, וואָס ווערט פון קיינעם ניט געלייענט. ער האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן פון פאַרציען דעם שמועס. וואָלף האָט שוין אַרויסגעפילט באַרוכס אומרו און זי ניט געוואָלט צעבלאָזן...

באָרוך ווידער האָט זיך געפילט געקרענקט פון זיין שכנס פאַרשווייגן. ער האָט אַף אים אָנגעשטעלט דאָס מידע פּנים, די צוויי גרויסע, צעשמייכלטע אויגן, די אָנגענומענע מיט באַליידיקונג, מיט איראָניע, מיט אַ שטילן פאָרוואורף:

— ביזט אַ לידאַק, וואָלף! — האָט ער אים אין פּנים אַריינגעברומט — ווערים, אַ איפּעש פאַרשפּרייט זיך אַרום אונדז!... און דו — קאַלטע לעבער מיינסט, אַז ביזן טויט וועל איך שטיין ווי אַ קנעכט לעבן דער טיר פון פריץ... בעטן בא אים רחמים, זיך נויגן מיטן היטל אין די הענט...

דער שלאָסער האָט אומצופרידן די שוואַרצע, געדיכטע ברעמען צו־

נויפגעצויגן און מיט זיין כסדרדיקער רואיקייט ווידער א טראכט געטון: און ער, דער וואָלף, ווי די שונאים זיינע רופן אים, ער וועט ווידער אויפ־נעמען דאָס לעבן מיט מעריצעדיקייט, ער וועט דאָס ווידער ליב האָבן פונקט ווי די צעאַקערטע פעלדער זיינע, וואָס גיבן אים א סך ארבעט און יסורים. און נאָך דער שווערער מי און האָרעוואַניע, נאָך דער שרעק פאַרן הײשעריק, פאַר שלעכטע וועטערן, האָט ערשט דער שניט טויזנט טעמים! יעדער פריש אָפּגעבאַקן ברויט שיינט! ס׳שיינט דעמאָלט די פרייד אין אַלע ווינקעלעך פון זיין שטוב.

— נו, ברוך! — האָט ער אַן אָפּגעהאַקטן זאָג געטון — ביזט היינט אין א שלעכטער שטימונג!... יעדער איינער, ברודערקע, וואָס וויל לעבן פון ערלעכער ארבעט — מאַטערט זיך!... א שאָד, גלייב מיר, דאָס עסן זיך אַליין!...

— מיינע טענות!... — האָט זיך כאַנע־לייע א צעשאָקל געטון — זאָג איך דען ניט, דעם עקשן מיינעם, אַז די וועלט האָט פיינט א ווײנער! מענטשן, ר׳ וואָלף, האָבן ליב די לייכטקייט. פאַרן אמת אַנטלויפן זיי, ווי פאַר פייער און ער, דער מאַן מיינער, שטענדיק מיט אָפּענע קאָרטן!...

יאַנקעוו, וואָלף דעם שלאָסערס מעזיניק איז צוגעריטן צו דער דראַ־טענער פאַרצוימונג אַרום דער טשאַקרע, דער ברייטער, שטרויענער הוט אָפּן קאָפּ, די ברוינע דריי־שפּיציקע פּאַטשיילע אַרום האַלדז, דאָס לאַנגע, שאַרפּע מעסער אין ברייטן גאַרטל אַרום די לענדן, די הויכע שטיוול אַף די פיס. זיין פאַרסמאַליעט ענערגיש פּנים האָט אים צוגעגעבן דעם אויס־זען פון א ציגיינער־פּרינץ. ער האָט א סווישטשע געטון און כאַנע־לייע איז צו אים אַרויסגעלאָפן. ער האָט איר צוגעוואָרפן א גרויסן, פאַרמאַכטן קאָנווערט און א צי געטון די לייצעס. ברוך דער שרייער האָט אים נאָכ־געפּאָכעט מיט בײדע הענט און מיט א פאַריסנקייט אויסגעשריען:

— הער נאָר, דו גאַוטש מיינער!... זע נאָר ווי דאָס רייט זיך אַזוי גדלותדיק!... וועסט קומען אַף דער יערלעכער פאַרזאַמלונג פון פאָנדאַ קאָמונאַל?...

דער בחור האָט קוים געהערט די טענות. אָבער אַן ענטפער האָט ער שוין פונווייטנס צוגעוואָרפן:

— שרייט ניט אַזוי!.. לערנט ניט די גענדז פליען!... זיי וועלן זיך שוין אַליין אויפהויבן!... פאַר וועמענס וועגן, ר׳ באָרוך, לייגט איר איין די וועלט?!... די קינדער אייערע, זיי וועלן שוין קיין פּויערים ניט ווערן!... איר האָט זיי שוין פאַרזאָרגט!...

דער טאַטע זיינער האָט אים פונווייטנס א דראָע געטון מיט דער רעכטער האַנט, ווייל אים האָט פאַרדראָסן דעם זונס אָפּנהאַרציקייט; ער האָט זיכער געזען אין דעם א חוצפּה פון א יונגן מענטשן, וואָס ווייסט נאָך ניט פון קיין טיפע יסורים, פילט ניט דעם ביטערן טעם פון איבער־לאָזן די אַלטע היים אינאיינעם מיט די שענסטע, די בעסטע יאָרן, וואָס די אידישע שונאים האָבן דאָרטן צעטרעטן; ווייסט ניט וואָס אַזוינס עס

הייסט בויען פאַר זיך אַ נייע היים, אַ ניי לעבן, אין סאַמע האַרץ פון דער גרעסטער ווילדעניש... זיי, די אידישע פּוגדיקלעך, זיינען דאָך ווי ס'איז — האָט ער אַ טראַכט געטון — געקומען צום גרייטן. דעריבער טאַקע, אַזאַ פאַריסנקייט!...

ער האָט אַ זייטיקן קוק געטון אַף באָרוכן, וואָס האָט פאַרלוירן גע־שמייכלט און געהאַט דעם אויסזען פון אַן אָפּגעשמיסן חדר־אינגל, וואָס פילט דעם ווייטיק, די בושה פון די באַקומענע שמיץ און ווייסט אָבער, אַז די שטראָף איז אַ פאַרדינטע...

וואָלף דער שלאָסער וואָלט גערן געקענט אויסהערן, אפילו צען מאָל איבערן טאָג, ווי מען מוסרט אויס דעם שכן זיינעם, דעם אַלטן פריינט מיט וועמען ער האָט אריבער פערציק יאָר געהאָרעוועט אַף די ענטרע ריאַסער פעלדער און זיך אַ וועג דורכגעשלאָגן, אָבער ניט פון זיין זון, פונעם שנעק, דעם געראָטענעם מעזיניק, זאָלן די טענות קומען. עס זיינען פאַראַן געווען שטאָט־שקאָצים!... ער האָט געוואוסט, ר׳ וואָלף, אַז די שכנים זיינע זיינען אים מקנא, סיי מיט דעם וואָס ער האָט דאָס אַלטע פאַך זיינס ניט אַוועקגעוואָרפן און נאָך מער, וואָס די זעקס חתונה גע־האַטע זין און טעכטער זיינע, זיינען קאָלאָניסטן, האָבן אייגענע טשאַקרעס. אַלע וואוינען לעבן אים, דעם טאַטן, פאַרשאַפן אים נחת און כבוד!... איבערהויפּט דער קליינער שנעק!... ער גייט זיי, דאַכט זיך, אַלעמען אי־בער!... ער האָט אויפגעהויבן דעם גרויסן, קיילעכדיקן שאַרפשטיין זיינעם, וואָס ער איז געקומען אָפּנעמען בא באָרוך דעם שרייער, אים אַרויפגע־לייגט צו זיך אַפן אַקסל און מיט זיין גאַנצער פויערישער באַזאָרגטקייט זיך אַ לאָז געטון איבערן בערגל, וואָס פירט צו זיין טשאַקרע, ניט אומ־קוקנדיק זיך צו די שכנים...

באָרוך דער שרייער האָט אים שטום און פאַרדריסלעך נאָכגעקוקט, ר׳ וואָלפן, דעם אַלטן פריינט זיינעם און איז אים מקנא געווען. ער, באָרוך האָט זיך ווידעראַמאָל דערפילט עלנט און איינזאַם, אַ פאַרשעמטער, ווי אַן אַלטער אַרומגעטעסעטער בוים. ער האָט זיך מוטלאָז אַראָפּגעלאָזט אַף אַ בריטן, אונטערגעשניטענעם בוים, אַ שוואַרצן, אַ פאַרסאַרפעטן פון דער זון. ער האָט זיך שטום איינגעקוקט אין די צוויי ברייטע שפּיצן פון בוים, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בן־מינן מיט צוויי גולמדיק צענומענע הענט. ער האָט פּלוצים אָנגעהויבן אָפּצוקראַצן מיטן נאָגל פון גראָבן פינגער אַ שטיק איינגעשרומפּענע קאָרע. ס'וואָלט גוט געווען — האָט ער אַ טראַכט געטון — ווען אויך אַ מענטש, אַן אויסגעהאָרעוועטער, אַ מי־דער, קען זיך אַזוי גולמדיק אוועקליינען ווי דער דאָזיקער בוים און זיך אויסרוען... אָפּשלאָפן אַ פאַר יאָר און ניט וויסן, ניט פילן קיין שום זאַך... פאַרגעסן אָן אַלע עוולות וואָס דאָס לעבן, די מענטשן, דער רוח ווייסט ווער איז קענן אים באַגאַנגען. נאָכדעם זאָל קומען אַ געטרייע האַנט און אָפּקראַצן פונעם מענטשן די אַלטע קאָרע, די איינגעשרומפּענע, די טרוי־קענע און אַ נייע הויט לאָזן אָנוואַקסן!...

— אָבער אינגאַנצן אומגערעכט איז ער פֿאָרט ניט, דער דאָזיקער ממזרוק!... — האָט ער מיט ביטערניש געזיפֿצט — צוליב וועמען טאַקע איינלייגן וועלטן? נאָך וואָס דאָס האָוועןּ, דער הו־האַ?!... דער פּוסטער טאַראַראַם? אַ פּעאָן באַ יענעם פֿרעסט דען ניט אַ שטיק ברויט, אַ טרוקענע גאַזשעטקע?! טרינקט אַ מאַטע און שאַ־שטיל, סאַטעט זיך ניט אַרויס די קישקעס פֿון בויך — איז ניט קיין קולאַק!... וואָלט ער כאָטשע געהאַט דאָ די קליינע טאָכטער, טויבעלען — מילא... האָט ער אָבער, דער עקשן, דער משוגענער, אין דער גרויסער שטאָט זי בילדן געשיקט! האָט זי זיך אויסגעלערנט אַף אַקושאָרקע און אָנגעפּייפֿט דעם טאַטן אירן, דעם אומגעבילדעטן קאָלאָניסט, דעם פּויער!... ס'שטייט איר, ווייזט אויס, ניט אָן, דער אונטשאָנע יעווריקע! שוין נאָך נעילה, די אַלטע טאַטע־מאַמע אַ טאַרכעטל געשיקט: פֿריילן טאַמאַרא דע ווו. חתונה געהאַט מיט כאָסע זשיאַנאָסי... אַ לאָקש, ווייזט אויס — האָט באָרוך אינגאַנצן אַ צענומענער ווידער אַ זיפֿץ געטון — טאַקע געלווינט זיך, בנאמנות, אַוועקצוגעבן דאָס לעבן פֿאַר אַזאַ תינוף...

— באָרוך, עקשן... — האָט אים דאָס ווייב מיטן אָפֿענעם בריוו אין די הענט פֿון דער פֿאַרטראַכטקייט געוועקט, נאַ, זע, וואָס די קליינע אונדזערע שרייבט!...

ער האָט אַן אומצופֿרידענעם מאַך געטון מיט דער רעכטער האַנט און ווידער דעם בריוו לייענען ניט געוואָלט.

— דו ווייסט, עקשן מיינער, — האָט זי מיט אַ טרויעריק צעשמייכלט פּנים אָפֿן מאַנס פֿליך געקוקט — זי שרייבט דאָך מיר דעם בריוו אין אידיש!... ווי געפֿעלט זי דיר, די מויד?...

כאַנע־לייע האָט אים געוואָלט זאָגן, אַז דער טאָכטערס שרייבן אין אידיש איז אַ גוטער סימן... אַ באַווייז, אַז טייבעלע איז חלילה ניט אַנטלאָפֿן פֿון די טאַטע־מאַמע אירע, ניט אַנטלאָפֿן פֿונעם אייגענעם אָפּשטאַם. און נאָך אַ געדאַנק האָט זי אים געוואָלט אַרויסזאָגן: זאָל ער ניט מיינען, דער מאַן אירער, דער עקשן, אַז כאַנע־לייען נאַרט מען אַזוי גרינג!... נישקשה, זי איז שוין ניט קיין נעכטיקע און קען זיך אַף אַ מענטשן:

— וואָלסט געמעגט, באָרוך, איבערלייענען דעם בריוו פֿון די קינדער, אָסור צי ס'וועט דיר חלילה עפּעס אָפּקומען... — האָט זי פֿאָרזיכטיק אַ זייע געטון צווישן די ציין — אַ מענטש זאָל זיך ניט וועלן דאַגהן...

— לייען דו, כאַנע־לייע! — האָט ער גלייכגילטיק געענטפֿערט — ס'איז אַלציינס. די אויגן, ניט פֿאַר דיר געדאַכט, דינען מיר שלעכט... זיי, די געלערנטע לייט פֿאַרשטייען ניט קיינעם!... זיי האָבן זיך זייער אייגענעם קוק אָפֿן לעבן און אַף דער וועלט. אָבער אַביסל מענטשלעכקייט, מיין ווייב, מעגן זיי, ווי איך בין אַ איד, באַ אונדז, באַ די אַלטע אויסגעפּרואווטע אידן מיט די ווייבער, לערנען, באַ די פֿאַרשמאָלצעוועטע שוואַרצע קאַפּאָטעס און באַ די זיידענע טיכלעך, וואָס שטייען זיי, די יונגע, ווי ביינער אין האַלדז... נישקשה — האָט ער מיט די הענט פֿאַר זיך אַ צעפֿיר

געטון — ס'מעג זיי אָנשטיין צו זיצן מיט אונדז באַם טיש!... אַן אַלטע אָקס, אַ פּאַסטראַנקע, אַן אָפּגענוצט מעלק־שעפל — אַלץ וואָס האָט מיר אַמאָל געבראַכט נוצן, האָב איך ניט דאָס האַרץ אַוועקצוואַרפן... דו הערסט, כאַנע־לייע?... — האָט ער צווייִ דראָענדיקע אויגן אַפן ווייב אָנ־געשטעלט. — שפּייען אין דער אייגענער קאַשע, איז משוגעת!...

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מאַן, געגלעט די געבויגענע פּלייצע זיינע, — קינדער, באָרוך, אייגן בלוט און פלייש — האָט זי אים שטיל אין פנים אַריינגעטענהט — זיי זיינען שטענדיק גערעכט!... אַזוי מוזן מיר, די נאַרישע טאַטע־מאַמע טראַכטן וועגן זיי. מען מוז קענען מוחל זיין!...

— לאָז צו רו, אידענע! — האָט ער זי אָפּגעמאַסטן מיט אַ קאַלטן בליק — אַ פרעמדן רוח איז גרינגער מוחל צו זיין... מען גיט אים, כאַנע־לייע, די תפילין און — גיי!... אייגנס ווידער, שטייט דיר כסדר מיטן פוס אַפן סאַמע שלונג!...

זי האָט יסורימדיק מיטן קאָפּ געשאָקלט, צוגעבנדיק דערשלאָגן — אייגן בלוט און פלייש, באָרוך, ווערט אָבער ניט פאַרפרעמדט. און אָט שרייבט זי, טייבעלע, זי טוט צו וויסן, אַז היינט־מאָרגן דאַרף זי ליגן אין קימפּעט!

ער האָט אויסגעדרייט צו איר דאָס פּנים און זי שווייגנדיק, נאָר ערנסט אָנגעקוקט.

ביידע שטילע, איינגעשרומפּענע, באַדעקטע מיט עלנט און מיט דאגות, שוואַרצע, ווי די פאַרסאַרפּעטע קאָרע פונעם בוים, האָבן זיי אויסגעזען ווי צוויי אַלטע אָדלערס, פאַרוואָגלטע, מיט אונטערגעבראָכענע פליגל און מיט אויסגעפליקטע פעדערן.

באָרוך האָט די בליקן זיינע אַף דער שטוב איבערגעטראָגן און גע־דאַכט האָט זיך אים, אַז זי האָט זיך גענומען אַרויסהייבן פון איר לאַנג־יעריקער געזונקענקייט, זיך אויפהויבן פון דער איינזאַמער פאַרטראַכט־קייט.

— דו ווייסט, באָרוך — האָט כאַנע־לייע מיט איר גענוט ווייבעריש אייגל דעם מאַנס יעדער צוק פונעם געזיכט נאָכגעפאָלגט — מען וואָלט, מיין איך, באַדאַרפט אויסקאַלעכן די שטוב!... מאַכן אַ שטיקל ליכט... די קינדער וועלן מסתמא היינט־מאָרגן אַריינפאַלן צו אונדז...

— אַ גוטער רעגן! — האָט ער מיט רוגזע געענטפערט — איז מיר אוודאי בילכער! די קאַסעטשע, כאַנע־לייע, שטייט מיר נאָך אין קאָפּ!...

צו דער פאַרצוימונג איז צוגעפאָרן אַ קליינער אויטאָ, אַן איינגע־הילטער אין אַ געלן וואָלקן מיט שטויב. כאַנע־לייע האָט זיך אינסטינק־טיוו פון אָרט אַ ריס געטון און מיט אומרואיק צעפלויגענע הענט די געסט אַנטקעגן געלאָפן. אויך דער אַלטער, טשובערנאַטער הונט איז געלאָפן, זיך געפּלאָנטערט פאַר דער באַלעבאַטעם פיס און אַריינגעהאַוועקעט אין הימל...

באָרוך האָט זיך אויפגעהויבן, זיך אויסגעגלייכט און אַ וויש געטון די פאַרשמירטע הענט אין די הויזן, מורמלענדיק אומרואיק: אַ טאָג האָט ער היינט, אַ משוגענעם, אַ בייז־וואונדער! ס'שיטן זיך אַף אים די קללות! — באַלד האָט ער אַראָפּגעקאַטשעט די אַרבל פונעם העמד און אַ צע־וויגטער, מיט אַן אויסגעצויגענעם קאָפּ אַף פּאַרוים, מיט די גרויסע, אומ־רואיקע אויגן, אָנגענומענע מיט מילדקייט, מיט דערוואַרטונג, דעם ווייב נאָכגעשפּאַנט...

טייבל, די מעזינקע זייערע איז פון אויטאָ אַרויסגעקומען און זיך גלייך געלאָזט לויפן צו די טאַטע־מאַמע. אַן אומרואיקע, מיט אַ פאַר־פלאַמט פּנים און מיט געטרייע אומרואיקע הענט, וואָס האָבן געדרעדט מער ווי טויזנט שפּראַכן, אַ פּאַל געטון צום טאַטן אַף דער ברוסט, זיך גע־קלאַמערט אַרום אים, געקושט דאָס פאַרחושכטע פּנים זיינס, דאָס באַ־דעקטע מיט שווייס און מיט ווייכקייט. אים ליב געהאַט פונקט ווי דע־מאָלט, אין יענע שיינע און גליקלעכע יאָרן, ווען זי, טייבל, איז נאָך אַ קינד געווען און זיך געפּעסטעט באַם טאַטן, נאָך מער ווי באַ דער מאַ־מען... אויסגעפירט באַ אים אַלע קינדישע קאַפּריזן, ווען ער האָט זי, נאָך אַ קורצן האַמפּערן זיך מיטן ווייב, דאָך נאָכגעגעבן און אַרויפגענומען טייבעלען צו זיך אַפן פערד און אַוועקגעריטן מיט איר צו די שכנישע סאַלאַניעס, אָדער גאָר אַרומגעשפּאַצירט צווישן די גרינע, צעטויעטע פעלדער...

כאַנע־לייע, איינגאַנצן אַן אויפגעצאַפּלטע מיט רויטע, שאַרפע פלעקן אַף די שמאָלע, געקאַרבטע באַקן, איז אומגעפלויגן מיט די צענומענע הענט אַרום דער טאָכטער, אַרום מאַן און זיי ביידע געוואָלט איינשלינגען. די פרייד אירע איז געווען אַ צווייענדיקע: טייבעלע איז געקומען צוגאַסט און דער טאַטע, דער עקשן, האָט נאָכגעגעבן!... אַוודאי האָט אַנדערש ניט געקענט זיין! זי, כאַנע־לייע, קען אים שוין, דעם „גזלן"!...

זי האָט זיך אָנגעהאַנגען באַ דער טאָכטער אַפן רעכטן אַקסל און ניט פאַרגעסן דערביי אָפּצומעסטן טייבעלעס קיילעכיק געוואָרענעם קער־פּער, געזען די רונדע, שטייפע בריסטן אירע, וואָס האָבן מיט גאווה אָפיר־געשטאַרצט פון אונטער דעם ברייטן זיידענעם כאַלאַט, דעם הימל־בלויען מיט די טיפע ברייטע פאַלדן פון אויבן ביז אַראָפּ. טויזנט חנען האָט די טאָכטער באַקומען אין דער מאַמעס אויגן און דאָך האָט זיך אַ שווערער זיפץ פון כאַנע־לייעס געמיט אַרויסגעריסן, זי האָט אַרויסגעריסן טייבעלען פון טאַטנס הענט, זי געקלאַמערט צו זיך און ביטער געוויינט...

מיט פינף יאָר צוריק, ווען טייבעלע איז דאָס לעצטע מאָל פון טאַטע מאַמעס שטוב אַוועקגעפאָרן, האָט מען זי געהאַלטן פאַר אַ קינד. אַ קליינע איז טייבעלע געווען, אַ צאַרטע, אַ דיקלעכע מיט אַ ווייסער איידעלער הויט אַפן פּנים, גאָרניט געראָטן אין די געזונטע דאָרפישע טעכטער און מיט רויטע, פרישע ליפּן, פיין געשניצטע און דורשטיק פאַרבענקטע... אַ בענקשאַפט, אַ גרעניצלאָזע פאַרחלומטקייט האָט זיך געטויעט אין די

מילך־ווייסע מאַנדל־אויגן אירע, די באַזוימטע מיט טונקל־בלויע רעפּלעך, ווי בא אַ טויב.

דאָך האָבן די טאַטע־מאַמע, אַלע אייגענע און אויך די פרעמדע, איבערהויפּט די קאָלאָניסטישע בחורים געוואוסט, אַז טייבעלע האָט ליב געהאַט דאָס פעלד און דעם וואַלד. אַ סך מאָל, כמעט אַלע פאַרנאַכט האָט מען זי געזען צווישן די געדיכטע אייקאַליפּטןביימער, אָדער אין סאַמע האַרץ פון די צעזונגענע קאָרן־פעלדער, דאָרטן האָט זי געזונגען אידישע פאָלקס־לידער פאַר די קליינע קאָלאָניסטישע קינדער, וועלכע האָבן געקלעפּט אַרום איר און זיי מעשהלעך פון די אידישע קלאַסיקער געלייענט. די טאַטע־מאַמע אירע האָבן געקוואָלן!... טייבעלע וועט אייביק קלעפּן אַרום זיי. טייבעלע האָט אַ אידיש האַרץ!... מען דאַרף זי אפשר לאָזן גיין זאיר אייגענעם וועג!... אפשר וועט זי גאָר אַף לערערן ענדיקן? יאָ! זי וועט ניט איבערלאָזן אַליין די אַלטע טאַטע־מאַמע אירע!...

באַנע־לייע האָט זיך דאָס אַלץ פּלוצים דערמאַנט און דאָס האַרץ אירס איז אָנגעפילט געוואָרן מיט טרויער... ווי אַנדערש דאָס לעבן האָט זיך פאַר זיי אוועקגעשטעלט!... נאָך טרויעריקער איז זי געוואָרן, ווען פון אויטאָ איז אַראָפּגעשפּרונגען דער איידעם, אַ הויכער מאַן, אַ פעסטער, מיט שוואַרצע טיפע אויגן, הייסע און אומרואיקע, וואָס האָבן זיך געשאָטנט אונטער זיינע ברייטע און עטוואָס קיילעכדיקע וויעס. און אונטער די שוואַרצע, געדיכטע ערנסטע ברעמען. באָרוך האָט זיך נאָך העכער אויסגעצויגן און מיט ברייטע שפּאַן, ווי ער וואָלט געשלעפּט די שווערע פיס פון אַ האַרטער בלאָטע, דעם איידעם אנטקעגנגעגאַנגען, אים אויסגעשטרעקט ביידע הענט און פאַרלוירן געשמייכלט:

— קומט קינדער אין שטוב אַריין!...

— דאָס זיינען מיינע טאַטע מאַמע, באָסע — האָט טייבל אינגאַנצן אַ גערירטע אין מאַנס פּנים אַריינגערעדט — ווי שיין דאָ איז, ניט אמת?...

באַנע־לייע איז זיי נאָכגעגאַנגען פון הינטן, זי האָט געמאָסטן יעדע באַוועגונג דעם איידעמס, מיט אייפערזוכט און מיט איר גאַנצער ווייבערישער מבינות, מיט דער געזונטער לעבנס־חכמה פון אַ דערפאַרענער פרוי, פון אַ מאַמע וואָס פילט זיך באַוואָלט. געשנאַפּט אַרום דעם איידעם, דעם דאָזיקן פרעמדן מאַן, וואָס פילט זיך אַלס דער איינציקער אויבערהאַר איבער איר טאָכטער, דער אייגנטימער פון דער שטילער צניעותדיקער טייבעלען!... אַזוי אַרום האָט זי געוואָלט דערשנאַפּן די מענטשלעכע באַנעמונג זיינע צו דער מעזינקע אירער, און אויך די מענערישע...

אַריינגעפירט האָט מען די געסט אין טייבעלעס מיידלשן צימער. ער איז נאָך אַלץ געווען אומבאַוואוינט, שיין אויפגערומט און טרויעריק... אַפן קליינעם טישל באַם ווייס־באַצויגענעם בעט איז געשטאַנען אין אַן ערדן טעפּל, אַ גרינער טוליפּאַן — טייבעלעס באַליבטסטע בלום און אַ ווייסע נאַרצים. איבערן בעט איז געהאַנגען אַ גרויס בילד פון טייבעלען מיטן טאַטן. ביידע זיצן זיי אַף אַ פערד און שמייכלען. שטיל און האַלב

טונקל איז געווען אין שטוב. אַ טיפער ערנסט האָט פון די ווינקלען ארויסגעקוקט און פון דער רויטער נידעריקער סטעליע.

טייבעלעס מאַן האָט זיך שטום ארומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך ניט געגלויבט, אַז דאָס ווייב זיינס, די פּרעכטיקע פרוי, איז אויסגעוואַקסן אין יענעם אומעטיקן שטיבל, איז די טאָכטער פון אַזוינע חושכדיקע און איבערנעראַשטע מענטשן...

— דו זעסט, כאָסע! — האָט אים טייבל אַ וויז געטון אַפן בילד פון באַראָן הירש, וואָס איז געהאַנגען איבער דער קאָמאָדע — דאָס איז דער טאַטע פון די אידישע קאָלאָניסטן אין אַרגענטינע, וועגן וועלכן איך האָב דיר אַ סך מאָל גערעדט... ער האָט אַהער געבראַכט פון דער ווייטער אוקראַינע און פון בעסאַראַביע, פון וואַנען עס שטאַמען מיינע עלטערן — הונדערטער אידישע משפּחות און זיי באַזעצט אַף דער דאָזיקער ערד!... אַ ווילדעניש איז דאָ געווען!... — האָט זי מיט ערנסטקייט אַפּן מאַן געקוקט — מיט אונדזער אייגן בלוט און שוויים, האָבן מיר פון דעם דאָזיקן מידבר אַ פּראָדוקטיוון ישוב געמאַכט!...

באָרוך דער שרייער האָט דערפילט אַ וואַרעמקייט באַם הארצן, הייסט עס, אַז די קליינע זיינע איז חלילה ניט אראָפּ פון וועג!... אָט, געדענקט זי דאָך אַלצדינג!... ער האָט פעסטער אַ דריק געטון די פּאַרענטש פון בענקל וואו ער איז געשטאַנען, זיך אומרואיק אַ באַוועג געטון, געפינטלט מיט די אויגן און זיך געגרייט אויסצושרייען, זאָגן דעם איידעם זיינעם, מאַנען, דערציילן, אויפווייזן, אַז אויך דאָ אין דער פרייער אַרגענטינע, אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון די אידישע סטעפּעס, האָט דער איד אַ סך שונאים. מען וויל ניט אנערקענען די גרויסע נוצן, דאָס גליק וואָס אידן האָבן דעם לאַנד געבראַכט. און איבערהויפּט פאַרדריסט אים, באָרוכן, אַלעמיי די מערהייט פון די קריסטן, מעגן זיי זיין געלערנטע און גאַנצע וועלט־קענער, זיינען זיי דאָך אַנגעדראָדלט, באַגייען אַ פאַרברעכן קעגן דער מערהייט פון די איינגעוואַנדערטע אידן, ווייל מען האַלט זיי פאַר געמיינע סוחרים, פאַר שווינדלער און אויסנוצער!... זאָל ער טאַקע ויסן, דער איידעם זיינער און זאָל ער דאָרטן אין דער גרויסער שטאָט, פון וואַנען עס ווייען די אַלע פוילע ווינטן, דערציילן צווישן די פריינט זיינע, די, וואָס האָבן אַזוי פיל טענות צו די אידן, אַז מען דאַרף נאָך דורכקוקן דעם מענטשלעכן אַרכיוו... ערשט דעמאָלט וועט מען זען ווער צו וועמען עס דאַרף האָבן טענות... ווער וועמען ס'איז עפּעס שולדיק... און טאַקע אַ סך שולדיק! אַך וואָלט ער איצטער געוואָלט אַ קלאַפּ טון מיט דער בייטש, אַזוי ווי דעמאָלט באַם שכן אין גאַלפּאַן, ווען יענער מנובל האָט געשיט זאַלץ אַף די אייגענע וואונדן!... דאָס איז ער געקומען פאַרשפּרייטן שפּאַלטונג און ניט קיין אייניקייט!...

אין דעם האָט ער אינסטינקטיוו דערפילט אַף זיך טייבעלעס בליקן, אָנגענומענע מיט וואַרעמקייט, מיט געבעט און מיט אַ שטילער וואָרענונג,

מיט ווירדע. ער האָט פאַרשעמט דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט און זיך נאַ־ריש צעשמייכלט, ווי ער וואָלט געמיינט צו זאָגן:

— אַ טיפּעש ביזטו, באָרוך, אַ פערד און ווייטער גאָרניט!...

מיט דער גאַנצער אייגנליבע פון אַ גליקלעכן מענטשן, פון אַ פרוי וואָס ווייסט, אַז דער מאַן וואָס ליבט זי, וועט פאַר איר אין פייער און אין וואַסער לויפן, מיטן אינסטינקט פון אַ קינד וואָס פילט, אַז דאָס גליק, דאָס גאַנצע לעבן פון די טאַטע־מאַמע, איז אָפּהענגיק נאָר אין דער גו־טער באַנעמונג צו זיי, אַז איין שמייכל, איין גוט וואָרט, איין ווילדער איינפאַל פון שלעכטן קינד, וועט זיי ווידער אויפלעבן, מאַכן נאַריש גליק־לעך, אַרויסרופן אין זיי די גאַנצע פאַרלווירענע פרייד און דעם גלויבן, אויפוועקן אין איבערמענטשלעכע פאַרגעבונג און אַ גרעניצלאָזע ליבע. זי האָט זיך געפילט היימיש און גוט אין טאַטנס שטוב. געפילט, אַז אַלצדינג איז דאָרטן אירס, אַז די טונקל־גרינע ווענט, די הויכע, די אויסגעשטיקטע דעק אָפן בעטל, דער טוליפּאַן מיט די צוויי נאַרציסן, דער שפּיגל מיט די פלעקן פון אַלטקייט, וואָס שטייט אָפן טישל — אַלץ קוקט אָף איר מיט וואַרעמער פריינטשאַפט, מיט פאַרלווירנקייט, מיט פאַרגעבונג, מיט באַנג...

כאַנע־לייע האָט אַריינגעבראַכט אַ טעפּל מיט פרישער קוענער מילך און דאָס דערלאַנגט דער טאָכטער. טייבעלע האָט געטרונקען און פריידיק געזיפצט, באַקומענדיק דערביי אַ פרישע רויטע פאַרב אָפן פּנים. באָרוך האָט זיך אויסגעגלייכט און ווי צו זיך אַליין אַ וואָלעכיש שפּריכוואָרט געמורמלט:

— זאָל דאָס גיין!... דעם פּגר פון קלויסטער קערט מען ניט אום!... אַ־ סך רייד צעטומלען דעם עולם!...

ער האָט זיך אַריינגעשטעלט צווישן איידעם מיט דער טאָכטער, זיי אונטער די הענט אָנגענומען און אַרויסגעפירט אין דרויסן. אַרום האָט אַ בלויע געמיטלעכקייט גערוט, אַ באַהעפטע מיט ראָזע צעזייעטע שטי־קער וואָלקנס, מיט געהיימע קלאַנגען, מיט אַ געזאַנג פון פלאַנצן און פון ביימער, מיט באַשמעקטע ריחות פון רויזן, פון האָניק און פון צייטיקן ווייץ מיט קאָרן. זיי האָבן לאַנגזאַם געשפּאַנט באַם זוים פון די פעלדער, אַלע ווײַלע פאַרהאַלטן און אויפגעכאַפּט דעם געוויין פון אַ סאָווע... דאָס אימהדיקע בילן פון אַ פאַרלווירענעם הונט...

— דאָס אַלץ, כאָסע — האָט טייבל אינגאַנצן אַ געריטע און לוסטיקע צום מאַן אַרויסגערעדט — האָבן די אידן אַליין דערשאַפן פאַר זיך, אַלץ איז דאָ באַגאָסן מיטן אייגענעם שוויים און מיט טרערן און קיינער וויל דאָס ניט אָנערקענען!...

— אָט, זעסטו שוין, באָרוך, — האָט כאַנע־לייע אַ ציפּ געטאָן דעם מאַן פאַרן עלנבויגן און ווי צו זיך אַליין געטענהט — ווען מען פאַר־זייעט אַ גוט קערנדל, וועט די ערגסטע ערד אַפילו עפּעס מאַכן פון דעם. אינגאַנצן אומזיסט איז די מי אונדזערע פאַרט נישט!...

אַף צוריק האָט דאָס גיין געדויערט מער. טייבעלע איז געווען מיד און ניט געקענט גיין גיך, אויך האָט איר די שווערלייביקייט געשטערט. דער מאַן איהרער איז געווען אומרואיק, אַלע מאָל האָט ער מיט די אויפגעבליצטע אויגן זיינע דעם שטח געמאָסטן און געהאַט דערביי אַן אומצופרידן פּנים. באָרוך מיטן ווייב זיינען געווען שטום. נאָר טייבעלע האָט זיך באמת צו זיין אויפגעלייגט, מונטער. נאָך אומצופרידענער איז דער מאַן אירער געוואָרן, ווען נאָענט פון דער שטוב איז זיי אַנטקעגן געלאָפן יאַנקעוו דעם שלאָסערס, אַ פריילעכער, אַן אומגעדולדיקער, מיט אַ צעשטראַלטן פּנים. היימיש אַ נעם געטון טייבעלען פאַר ביידע הענט און אויסגעשריען מיט פּאַטאָס:

— ענדלעך, טייבעלע, האָסטו זיך דערמאָנט אַן אונדז! זיך פאַרבענקט נאָך דער היימישקייט, נאָך דער מאַמע-ערד, ניט אמת? זאָג!...

— אמת, יאַנקעוו! — האָט זי אים איינגאַנצן אַ באַגאַסענע מיט פרייד אין די אויגן געענטפערט — איך פאַרזיכער דיר, אַז קיין איין טאָג האָב איך אָן אייך אַלעמען ניט פאַרגעסן. פרעג, יאַנקעוו, מיין מאַן. ער איז דער איינציקער עדות מיינער!

ער האָט ניט געוואָרט, אַז טייבעלע זאָל אים פאַרן מאַן פאַרשטעלן. מיט דער אייגענער וואַרעמקייט, מיטן עקסטאַז, וואָס ער האָט נאָר וואָס זי, טייבעלען, באַגענט, האָט ער אויך דעם מאַן אירן ביידע הענט אויסגעשטרעקט. ביידע מענער האָבן זיך וואַרים צעשמייכלט און לאַנג און שווייגנדיק די הענט זיך געדריקט.

— איך קען אייך אַלע, יעדן איינעם באַזונדער — האָט כאַסע שוין אַביסל אַ געשטילטער פונעם כעס, צו יאַנקעוון געטענהט. — מיין טאַמאַרא האָט מיר אַלע טאָג עפּעס אַן אַנדערע מעשה געשילדערט און אויך די חסרונות! אָבער אַלץ מיט ליבשאַפט. אייפערזיכטיק ווי אַ טערק האָט זי מיך געמאַכט...

טייבעלע האָט האַרציק געלאַכט.

— איך באַדויער, — האָט דער מאַן אירער ווידער צוגעגעבן — וואָס איך קען דאָ ניט בלייבן לענגער! אַן אַפּטייק האָבן מיר און מען קען זיך אַף פרעמדע מענטשן ניט פאַרלאָזן.

זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום אַ לאַנגן טיש, וואָס איז געשטאַנען אין סאַד און אויסגעשעפּטע פון גיין געוואָרט אַף דער קאַלטער מילך, וואָס כאַנע-לייע איז געגאַנגען ברענגען. ווידער האָט באָרוך דעם שרייערס איידעם זשעדנע זיך אַרומגעקוקט, באַוואונדערט די ביימער, דעם שיינצעבליטן גאָרטן און באַלד די בליקן אָפּן ווייב איבערגעטראָגן.

— האָסט מיר, טאַמאַרא, זע איך, קיין ליגן ניט געזאָגט... אַ שאָד וואָס איך מוז אייך אַלע אַזוי גיך איבערלאָזן!...

— פאַר טייערער אַהיים! — האָט זי אים מילד אין פּנים געשמייכלט, צערטלענדיק דערביי דעם שיינעם קאָפּ זיינעם, דעם קאַרק — די אַפּטייק איז כמעט אַליין, ווען דו וועסט מיך קומען אָפּנעמען, וועלן

מיר שוין אַזוי אויסאַרבעטן, אַז אויך דו, כאַסע, זאָלסט קענען בלייבן מיט אונדז כאָטשע אַ פּאָר טעג, אָפּצורוען זיך פונעם שטאָטישן משוגעת...

באָרוך און אויך כאַנע־לייע, שוין מיטן טעפּל מילך אין די הענט, זיינען שטיין געבליבן פאַרן איידעם און פאַרלעגן געשמייכלט. כאַסע האָט זיי ווידער דורכגענומען מיט די בליקן. אים האָט זיך עפּעס ניט געגלויבט, אַז די שיינע טאַמאַראַ זיינע האָט טאַקע אַזאַ נאָענטן שייכות מיט די דאָזיקע פּשוטע דאָרפסלייט, די נאָכגיביקע, אויסגעהאָרעוועטע אידן, וועמען אַ האַלבע וועלט פון די קריסטן האַסט, קען זיי ניט פאַרטראָגן! און דאָך! — האָט ער ווידער אַ טראַכט געטון — האַלטן זיי זיך גרויס, די דאָזיקע!... וויפל האָט די טאַמאַראַ זיינע געצווייפלט און געליטן, מורא געהאַט, אַז טאַטע־מאַמע וועלן זי מער ניט וועלן קענען!... ער אַף איר אָרט — האָט ער אַ סך מאָל דעם ווייב געזאָגט — וואָלט פון אַזוינע פאַנאַטישע לייט אינגאַנצן אַנטלאָפן!... מענטשן זאָלן ניט וויסן ווי אַזוי איינצוגלידערן זיך אין דער וועלט און לעבן!... און האַלטן זיך פאַר גאַנצע וויסער!... נאָר די אַסימילאַציע קען זיי ראַטעווען פון אונטערגאַנג! אָ, די קינדער וואָס טאַמאַראַ וועט אים, כאַסען, אַף דער וועלט ברענגען, זיי וועלן שוין פון דער אידישער עקשנות, פון דער אָפּגעשטאַנענקייט ניט וויסן... און טאַמאַראַ ווייסט דאָס אַלץ... זי קען דעם מאַן אירן!... איבערהויפּט האָט ער פיינט די צעקראָכנקייט פון די אידישע מענער — קליידלניקעס!... לאָזן זיך באַהערשן פונעם שוואַכן מין!...

באָרוך דער שרייער, כאָטש ער האָט קיינמאָל טאַמאַראַס בריוו ניט געלייענט און אויסגעמיטן צו ריידן וועגן איר און נאָך מער וועגן דעם ניט־אידישן איידעם זיינעם, ער האָט דאָך געוואוסט ווער כאַסע איז, אַזוי שווייגנדיק און דורך האַלבע ווערטער געוואָר געוואָרן סיי פונעם ווייב, וואָס האָט אַלע וואָך באַקומען אַ בריוו פון דער טאָכטער און אויך פון די חתונה געהאַטע קינדער זיינע, וואָס קומען אַמאָל צו טאַטע־מאַמע אין גאַסט. אַז דער איידעם איז געבוירן אין אַרגענטינע, איז אַ זון פון איטאַליענער טאַטע־מאַמע, רייכע סוחרים און פאַרביסענע קאַטאָליקן... כאַסע איז אַ סאָציאַליסט, האָט ליב אידן, האָט זיך שטענדיק און נאָך מער אין די סטודענטישע יאָרן זיינע געחברט מיט אידישע יונגעלייט און מיידלעך — אַלץ זיינע אוניווערזיטעט קאָלעגן, וואו ער האָט זיך אויך מיט זיין טאָכטער טייבעלען באַקענט און איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן... איר געשוואוירן ליב צו האָבן אַלץ וואָס האָט צו טון מיט אידן און מיט אידישע צרות. דערפאַר האָט באָרוך דער שרייער טענות געהאַט צום איידעם. אַז שוין יאָ אַזאַ נאָענטער, קומט מען צופאָרן פאַר אַלעמען. מען שטעלט זיך פאָר!... וואָס איז ער, באָרוך, עפּעס אַן אַזיאַט?!... ס'אַרט אים דען, וואָס טייבעלע האָט חתונה געהאַט מיט אַ ניט־אידן?!... חלילה! היינטיקע יאָרן איז דאָס שוין קיין נייעס ניט!... און באָרוך האָט שטום אין איידעמס האַרץ אַריינגעבליקט, געלייענט די געפילן און פאַרשטאַנען די געדאַנקען זיינע... אַרויסגעשפּילט יענעם רוגז, דעם ווידערווילן, דעם

שפּאַט פון יענע אינטעליגענטע קריסטן, די גרויסע „אידן־פריינט", וואָס האָבן טענות און פילן זיך באַליידיקט פאַרוואָס דאָס אידישע פאָלק וויל זיי ניט אויפנעמען, די ווייכהאַרציקע קריסטן, די באַלאַדענע מיט רחמים און מיט ברידערלעכקייט, מיט גרויסן קריסטלעכן גענאַד... פאַרוואָס ווילן זיי ניט, די אידן איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אויסטון זיך פון די שוואַרצע קאַפּאָטעס זייערע, אָפּשניידן די בערד און די פאות, אויפהערן צו ריידן מיטן אידישן אַקצענט, ווערן געזונטע אָרגאַנטינער, — אַלץ שטריכן אַנטיפּאַטישע, וואָס רופן אַרויס פיינטשאַפט צו זיך, חוזק!...

— אוודאי! — האָט באָרוך מיט וויטיק אַ טראַכט געטון — מעגסטו האָבן צו מיר טענות!... מעגסט מיך און אויך מיין אידענע פיינט האָבן, איידעם מיינער, ווייל אייביק וועלן מיר דיך דערמאָנען אין די חובות וואָס איר קומט אונדז. נישקשה, איך וועל נאָך בנאמנות אַ שמועס טון מיט דיר!... מיר וועלן שוין זען, גוטער ברודער, ווער וועמען ס'איז עפּעס שולדיק און ווער פון וועמען ס'מעג זיך אַ ראיה אַראָפּנעמען!... לערנען עפּעס!...

צופירנדיק דעם איידעם צום אויטאָ, האָט באָרוך אויסגעזען רואיק און צעשמייכלט, נאָר דער טרויער אין האַרץ באַ אים האָט ווידער די אויבערהאַנט גענומען. דער היינטיקער אינדערפרי האָט זיך אים אַוועקגעשטעלט אַ קאַפּויערער, האָט ער מיט פאַרדרוס אַ טראַכט געטון, און ביז נאַכט איז נאָך ווייט, שטאַרק ווייט... ווער ווייסט, וויפל זלידניעס, וויפל אומדערוואַרטעטע קלעפּ עס קענען זיך נאָך אויסשיטן אָף אים... אים מאַכן צום נאַר...

קיין טעות האָט באָרוך דער שרייער ניט געהאַט. שפּעטער, ווייזט אויס, ווען די שכנים, די ווייבער און טעכטער פון אידישע קאָלאָניסטן האָבן זיך דערוואוסט, אַז דער גויעשער איידעם זיינער איז שוין צוריקגעפאָרן אין דער גרויסער שטאָט און אַז טייבעלע איז טאַקע געבליבן באַ טאַטע־מאַמע ביז נאָך דער קימפּעט, האָט מען זיך אַ יאָווע געטון, מער אויס חוצפּה, אויס נייגיר, ווי אויס פריינטשאַפט, אָנקוקן טייבעלען, די וואָס האָט פאַרשעמט טאַטע־מאַמע, זען צי האָט זי זיך אינגאַנצן איבערגעביטן, צי האָט דער גויעשער מאַן אירער געווירקט אויך אָפן אויסערלעכן אויסזען אירן... אויך גיטל די רויטע האָט געוואָלט מיט איר אַ שמועס טון... זי, גיטל, איז אַריינגעפלויגן אין טייבעלעס שטיבל מיט אימפּעט, מיט אַ קראַך פון אַ דונער. די ברוינע פאַרטרערטע אויגן אירע, די צוויי גרויסע אַראָפּגעלאָזטע ברוסטן, פעטע, ווי באַ אַן אויסגעפּאַשעט־שעפּעדיקער קו, די געזונטע מענערישע הענט, די אויסגעהאָרעוועטע און באַשיטע מיט רויטע זומער שפּרענקעלעך, מיט איר גאַנצער, אויפגעברויזטער שווערלייביקייט, האָט זי די מיידלעך מיט די ווייבלעך אַ בייזן וואונק געטון, זיי געהייסן גיין... און ווען יענע האָבן זי שטום אָנגעקוקט און פאַרלעגן געשמייכלט, האָט זיי גיטל אַראָפּגעשאַרט פונעם זוים פון טייבעלעס בעט, וואו זיי זיינען געווען אויסגעזעצט.

זי האָט אַ כאַפּ געטון אין אירע שווערע הענט טייבעלען און זי צו־גערדריקט צו זיך.

— טאָבע!... — האָט די אידענע געוויינט דורך דערשטיקטע טרערן, קושנדיק די בלייך געוואָרענע באַקן אירע — וואָס האָסטו אונדז, קינדערלע, אָפּגעטון?... פאַרוואָס און צוליב וועמען?...

גיטל דער רויטערס טענות, די תערומות, דער פאַרוואורף, האָבן זיך ווי שטיקער קוועקזילבער אַ צעפּלי געטון איבערן שטיבל, אומגעשוועבט פון ווינקל צו ווינקל, אויך אַריינגעדרונגען אין די חושים פון די געסט, וואָס זיינען מיט פאַרלוירנקייט אַרום טייבעלען געשטאַנען. באַנע־לייע, אינגאַנצן אַן אויפגעצאַפּלטע, אַ בייזע, האָט זיך צו גיטלען געווענדעט, האַלטנדיק אָף איר די קליינע, קורצזיכטיקע אויגן, די אָנגענומענע מיט פאַרוואורף, מיט וואָרענונג, אונטערטראַגנדיק אַ פולן טעלער מיט גרויסע, מילכיקע בלינצעס:

— נעמט גיטל טייערע, עפּעס אין מויל...

גיטל די רויטע האָט ניט געוואָלט זען באַנע־לייעס בליקן!... איין זאַך נאָר האָט זי דעמאָלט געוואוסט, געפילט, אַז אָט די קליינע טייבעלע, האָט אָף אַלע אייביקייטן פאַרומגליקט דעם עלצטן זון אירן, אויזערן, דעם גערעאָטנסטן פון אַלע אירע קינדער, וואָס האָט געפירט אַ ליבע מיט טייבעלען נאָך פון קינדוויז אָן. אַלע נאָענטע אידישע קאַלאַניסטן האָבן זיי שוין געהאַלטן פאַר חתן־כלה. און ער, דער נארישער בחור מיטן ליב־טיקן געשטאַלט, ער האָט זיך געפרייט מיט טייבעלעס לערנען, געקוואָלן פון די שיינע, פאַרבענקטע בריוועלעך, וואָס פלעגן אָנקומען פון איר דריי מאָל דורך דער וואָך. אומזיסט האָט ער, דער אויזערל אירער, געוואַרט!... אמת, ער האָט לאַנג ניט געטרויערט נאָך איר!... באַלד ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז טייבעלע האָט אים פאַרביטן, חתונה געהאַט מיט אַ גוי, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערער, אַ טייערע קאָלאָניסטישע טאָכ־טער, אַן אישת־חיל. צוויי שיינע טעכטער האָט זי אים געבוירן, אָבער די דאָזיקע קליינע טייבעלע ליגט אים נאָך עד היום אין די ביינער ווי אַ שטיק סם... ער וויינט, דער זון אירער, אַפּן ביטערן מזל זיינעם, האָט פיינט דאָס אייגענע ווייב, די כשרע אידישע טאָכטער נעבעך!...

טייבעלען האָט זיך געדאַכט, אַז גיטל די רויטע וויל זי דערשטיקן... וויל נקמה נעמען פאַרן זון... זי האָט דערפילט ווי דאָס קינד אין איר טראַכט, האָט אַ צאַפּל געטון... טייבל איינגאַנצן אַ צעטראָגענע, מיט אַ בלייך געוואָרן פּנים, האָט זיך געפּרואווט באַפרייען פון גיטל דער רוי־טערס צוויי הענט וואָס האָבן זיך פעסט אַרומגעהאַלטן ווי מיט צוויי אייזערנע צוואַנגען. מיטן גאַנצן פאַרדרוס פון אַ מאַמע, וואָס זעט לעבן זיך דעם פאַרורזאַכער פון איר קינדס יסורים, האָט זיך גיטל די רויטע אַ צעשאָקל געטון, ווישנדיק דערביי מיטן זוים פון פאַרטעך די טרערן פון די באַקן:

— זאָג מיר דעם אמת, טייבעלע! — האָט זי יסורימדיק געשטאַמלט

— דאָרטן, באַ זיי, איז דיר בעסער?... ליבערשט?... אַ? ווייסטו כאַטשע, קינדעלע, ווער זיי זיינען צו אונדז... ווי פיינט זיי האָבן אונדז?... אַז עס הויבט זיי אָפילו ניט אָן ווי צו טון פון די אַלע רציחות, וואָס די בּרידער זייערע באַגייען קעגן אונדזערע אומגליקלעכע שוועסטער און ברי־דער פון יענער זייט ים?... טראַכסטו כאָטש, טייבעלע, פון אונדזער גרויסן בראָך?!...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. טייבעלע האָט זי שטום אָנגעקוקט. די געסט, דריי יונגע מיידלעך מיט צוויי ווייבלעך, אויסגעפּוצטע אין ווייסע, פּויעריש־געבלומטע קליידער מיט דריישפּיציקע פאַטשיילעס אַף די קעפּ, האָבן מיט פיינלעך פאַרטערטע אויגן אַף טייבעלען געקוקט און נישט פאַרשטאַנען צי דאַרפן זיי רחמנות האָבן אַף איר, אָדער גאָר אַף גיטל דער רויטער, די באַליידיקטע מאַמע פונעם קרעפּטיקן קאָלאָניסט, פון אויזערן!... באַלד אָבער איז טייבעלע צו זיך געקומען, זיך אַוועקגעזעצט אַפן זוים פון בעט און צו גיטל דער רויטער קיין קוק ניט געטון.

— גלייכט נאָר ניט צו — האָט זי ווי צו זיך אַליין אַרויסגעשטאַמלט — דעם דייטשישן מאַניאַק, דעם פּוילישן און דעם רומענישן כוליגאַן, צו די קריאָזשאָס!... אונדזערע קריאָזשאָס, מוזט איר פאַרשטיין, — האָט זי מיט באַטאָס אויסגערופן, אָפּמעסטנדיק די אַרומיקע מיט זינגערישע בליקן, אַנגענומענע מיט גרויסקייט — האָבן אין זיך שוין איינגעזאַפּט די לערע פון סאַן מאַרטין און סאַרמיענטאָ. עס לעבט אין זיי דער גייסט פון די גרעסטע אַרגענטינער פריידענקער, פון די דערהויבנסטע מענטשן־פריינט!

— מיין אויזערל, טייבעלע, וואָלט דיך אָבער בעסער פאַרשטאַנען. איר האָט דאָך איינינעם, דאָרטן צווישן די גוזיקעס, אידישע ביכלעך גע־לייענט... — האָט גיטל שטיל און דערשלאָגן צוגעגעבן — געדענקסט, ווען איר האָט געשפּילט טעאַטער?... דו ביסט געווען שולמית און ער, מיין אויזערל, אבשלום!... ווי שיין טייבעלע, איר האָט אויסגעזען!... גאָט און לייט זיינען מיך מקנא געווען! פאַרוואָס, מיין קינד, האָסטו זיך און אויך אים, פאַר אַ ביליקן פּערציקער געמאַכט?!...

באָרוך דער שרייער האָט זיך אין דער אָפענער טיר אַריינגעשטעלט, כאָטשע אים איז געווען שווער בייצוזיין די באַגעגעניש פון גיטל דער רויטער מיט זיין טאָכטער. געוואוסט האָט ער, אַז גיטל האָט ניט אויפגע־הערט ליב צו האָבן טייבעלען, וועלכע זי האָט געהאַלטן ווי אַן אייגענע טאָכטער, זי כמעט דערצויגן, זי געהאַלטן פאַר שוועסטער פון די זעקס געוויקסיקע זין אירע, די געזונטע ווי ריזן. ווייל זי, גיטל, האָט קיינמאָל קיין אייגענע טאָכטער ניט געהאַט! יעדער איינער פון די זעקס בנים אירע, איז גרייט געווען דאָס לעבן אַוועקצושענקען פאַר דער קליינער, איידעלער טייבעלע, די צעפּיעשטשעטע...

— גיטל! — האָט ער מיט רוגזע אויסגערופן, — קומט אַהער, איך האָב אייך עפּעס צו זאָגן!...

— איך ווייס, ר' באָרוך, וואָס איר ווילט!... — האָט די אידענע

מיט עקשנות אין זיין בייז געוואָרן פּנים אַריינגעטעגהט. — נישקשה, אַסור צי איך וועל זי אייך חלילה אויפּעסן!... אויך איך, ר׳ באָרוך, ווייסט איר גוט, האָב איבער איר אַ שטיקל דעה!... אַ, אַ... ווי קורץ דעם מענטשנס זיכרון איז, ווען אים׳לוינט זיך!...

זי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו באָרוכן און דער כעס, דער פּאַרדרוס, די באַליידיקונג האָט מיטאַמאָל אַ שפּריץ געטון פון אירע אויגן, פון אַלע אברים, ווי דאָס אָנגעזאַמלטע וואַסער פון אַ צעעפנטן פּאַנטאַן.

— זאָג מיר, טויבע, — האָט זי טראַציק און מיט חוזק אַ זאָג געטון — נאָך וועמען רעכנסטו אַ נאָמען צו געבן, אַז דו ווערסט מיט גאָטס הילף איבערקומען געזונטערהייט?... גיב כאַטשע דעם קינד אַ אידישן נאָמען!...

— האָט זי אַ ביטערן שמייכל געטון — זע ס׳זאָל כאַטשע ניט אויסוואַקסן באַ דיר אַן אַנדרוינגעגעס... ני בע... ני מע... ני קוקוריקו!...

און גיטל די רויטע האָט געמאַכט אַ זויער פּנים, מיט די שווערע הענט אָפּ די היפּטן אָנגעזעצט זיך, אַ צעוויג געטון גלייך אַנטקעגן דער פאַרשעמט געוואָרענער טייבעלען:

— ווערסט נאָך אויסהאָדעווען אַן אייגענעם שונא!...

טייבל האָט דערפילט אַ מידקייט אין די גלידער; דערפילט, אַז ניט אַלע חשבונות מיט די נאָענטע אירע זיינען שוין געסילעקט... זי האָט מער קיין מוט ניט געהאַט אַ וואָרט אַרויסצורייַדן. זי האָט אַ צעקרומטן שמייכל געטון, אַ פאַרלעגענעם קוק געטון צו די מיידלעך מיט די ווייבלעך וואָס האָבן זיך בגנבה מיט נקמהדיקע בליקן דורכגעוואָרפן און זיך ווידער אָפּן בעטל אויסגעצויגן. אַרום איר האָט זיך אַ פיינלעכע שטילקייט אָפּגעזעצט, אָן אָנגענומענע מיט טרויער און מיט תערומות, מיט אַ טיפער מענטש־לעכער געפאַלנקייט...

כאַנע־לייע, אַ שטילע, אַן איינגעשרומפּענע, מיט צוויי רויטע קרענק־לעכע פלעקן אָפּ די איינגעפאַלענע באַקן, האָט זיך צווישן די געסט אַריינ־געשאַרט, אַ ברוגזן קוק געטון אָפּ גיטל דער רויטער און שווייגנדיק, נע־טריי, אַ ווייסן, שטייף־געפּרעסטן טול איבער דער טאָכטערס בעט אי־בערגעצויגן... טייבעלע האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט און אַ שטיל געוויין האָט זיך סטיכיש פון אַלע אירע אברים אַרויסגעריסן...

נאָנץ פרי האָט איבער באָרוך דעם שרייערס טשאַקרע אַ געמיטלעכע גרינקייט געגרוט, אַן אויסגעוואַשענע אינעם לייכטן זומער ווינטל און אַ דורכגעוועבטע מיט שמאָלע, מעסערדיקע זון־שטראַלן, באַגילדעטע, וואָס האָבן זיך שעלמיש געוויגט איבער די הויכע, צעווייעטע שפּיצן פון די געדיכטע אייקאַליפּטן און סאָסנע ביימער, איבער די הויכע סטויגן שטרוי, גינגאָלדיק צעשיינטע. איבער באָרוך דעם שרייערס פּנים, דעם באַדעקטן מיט עקשנות האָבן זיך שטיל געשפּילט עטלעכע דינע שמייכלעך, פאַר־לוירענע און שאַרפע, וואָס זיינען ווי די זלידנע פליגן אומגעקראָכן צווישן די קנייטשן אָפּן פּנים און שטעקן געבליבן אַרום די פאַרשטומטע מויל־ווינקלען און אין די קנייטשן אונטער די אויגן.

כּאַנע־לייע איז אַרויסגעקומען פון דער שטאַל, דאָס קלייד עטוואָס פאַרשטעקט אינעם גאַרטל, האָט זי אין ביידע הענט צוויי פולע בלעכן מיט מילך געטראָגן. זי האָט אַ שטומען גנבישן קוק געטון צום מאַן און ניט געקענט באַנעמען זיין שווייגן... ניט געוואוסט צי וויל ער, דער עקשן אירער, וויינען אָדער גאָר לאַכן... אָפּשפּעטן פון גיטל דער רויטער, וואָס האָט נעכטן זייער טייבעלען אַזויפיל יסורים פאַרשאַפט און זיך רייצן מיט איר, אויפווייזן, אַז טייבעלע איז קיינמאָל פון די טאַטע־מאַמע אירע נישט אַוועקגעגאַנגען, אַז אומזיסט האָבן זיך די שכנים זיינע דערלעבט אַ נקמה און געטענהט, געשפּעט, אים צום נאַר געמאַכט:

— ער האָט געוואָלט אַ געבילדעטע טאָכטער, האָט ער!... דאָרטן אין די קלאַסן האָט זי זיך, ווייזט אויס, אויסגעלערנט ליב האָבן אַ שייגעץ!... אַזאַ תורה האָט זי דאָך דאָ אין קאַמף אויך געקענט אויסלערנען!...

כּאַנע־לייע האָט חשק געהאַט צו זאָגן דעם מאַן אירן, אַז טייבעלע האָט גענומען אַ פיינעם מאַן... אַ מענטש מיט אידייען... און אויך זי, כּאַנע־לייע און ער, דער מאַן אירער, קעמפן דאָך אייגנטלעך פאַר דעם נייעם געדאַנק, פאַר דער נייער צייט, וואָס מוז ברענגען דער מענטשהייט נייע מעטאָדן פון לעבן, אַ נייעם געזונטן און אויפריכטיקן דור!...

זי האָט אַ ווײַלע געטראַכט, זיך געישובט און קיין וואָרט אַרויסריידן נישט געקענט. נישט אַנדערש — איז איר פלוצים געקומען אַפן זינען, — אַז דער מאַן אירער איז אייפערזיכטיק אַפן איידעם!... וואָס דען פלוצים אַזאַ שטומעניש?!...

ער האָט אויפגעהויבן צו איר די אויגן, שטילע, צעשמייכלטע, אָנגענומענע מיט ווייכקייט און מיט באַנג, ווי ער וואָלט ניט געוואָלט אַרויסווייזן פאַרן ווייב, וואָס ער האָט געטראַכט. ביידע האָבן אינסטינקטיוו אַ קוק געטון אין דער זייט פעלד, וואו די בהמות האָבן זיך געפּאַשעט און אויסגעמיטן צו ריידן... באָרוך האָט פלוצים צוגעלייגט ביידע ווייז־פינגער צום האַרצן, פאַרטראַכטערהייט נערוועט מיטן שפּיץ פונעם שטיוול אַפן פייכטן גנוי, צוגעבנדיק שטיל:

— הערסטו כּאַנע־לייע, אישת חיל מיינע, אייגן בלוט און פלייש, זאָג איך דיר, איז שטאַרקער ווי אַלע המנס אין דער וועלט... ס'נאָגט מיך עפּעס, אָט־אָ־דאָ!... — האָט ער טיפער די פינגער צום האַרץ־גריבל גערוקט... אָט־אָ־דאָ... ניט פאַר קיינעם געדאַכט...

— דו ווייסט, באָרוך! — האָט כּאַנע־לייע די שטילקייט איבערגעריסן — ס'איז גוט, וואָס די פאַרזאַמלונג פון פּאַנדאַ קאָמונאַל איז אָפּגעלייגט געוואָרן אַף היינט!... אפשר וואָלסטו גאָר איינגעשפּאַנט די סולקע און אַ פאָר געטאָן אַהין?...

— איך האָב היינט ניט קיין חשק צו פאָרן! — האָט ער גלייכגילטיק געענטפערט — איך בין מיד, כּאַנע־לייע, און ס'דריקט מיר עפּעס, אָט־אָ־דאָ!...

באָרוך האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג, שטייענדיק מיט

דער פּלייצע צו אַ סטויג מיט שטרוי אָנגעשפּאַרט, האָט ער אַ קוק געטון צו ראַמירעזן, דעם אַרבעטער זיינעם. אַ שוואַרצער איז ער, ראַמירעז, אַ ברייטפּלייציקער און אַ פעסטער. אַ ווילדע קראַפט טוקט זיך כסדר אין די שוואַרצע, קיילעכיקע אויגן זיינע, די אָנגענומענע מיט אומצוטרוי און מיט דער סטיכישקייט פון אַ וואָלף, וואָס איז צו יעדער מינוט גרייט זיך אַ וואַרף צו טון אַף זיין קרבן. ער האָט שוין געפילט, באָרוך, אַז דער מענטש זיינער שווייגט צופיל. אַ סימן, אַז ראַמירעז איז ניט צופרידן, האָט ווידער טענות צום באַלעבאָס... פון זיינע ברייטע, צענומענע און אייזן שטאַרקע אַקסלען, פון דער קופּער־ברוינער און מיט געדיכטע קרויזן באַוואָקסענער ברוסט ווי די פעל פון אַ שאָף, פון די צוויי גרויסע, אויפגעריסענע נאָזלעכער זיינע, פון דער אויסערלעכער רואיקייט, אונטער וועלכער ס׳האָט שטענדיק אַ ים מיט רויער אורקראַפט געברויזט, — פון אַלע זיינע אברים האָט אַף באָרוכן מיט טויזנט תערומות אַ ווייע געטון, מיט אַ שטומען פּראָטעסט און מיט אויסערגעוויינלעכער אומבאַהאָלפנקייט. אַלץ שטריכן וואָס זיינען באָרוכן באַקאַנט געווען און באמת האָט ער זיך צו צוימען זיי און וואָס גיכער צו באַזייטיקן די סיבה פון „זיין" מענטשנס כעס... ראַמירעז ווידער האָט זיך שוין געהאַט זיינע אייגענע קאַפּריזן און נויגונגען; ער האָט געקענט אָפּשווייגן עטלעכע טעג און איינגאַנצן אין אַכט ניט נעמען דעם באַלעבאָס און ערשט שפּעטער, ווען באָרוך דער שרייער האָט אים, ראַמירעזן, אָנגעהויבן אויסצומיידן, האָט זיך דער כעס זיינער אויסגעלאָזט דורכן אַרויסברומען עטלעכע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, בייזע און דראָענדיקע און אַמאָל איז ער איינגאַנצן צו דער אַרבעט ניט געקומען...

באָרוך האָט אים שוין געקענט און ליב געהאַט, אָפּגעשאַצט די ווילדקייט זיינע און זיך באַמיט, אַז ראַמירעז זאָל ניט דאַרפן ברוגז ווערן, ניט דאַרפן פייניקן זיך אַליין און אויך אים, באָרוכן... שוין אַ סך יאָרן, אַז דער דאָזיקער האַלב ווילדער אַרגענטינער האָט בא אים געאַרבעט. אַ האַלב נאַקעטער מיט צוויי צעוואָונדיקטע פיס פון אומגיין באָרוועס איבער גרויסע שטחים ווילדע סטעפּעס, האָט ער זיך צו באָרוכן אַף דער טשאַקרע געיאָוועט און אַזוי כמעט אַף שטום לשון זיך אָנגעבאָטן צו דער אַרבעט. מער ווי צו פּאַשען די שאָף, אָפּצוהיטן די טשערעדע האָט ער זיך דעמאָלט ניט אויסגעטויגט. ראַמירעז האָט קיין צוטרוי צו מענטשן ניט געהאַט, זיי אויסגעמיטן און זיך נאָר געחברט מיטן היימישן הונט, מיט זיין פערד און מיטן מעסער, וואָס דער באַלעבאָס האָט אים געגעבן.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, נאָך דעם וואָס ראַמירעז איז געוואָרן אַביסל באַריידעוודיקער און זיך צוגעבונדן צו זיינע באַלעבאַטים, זיי געטריי געדינט, האָט ער אַמאָל דורך האַלבע ווערטער געגעבן צו פאַרשטיין באָרוכן, אַז ער ווייסט ניט ווער עס זיינען זיינע טאַטע-מאַמע... ער געדענקט נאָר, אַז פון קליינערהייט אָן איז ער שטענדיק געווען בא אַן אַלטער קריאָזשאַ, וועמען ער האָט גערופן מומע. אַ שלעכטע איז די מומע

געווען און אַ גרויסע שיכורטע. זי האָט אים אַ סך געשלאָגן און געצוואונ־גען אומצוגיין איבער די שענקען און בעטן נדבות. איין מאָל ווען זי איז אַהיימגעקומען אַ שיכורע און אים אָנגעהויבן שלאָגן, איז ער אַנטלאָפן פון דער שטוב; אַ טאָג מיט אַ נאַכט אומגעבלאָנדזשעט הינטערן שטעטל און שפּעטער באַשלאָסן ניט אומצוקערן זיך אַהיים... און ער איז אַוועק צופוס ניט ווייסנדיק אַפילו וואוהין, זיך אויסגעוואַלגערט אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון די אַרגענטינער פעלדער, געווען אין דער פּאַמפּאַ, אין טשאַקאָ און ענדלעך פאַרבלאָנדזשעט קיין ענטרע ריאָס, אָנגעקומען צום אידישן קאָלאָניסט, צו באָרוכן...

ראַמירעז האָט געפילט אַף זיך דעם באַלעבאָס בליקן און די עקשנות אין אים האָט זיך געשטאַרקט. דער בלישטש אין זיינע אויגן האָט זיך אומרואיק געטיקט, אַ סימן, אַז אין ראַמירעזן איז אַ נייער פאַרלאַנג אויפגעשטאַנען. ער האָט צוגעבונדן צו אַ בוים דריי לאַנגע, שמאָלע פּאַסן פון טרוקענער פעל און זיי געגומען אויספלעכטן, לאַנגזאַם, ווי ער וואָלט געדרימלט האָט ראַמירעז די אַרבעט זיינע געטון. באָרוך דער שרייער האָט אַן אומגעדולדיקן מאַך געטון מיט דער רעכטער האַנט: גיי באַנע-לייע — דעם ווייב באַפּוילן — גיס אריין די מילך אין די לאַדישקעס, דער טאָג שטייט ניט.

און אַליין האָט ער זיך צו דער אַרבעט גענומען, זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג אונטער אַ גרויסן וואָגן און אַזוי ליגנדיק מיטן פּנים אַרויף, אָפּגעשרויפט איין ראָד נאָכן אַנדערן, זיי באַשמירט מיט דיעגעכץ און געגעדט צו זיך אַליין:

— ער שרפהט שוין ווידער, שפּאַנקעלע! דאָס איז דער דאַנק פאַר דער ראַנטשע, פאַרן ביסל באַלעבאַטישקייט, וואָס ער, באָרוך, האָט אים געגעבן, ווען ראַמירעז האָט זיך זיין באַשערטע געבראַכט, אַ שוואַרצע קריאָזשאַ, אַ ברייטע ווי אַ פּאַס — מיט אַכט קינדער — פון פאַרשידענע קאָלירן און מיט דריי באַזונדערע פאַמיליע-נעמען — שפּאַנקע האָט ליב צו קומען צום גרייטן... האָט שוין אַן אייגענעם סקוואַדראָן!...

ער האָט ווידער אַ קוק געטון צו „זיין" מענטשן, דערפילט אַף זיך צוויי שאַרפע בליקן וואָס שטעכן אים דורך.

— האָסט מיר עפּעס צו זאָגן, ראַמירעז? — האָט באָרוך ספּאָנטאַן אויסגעשריען און אָפּירגעשטעקט דעם קאָפּ פון אונטערן וואָגן — זיי אויפריכטיק... זיי אַ מאַן! רעד, פאָדער!...

ראַמירעז האָט אַף אים אָנגעשטעלט אַ פינצטער פּנים און מיט אַ האַרטקייט אין דער שטים, מיט זיינע קיילעכיק האַלבע ווערטער, אַף וועלכע באָרוך איז אַ גוטער מבין געווען, האָט ער אַריינגעצישעט אין די שוואַרצע, שטייפע וואָנצעס זיינע, צוקנדיק דערביי מיט די ווילדע, שפּי־ציקע ברעמען:

— מיר, דאָן באָרים, זיינען שוין מיד צו אַרבעטן אַלס פּעאָנעס... אָט דערציילט דאָך דער זון מיינער, מיין ווייבס אינגל, אַז די גערעכטי־

קייט קומט שוין!... געלט האָט מיין אינגל געגנוג... וויין האָט ער און אויך א דעה!... אַ שטאָלצער קריאָזשע איז ער!...

ביידע האָבן זיך שטום און גיפטיק מיט די צעצונדענע בליקן דורכגעשפּיזט און איבער זיי האָט אַ פּיינלעכע וואַכזאַמקייט וויברירט, אַ טיפע אומבאַשטימטקייט, אָן אָנגעפּולטע מיט יסורים און מיט האַס, וואָס האָט אַפּירגעלויערט פון די צעוויגטע שווער־באַלאָדענע זאַנגען, די גינגאָלדיק צעשיינטע און פון די ביימער מיט איבערגעצייטיקטע פּרוכטן.

ערשט דעמאָלט האָט זיך באָרוך געכאַפּט, אַז דער לעצטער זון פון „זיין" מענטשנס וייב, אַ בחורל פון אַ יאָר צוויי־און־צוואַנציק, פאָרט אַלע וואָך אין אַ גרעסערער נאָענטער שטאָט און קומט פון דאָרטן מיט נאַציישער פּראָפּאַגאַנדע. ער צעטיילט זי שפּעטער צווישן די קריאָזשעס, ברענגט זיי אויך צו לייענען דעם „קאַבילדאָ", דעם „פּאַמפּעראָ" און אַנדערע בראָשורן, וואָס זיינען פול מיט גיפט צום אַרגענטינער אידן. ער, באָרוך, פּונקט ווי די איבעריקע שכנים זיינע, די אידישע קאָלאָניסטן, האָבן קיין אכט ניט געלייגט אף דעם!... און דאָס טאַקע איז דער פעלער!...

— זאָג מיר נאָר, ראַמירעז, — האָט באָרוך דאָס שווייגן איבערגעריסן, — וואָס קומט דאָרטן פאָר מיטן זון דיינעם?... מיט וועמען קומט ער זיך צונויף?... — האָט ער זיך ניט וויסנדיק געמאַכט און אַ נאַיוו פּנים אפן פּעאָן אָנגעשטעלט — איך מיין, אַז אין מיין אייגענער שטוב, אונטערן דאַך וואו איך האָב אייך אַלע אַ גוטע היים געמאַכט, לאָזטו אָנפירן אַ גזלנישע העצע!... האָבן דיך דאָס די גרויסע אַרגענטינער פּראָסער געלערנט?... זאָג?...

ראַמירעז האָט זיך פאַרלוירן, איינגאַנצן. אַ צעטומלטער האָט ער די סלינע אָנגעהויבן שלינגען, ווי אים וואָלט געוואָרגן אין האַלדז.

— דער אינגל טענהט, — האָט ער אומאַנטשלאָסן אין די לייצעס אַריינגערעדט — אַז די דאָזיקע קאַמפּן, די גאַנצע ענטרע ריאָסער ערד, איז אונדזערע!... די אַרגענטינער!... און איר, די רוסאָס, די אויסלענדער, האָט זי צוגערויבט בא אונדז!...

באָרוך האָט אַ ביטערן שמייכל געטון און אָפּגעמאָסטן ראַמירעזן מיט צוויי קאַלטע בליקן, אָנגענומענע מיט אַ טיפן מיטגעפיל, מיט ביטול. אָבער פון יעדן ווינקל האָט אף אים אַ בלאָז געטאָן מיטן ריח פון קעשענעווער פּאָגראָם, — וואָס ער האָט נאָך ניט פאַרגעסן, — מיטן ריח פון אומשולדיק פאַרגאָסן אידיש בלוט... געפילט האָט ער ווי דאָס בלוט אין זיינע אָדערן האָט זיך ווי אָנגעצונדן און לאַוועס מיט פייער שמייסן דעם אויסגעהאָרעוועטן גוף זיינע. ער האָט באַהערשט אין זיך דעם צאָרן און שטיל מיט איינגעהאַלטענעם וויטיק אין אויפגעציטערטן קול צו ראַמירעזן געטענהט:

— דו, ראַמירעז, האַלסט זיך פאַר אַ גרויסן פּאַטריאָט, פאַר אַן אמתן אַרגענטינער און ביזט דאָך גרייט צו קוילען, אומצוברענגען דעם בעסטן פריינט דיינעם. די אַלע אמתע פריינט פון „דיין" לאַנד... וויל זיי,

די משוגענע דייטשלעך, וואָס ווילן אייך צעמאַזיקן, ווייל זיי הייסן אייך פיינט האָבן די אידן!... און איך, באָרוך דער שרייער, בין דער פּאַראַזיט!... אַ ביטערן טעות, ראַמירעז האָט איר אַלע!... — האָט שוין באָרוך דאָס קול זיינס אַ צעלאָז געטון און די אויגן זיינען באַ אים פון קאָפּ געשפּרונגען. שוין אַריבער פערציק יאָר, „פּאַטריאָט" מיינער, אַז איך מיט מיין ווייב האָרעווען, ווערן פאַרפינצטערט אַף דער דאַזיקער ענטרע ריאָסער ערד, גרויסע פּראָצענטער צאָלן מיר פאַר איר, גיב אַוועק מיין מאַרך פון די ביי־נער און שטעל צו געגוג ברויט דעם לאַנד!...

אַף די קולות זיינע איז אויך כאַנע־לייע אָנגעלאָפן און נאָך איר, טייבעלע.ביידע בלייכע, דערשראָקענע און מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן, אומפאַרשטענדלעך מידע. קענטיק געווען, אַז מאַמע און טאָכטער האָבן זיך געהאַט אָפּגעריסן פון אַן ערנסטן שמועס וואָס האָט זיי ביידע קיין פרייד ניט געבראַכט. באָרוך איז אַפּירגעקראָכן פון אונטערן וואָגן און איז זיי אַנטקעגן געגאַנגען.

— כאַנע־לייע, איך וועל אַ שפּיי טאָן אַף דעם אַלעמען!... — האָט ער אויסגעשריען מיט ביטערניש און אַ צעפיר געטון מיט די אומרואיקע הענט אַרום זיך — איך וועל אַנטלויפן פון דאַנען וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט!... איך וויל מער ניט קעכלען די פּאַגראָמשטשיקעס!... דער־שטיקט און דערוואָרגן זאָלן זיי ווערן, אָבער ניט מיט מיין ברויט... הער נאָר, כאַנע־לייע, וואָס דאָרט טוט זיך... מען שולט זיי שוין אויס, די בלינ־דע שאָף!...

— שריי ניט אַזוי, באָרוך! — האָט זי געפלאַטערט אַרום אים און שטיל אין זיינע ווילדע אויגן אַריינגעטעהט — אַ נייעס באַ דיר, ווען אַ נאַרישער גוי רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן!... אַ מאַכט האָבן זיי, איך בעט איבער דיין כבוד, דו ווייסט שוין צו וואָס!...

— לאָז צו רו, דו נאַרישע אידענע!... — האָט ער זי אָפּגעשטופּט פון זיך — לייג מיר ניט אַרויף קיין שלאָס אַפן מויל!... אויך דאָ וויל מען אונדז פאַר די ערשטע כפּרה הינדלעך מאַכן!... דער סם, כאַנע־לייע, האָט שוין פאַרפלייצט דאָס טריפהנע בלוט זייערס!... — ער האָט אַוועקגע־שפּאַנט טיפער צווישן די ביימער, ווי ער וואָלט אַנטלאָפן פון אַ שונא, דרעאָנדיק מיט די פויסטן אינדערלופטן. — גערעכטיקייט מוזן מיר מאַ־נען!... און איך פייף אַף דעם־אַ! און איך וועל אַ שפּיי טון ווי אַף אַ נוזשניק!...

— אָט, האָסטו דיר אַרגענטינע!... — האָט כאַנע־לייע דעם מאַן נאָכ־געטענהט, — אַז אין נאָמען פון פּאָטערלאַנד, פון דער „הייליקער מוטערל" זייערער, וועט דאַכט זיך יעדער גוי מיטן גרעסטן פאַרגעניגן אַ אידיש קינד הרגענען!... אַז ס'ליגט שוין דער דורשט נאָך בלוט אין יעדן אַבר זייערן!...

טייבעלע איז שטיין געבליבן פון ווייטנס. אין די בלאָנדע צעלאָזטע האָר אירע, פונעם בלייך געוואָרענעם פּנים, דעם באַדעקטן מיט אַ מאָד־

נער צערודערונג, פון יעדן אבר אירן, האָט א טיפער עלנט א ווייע געטון, א שאַרפער ווייטיק, א בושה.

— נאָך וואָס אייגנטלעך, האָט זי איננאַנצן באַדאַרפט אהער קו־מען?... — האָט זי אין טיפן באַדויערן א טראַכט געטון — ווען זי שעמט זיך ניט פאַרן מאַן אירן, שיקט זי נאָך אים, ער זאָל זי אַהיימנעמען וואָס גיכער!... זי קען מער ניט אויסהאַלטן די דאָזיקע פאַרסמטע אַטמאָספערע! פון איין זייט די אידישע ווייבער מיט זייערע טרערן... פון דער אַנדערער — די קריסטן מיט זייער האַס!...

זי האָט אַריינגענומען דאָס פּנים אין די הענט און זיך שטיל צעכלי־פּעט. באַנע־לייע האָט זיך א לאָז געטון צו איר:

— וואָס איז דיר, טייבעלע, פילסט דיך חלילה שלעכט? — האָט זי אויסגערופן אין שרעק. גלעטנדיק דערביי דער טאָכטערס קאַלט געוואָרענע הענט — אז די כּפּרה זאָלן זיי אַלע ווערן פאַר דיר, פאַר דיין מינדעסטן נעגעלע, קינד מיינס!...

— ששש... — האָט טייבעלע אַרויפגעלייגט א האַנט אַף דער מאַ־מעס מויל און איר פאַרבאָטן צו ריידן, — מען טאָר, מאַמע, אזוי נישט דענקען!... נעמסט מאַמע, א ביישפּיל פון אַן אָפּגעשטאַנענעם פויער, פון א ווילדן, וואָס לאָזט זיך דעם קאָפּ פאַרדרייען! די אַרגענטינער, זיי זיינען אמתע פרייע נשמות!... גלויב דאָס מיר!... — האָט טייבעלע מיט א שטיל געבעט אין דער מוטערס איינגעשרומפּענעם פּנים אַריינגעטענהט — דו, מאַמע, און אויך דער טאַטע — קענען זיי ניט גרינטלעך!...

— אוודאי, טייבעלע, מיש איך זיי חלילה ניט צונויף!... וואָס פעלט דיר איין, מיין קינד! — האָט זי באַנע־לייע גענומען באַרואיקן — דו ער־גער זיך ניט!... ביזט בא דיינע טאַטע־מאַמע אַן אַנגעלייגטער גאַסט!... קום, טייבעלע, און רו דיך אויס!... — האָט זי א נעם געטון די טאָכטער אַרום דער טאַליע און זי טיפער אין גאָרטן אַוועקגעפירט, זי אַריינגעזעצט אין דער שטרויענער וויגשטול און ווידער געטענהט און דאָס מאָל דורך דערשטיקטע טרערן. — נאַ דיר נאָר אזא איינפאַל!... וואָס הייסט מיר וועלן אַראָפּנעמען א ביישפּיל פון אַן אָפּגעשטאַנענעם פויער... אזא יאָר, טייבעלע, צו מיר, וואָס פאַר א לייטישער מענטש דער מאַן דיינער איז!... דו ערגער דיך ניט!... דאַרפסט דאָך, קינד מיינס, איבערקומען די ערשטע קימפּעט...

באָרוך דער שרייער האָט זיך אַוועקגעזעצט באַם זוים פון זיין טשאַק־רע און א שטילער אַנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אַף ביידע הענט, האָט ער ווידער געפּרואווט צונויפנעמען די צעשויבערטע געדאַנקען זיינע און איין מאָל פאַר אַלע מאָל א סוף מאַכן צום פּלאָנטער אין וועלכן ער ליגט א געבונ־דענער שוין אַריבער פערציק יאָר. אַמערסטן האָט אים וויי געטון פאַר דער טייבעלע זיינער: אפשר וועט איר נאָך אויסקומען צו פילן דעם טעם פון שונא ישראל, ווער ווייסט פון וועמען... דייטשלאַנד האָט שוין בא־וויזן ווי ווייט די שינאה צו אידן קען בא זיי דערגיין... — האָט באָרוך

יסורימדיק געטראַכט — דער דאָקטאָר, דער פּראָפעסיאָנאַל, האָט ניט גע־האַנדלט קלוגער און אויך ניט מענטשלעכער פונעם פּראָסטן זשלאָב... און וואָס האָט ער, באָרוך, פון וועלן זיין אַן אויסגעהאַלטענער מענטש, אַ איד מיט ווירדע, וואָס ווייזט אַביישפּיל מיט זיין ערלעכער אַרבעט?... נישט געלוינט, באַמנות, דער גאַנצער עסק!... דעם אידישן כבוד האָט ער, מיטן אָפּלעבן עטלעכע און פערציק יאָר אין דעם דאָזיקן חשבות, סיי ווי ניט געראַטעוועט!... אויך זיין אייגענע דאָליע האָט זיך צעלעכצט און דאָס ביסל נאַרישע האָפענונגען איז ווי פון אַ צעבראָכענעם ציבער אויסגע־רונען... אַף טויזנט כפּרות דאַרף ער דאָס אַלץ האָבן!...

באָרוך האָט געהערט, געפילט הינטער זיך די שווערע געמאָסטענע שפּאַן פון זיין מענטשן. פאַרשטאַנען, אַז יענער האָט די אַרבעט פאַרלאָזט און זיך אומקוקן ניט געוואָלט. אַלץ איז אים איבעריק און שווער געוואָרן. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אָראָפּגעשאַרט די אַרבל און אַוועק איינשפּאַנען די סולקע גיך, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז עמעצער וועט אים אָפּהאַלטן פון זיין באַשלוס, זיך אַ לאָז געטון אין וועג.

פון די אַרומיקע וועגן, די זיגזאַגיקע און באַזוימטע מיט הויכע, ווילדע גראָזן, זיינען אים פורלעך און סולקעס אַנטקעגן געקומען, באַ־זעצטע מיט קאָלאָניסטישע ווייבער און מיט טעכטער, אויסגעפּוצטע אין לייכטע זומער־קליידער, מיט זיידענע געבלימטע פאַטשיילעס אַף די קעפּ און מיט צעעפּנטע, רויטע און בלויע זיידענע שירעמלעך אין די הענט. דאָס האָבן זיי זיך געאיילט אָנצוקומען אַף דער יערלעכער קאָאָפּעראַטיווער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין אַ נאָענטן שטעטל. באַם זוים פון קאָרן־פעלד איז פאַרשטעקט געווען אַ סולקע און אַ בחור מיט אַ מיידל זיינען געזעסן אַפן גראָז אונטער דער סולקע. זי האָט געהאַט טיפע קאָרע אויגן, פאַרחלומטע און אַ ליכטיק פּנים, אַן עטוואָס פאַרדייגעטס.

— ווען מיר אַליין האָרעווען ווי די פערד, באַאַרבעטן דאָס אַלצדינג אַליין — האָט זי מיט די אויגן איבערן פעלד אַ פיר געטון און מיט די הענט זשעסטיקולירט — און מיר קענען ניט לעבן ווי ס'באַדאַרף צו זיין, בין איך זיי מוחל די גליקן, וויל איך קיין קאָלאָניסטקע ניט בלייבן!...

ער האָט געוויקלט די שטאַרקע הענט זיינע אַרום איר טאַליע און אַריינגעשמייכלט אין איר ברוגזן פּנים.

— דו טענהסט, בראָכע, ווי אַ נאַר! אויך פאַרמעגלעכע קאָלאָניסטן זיינען פאַראַן!... ווען די צייט באַגלייט דעם מענטשן, איז אַלץ גוט — האָבן די ביר־קאָליר שטילע אויגן זיינע אַ שוועב געטון איבער אירע ברוי־נע אַנטבלויזטע הענט — האָבן דען ניט אייניקע קאָלאָניסטן צו צוויי און צו דריי הונדערט העקטאַר אייגן לאַנד! אייניקע האָבן געהאַט דאָס גליק אָנצוטרעפן אַ פּרוכטבאַרן באָדן, אַנדערע האָבן מיט זייער אייזערנעם אויסדויער אַן אייגנטום דערגרייכט!...

זי האָט זיך שטום איינגעהערט אין די רייד זיינע, זיך איינגעהערט

אין געזאַנג פון די זאַנגען און אינעם געוויין פון אַ סאָווע, וואָס איז געשטאַנען אַף אַ דרענגל פון דער דראָטענער פאַרצוימונג.

— די פעלדער, מיין נאַריש מיידל, די נאַטור איז אָפּטמאָל קאַפּריזנע און אומדראַנקבאַר, פּונקט ווי דו — האָט ער אַ לייכטן שמייכל געטון מיטן גאַנצן פאַרברוינטן פּנים, מיט די שטאַרקע, געזונטע ווייסע ציין — אונדזער פעלד האָט גאַנצע דריי יאָר געטרוקנט, האָט קיין לייטיש ביסל תבואה ניט געגעבן און דעם שכנס פעלדער, אַ שפּאַן פון אונדזערע, יענע האָבן געבליט, זיינען געווען שיין, רחבותדיק אָן אַ שיר, און אָן אַ ברעג!... מיר האָבן געליטן, בראָכע, און געוואַרט... און מיר האָבן זיך דערוואַרט!... מיט אַ מיידל און מיט אַ אינגל — האָט ער בייסיק אַ לאַך געטון — איז אויך דאָס אייגענע. האָט זי אים גערן, איז זי ערנסט, — האָט זי ניט מורא פאַר דער צוקונפט, זי וועט ווערן ניט נאָר אַן אָרעמע קאָלאָניסטקע, נאָר אַפילו אַ מעלקערן באַ יענעם!...

— פאַרשטייסט מיך ניט, סימכע, — האָט זי באַליידיקט צוגעגעבן — ווען אַן אַרבעטער קען פון זיין האָרעוואַניע לעבן ווי אַ מענטש, פילט ער זיך דערהויבן, האָט ליב די אַרבעט, איז שטאָלץ. מיר ווידער, די קאָלאָניסטן, צאָלן גרויסע פּראָצענטער דער יעוויש, די פּרייזן פון אונדזער פּראָדוקציע זיינען קלאָגעדיק קליינע! אין דעם שטעקט דער אומגליק פון קאָלאָניסטן!...

סימכע האָט זי שווייגנדיק באַטראַכט און ער האָט זיך געוואונדערט אַף דער אַכצן־יאָריקער מויד, די טאָכטער פון אַ קאָלאָניסט, וואָס אַרבעט אין פעלד פון קינדווייז אָן און האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון ווערן אויס קאָלאָניסטקע. זי וויל, ווייזט אויס, ניט שלעפּן דעם יאָך פון שווערער האָרעוואַניע דאָס גאַנצע לעבן אירס... אָבער, ער האָט זי פאַרשטאַנען און אויך מיטגעפילט! סימכע איז געוואָרן ערנסט.

— דו ווייסט, בראָכע, — האָט ער ספּאָנטאַן די שטילקייט איבערגעריסן — מיר געפעלט דיין וועגן און מעסטן!... איינס מוזטו אָבער אין אַכט נעמען: מיר, די יונגע קאָלאָניסטן, גייען שוין פונדעסטוועגן אַף אַן אויסגעטראָטענעם וועג!... אונדזערע טאַטע־מאַמע האָבן אונדז אַ גרויסן ציל געגעבן!...

— איך צווייפל ניט אין דעם! זיכער איז דאָס לעבן שענער ווען מען האָט אַ באַשטימטן ציל, אַן אידעאַל!... טו אָבער אַ קוק, סימכע, ווי פאַרעלטערט מיין מאַמע איז!... — האָט זי פאַרטראַכטערהייט געטענהט, האַלטנדיק אירע הענט אין זיינע — מיך שרעקט אַזאַ צוקונפט... אָט, נעם אַ שטייגער יאַנקעוו דעם שלאָסערס! ער קען מיט זיין מיידל צו קיין טאָלק ניט קומען — ער איז פאַרזיכטיק!...

ביידע האָבן זיך מיט די בליקן דורכגעוואָרפן, זיך טרויעריק צעשמייכלט און עקשנותדיק געשוויגן. פון אַ נאָענטן וועג האָט זיך דערהערט דאָס וויינענדיקע הירזשען פון אַ פערד און דער פערד זייערער איז אומרואיק געוואָרן, זיך אַ לאָז געטון צום וועג און ספּאָנטאַן שטיין גע־

בליבן, אַריינגראָבנדיק דעם קאָפּ צווישן די הויכע, צעוויגטע סכאַך און מיט ברייטע, צעפּאַכטעטע נאָזלעכער אַריינגעצויגן אין זיך די קילע, באַ־שמעקטע לופט.

איניינעם מיט אַ נעלן וואָלקן שטויב האָט זיך אַ פריילעכער ניגון פון אַ טאַנגאָ צו זיי דערטראָגן, די צאַרטע קלאַנגען פון אַ גיטאַרע און אַ סולקע, אַ באַזעצטע מיט מיידלעך און בחורים האָט זיך באַם זוים פון פעלד באַוויזן. אַ פעסט געבויט יונג מיידל מיט בלויע ווינטן אין די שעל־מישע אויגן, האָט זיך צעזונגען, וויזנדיק מיט די הענט אַף סימכען מיט זיין מיידל:

— אוי מאַמע, איך בין פאַרליבט!...

— אוי מאַמע, איך בין פאַרליבט! — האָבן עטלעכע שטימען אַף אַמאָל אָפּגעענטפערט.

אויך באָרוך דער שרייער מיט זיין סולקע האָט זיך דאָרטן פאַרביי־געטראָגן.

— ריר דיך, דו רויטער נאַר! — האָט ער אַ הויב געטון די בייטש איבער דעם פערדס פאַרשוויצטן און שטויב באַזעצטן רוקן — אַט וועל איך די הינטישע פעל דיינע אַף שטיקער צעפּאַסעווען! אויך דו, פּונקט ווי איך, ווערסט פאַרדינען דיין שטיק ברויט, מיטן שוויים פון דיין שטערן. אַזוי האָבן זיי דיר געהייסן, די גרויסע נביאים אונדזערע!...

בראָכע האָט שווייגנדיק אַ נעם געטון סימכען אַרום דער טאַליע. ביידע האָבן זיך אויסגעצויגן אין גראָז אונטער דער סולקע און באַהאַלטן די קעפּ צווישן סכאַך.

— איך האָב אים פיינט, דעם משוגענעם! — האָט זי שטיל געשעפּ־משעט — ער פאַלט אַף דיר אָן... און ווייסט, דאַכט זיך, אַליין ניט וואָס ער וויל!...

— ווער נעמט אים דען אין אַכט, נאַרעלע! — האָט סימכע שטיל געלאַכט, קוקנדיק דערביי אין בראָכעס אומרואיקע אויגן — קודם דאַרף דער מענטש זיין אייגענעם גוטן ביישפּיל געבן, וועט ער שוין שפּעטער אַלעמענס אָנערקענונג האָבן!... דער, ווידער, האָט די אייגענע קינדער פאַר פּראָפעסיאָנאַלן געמאַכט... דער טאַכטער — אַ גוי פאַר אַ מאַן געגעבן... ס׳איז אים ניט אָנגעשטאַנען, דעם „יחסן" אַן אָרעמער קאָלאָניסט פאַר אַן איידעם!.. ער אַליין, דער משוגענער, צעפּויקט די חכמה זיינע צווישן אַלע אידישע קאָלאָניסטן. ער פאַרקויפט דעם קאָמפּ און פאָרט אַוועק אין שטאָט וואוינען מיט די קינדער!...

אין דעם האָט זיך איין ראָד פון באָרעכס סולקע אַ פּאַרטשעפּע גע־טון אין זייער סולקע און זי אַרויסגעריסן פון דער דאָלינע איניינעם מיטן פערד. ביידע — בראָכע מיט סימכען זיינען ספּאָנטאַן אויפגעשפּרונגען און זיצן געבליבן אַף די קני צווישן סכאַך.

— אַרויס פון דאָרטן, שטרויס־פייגל, האָט באָרוך דער שרייער אויסגעשריען און אַ פיר געטון מיט דער בייטש איבערן פערדס רוקן. —

די אויגן זײַנען דיר אויסגערונען, דו רויטע נבלה, וואוהין האָסטו מיך פאַרשלעפּט?!...

סימכע מיט בראָכען, ווי אָפּגעגאָסענע מיט הייסער וואַסער זײַנען אומווילליק צוגעגאַנגען צו זייער סולקע, וואָס איז געלעגן אַן איבערגע־דרייטע מיט די רעדער אַרויף און מיט באַדויערן געקוקט ווי צעטרייסלט זי איז געוואָרן. באָרוך האָט זיי דורכגענומען מיט די גרויסע אָנגעצונ־דענע אויגן זײַנע און ווידער געבורטשעט:

— אָט זעט איר שוין, גזלנים, ווי איר האָט מיר אָנגעפּייפּט אין דער פאַרזאַמלונג!... איר האָט צעבראָכן דעם ראָד פון מײַן סולקע!... אַז די כאָליערע זאָל אײַך פאַרכאַפּן, בעל־עבירהניקעס!...

סימכע האָט פאַרביסן געשוויגן און זיך גענומען פאַרען אַרום זײַן געשפּאַן, געבראַכט אין אָרדענונג די סולקע, אײַנגעשפּאַנט דעם פערד און ווען ביידע זײַנען שוין געזעסן אַפן טיפן לעדערנעם זיץ, האָט סימכע דאָס פערד אַ טרייב געטון און אויסדרייענדיק דאָס צעשמייכלטע פּנים צו באָ־רוכן אויסגערופן טראַציק:

— לאָזט איבער, ר׳ באָרוך, די סולקע אײַערע אינעם ראָוו... און פאָרט אַהיים רייטנדיק!... נישקשה, קיינער וועט אַף אײַך ניט ברוגז ווערן, ווען איר וועט דאָרטן פעלן!... זאָלן זיך יונגע קאָלאָניסטן, די וועמען די ערד איז טייער, אַליין אַן עצה געבן!... אַ שאָד, ר׳ באָרוך, דער גאָרנל אײַערער!...

באָרוך איז שטיין געבליבן ווי געפּלעפּט. טרויעריק אַרומגעקוקט די צעבראָכענע ראָד פון זײַן סולקע, מיטן אַרבל פון רעקל אָפּגעווישט דעם שווייס פון פערדס רוקן און אויסגערופן מיט ביטערניש:

— די כּפּרה הינדלעך זײַנען מיר ביידע — איך מיט דיר, דו רוי־טער נאַר!...

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף דער צעבראָכענער סולקע און מער קיין חשק ניט געהאַט צו רירן זיך. דאָס לעבן איז אים שווער געוואָרן און איבעריק: אַז יעדער שנעק נעמט זיך דאָס רעכט צו קריכן מיט די שמו־ציקע נעגל זײַנע צו אים אין האַרצן!... — האָט ער פּלוצים אַ טראַכט געטון — און זיי אַף צעזעצעניש האָט ער ווידער קיין חרטה ניט, וואָס די קינדער זײַנע, זײַנען ניט געוואָרן קיין ערד־אַרבעטער! זאָלן זיי כאָטשע הנאה האָבן פונעם לעבן!... זאָלן זיי געניסן!... נישקשה, אויך די קינדער זײַנע וועלן נוצן ברענגען דער מענטשהייט!... זאָלן זיי שפּעטער, נאָכן טויט פון אים מיט כאַנע־לייען, רעמאַטירן דעם קאַמף און אָפּצאָלן דער איקאַ אַלע פּראָצענטער!

ער האָט די אויגן אויפגעהויבן און לײַכטער אָפּגעזיפצט, פּילנדיק דערבײַ אַז אַ שווערע מאַסע איז פון אים אַראָפּגעפאַלן. אין דעם האָט ער דערזען דעם אַלטן בית־עולם, וואָס ליגט אַנטקעגן כמעט אין אַן אויס־געמוליעטן גרוב און באַקט זיך אונטער דער ברענענדיקער זון. די מצבות זײַנען שוין שוואַרצע און אַרײַנגעזונקענע אין דער ערד, פאַרוואַקסענע

מיט הויכע ווילדע גראָזן. איין מצבה, האָט ער באַמערקט פון ווייטן איז איינגאַנצן צעבראָכן און איבערגעדעקט מיט אַ לאַנגער, שוואַרצער פאַר־זשאַווערטער בלעך.

באָרוך האָט די אויגן אָפּרייסן פון דאָרטן ניט געקענט, אים האָט אַ טיפער מיטגעפיל צו יענע איינזאַמע טויטע אָרומגעכאַפּט. ס׳ליגן דאָרטן די ערשטע אידן, די ערשטע קרבנות, די וואָס זיינען געקומען פון בעסאַראַביע, אַנטלאָפן פון דאָרטן ווי פון אַ פייער, ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט פילן אויף זיך די שינאה, די געפאַר וואָס די רוסישע מאַכט האָט איינגעפלאַנצט אינעם וואָלעך און דאָ אויף דער ענטרע ריאָסער ווילדער ערד, האָבן זיי אַ נייע היים געוואָלט בויען פאַר זיך, ווערן געזונטע ערד אַרבעטער. האָט מען זיי אָבער דאָס גליק ניט פאַרגינען!... ביינאַכט האָבן זיך ווילדע אינדיאַנער אַריינגעריסן אין זייערע כאַלופּעס און אויסגעשאָכטן צוויי גאַנצע אידישע משפחות, ווייל זיי האָבן געמיינט, די ווילדע, אַז די ערד געהערט נאָר צו זיי און קיין שום אַנדערער מענטש האָט קיין רעכט ניט צו באַזעצן זיך דאָרט...

אָבער אויך מיט יאָרן שפּעטער, ווען צענדליקער אידישע מישפּחות האָבן זיך דאָרטן באַזעצט, איז דאָס לעבן זייערס ווידער אין געפאַר געווען! אָט האָט מען געפונען אַ געקוילעטן אידן באַם זוים פון וועג — האָט באָרוך ווידער אַ טראַכט געטון און טרערן האָבן זיך פון זיינע אויגן געגאָסן, אליין ניט וויסנדיק, צי האָט ער געקלאָגט אויף די אומטרגעשניטענע לעבנס פון זיינע ברידער און שוועסטער, צי אויף זיין איינגן אָפּגענאַרט לעבן, אָדער גאָר אויף דער גרויזאַמער וועלט וואָס וויל זיך ניט זעטיקן מיטן בלוט פון די אומשולדיקע...

אָרום אים איז אַ גרינע, אַ טרויעריקע שטילקייט געשטאַנען. ער האָט זיך איינגעהערט ווי דאָס פערד זיינס מאַלעגיירעט און געדאַכט האָט זיך אים, אַז איבער די געזונקענע מצבות הענגען נאָך די טיכער מיטן בלוט פון די קרבנות, זיי הוידען זיך, פלאַטערן אין אַלע פיר זייטן, רופן, דערמאָנען און מאָנען עפּעס... מיט אַ פאַרטראַכט פּנים, אַ באַגאָסנס מיט שטיקער בלייכער זון און מיט יסורים, האָט באָרוך דער שרייער צו די מצבות אַ שעפּטשע געטון:

— ניין, ברידער! הייליקע נשמות! ניט אוים גאווה און ניט חלילה אוים פיינטשאַפט צו דער ערד־אַרבעט, האָב איך געצויגן די קליי פון די ביינער און געמאַכט די קינדער מיינע פאַר דאָקטוירים, פאַר אַפּטייקער און אַקושאָרקעס!... ניט פאַר דעם, בנאמנות! איך האָב זיי נאָר ניט געוואָלט זען קיין לעבעדיק באַגראָבענע!... קיין טעמפּע פויערים, וואָס האָדעווען די וועלט מיט ברויט און באַקומען פאַר דער פּראַצע זייערער — דעם טויט!...

ער האָט אַריינגענומען דאָס פּנים אין ביידע הענט, זיך אַריינגערוקט טיפער אין דער צעבראָכענער סולקע און אַזוי אַ צונויפגעקנוידערטער, אַ צעוויטיקטער קעגן זיין אייגענעם ווילן, ווי ער וואָלט מער קיין חשק

ניט געהאַט צו באַהעפטן זיך מיט דער קעגנוואַרט, צו טראָגן ווייטער די לאַסט פון מענטשלעכער רשעות, צו זאָרגן פאַר דער איינזאַמער עלטער וואָס רוקט זיך אָן אַף אים מיט זיין כאַנע־לייען — זיך איינגאַנצן איבערגעטראָגן אין דער וועלט פון זיין צעשוואומענער קינדהייט וואָס האָט אים קיין צופרידנקייט ניט געגעבן, פונקט ווי איצט, די נאַרישע עלטער זיינע...

אויך ער, באָרוך, האָט דעמאָלט חשק געהאַט צום לערנען. אָבער דער טאַטע זיינער, דער געזונטער בעסאַראַביער איד, אַ דאָרפס־מענטש, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער היים נאָר אויס פראָטעסט און אויס באַליידיקונג, ווייל דער רוסישער קייסער האָט אים ניט דערלויבט צו באַשעפטיקן זיך מיט ערד־אַרבעט, מיטן אויסרייד, אַז אידן זיינען פעיק נאָר צו סאָכרעריי, צו זיין פראָצענטניקעס... ער האָט ניט, נאָר אים, באָרוכן, דעם עלצטן פון די אַכט קינדער זיינע — פיר זין און פיר טעכטער — צו דער ערד־אַרבעט אַ נעם געטון, נאָר אויך די איבעריקע קינדער, דאָס ווייב און ער אַליין, דער טאַטע, זיינען ווי די בהמות אַף אַלע פיר אומגעקראָכן, געפויזעט איבער דער ווילדער ערד, אויסגעקאָסעט די ווילדע גראָזן, זיי אויסגעריסן מיט די פאַרבלוטיקטע הענט, מיט די ציין געריסן!... ריין געמאַכט די געקויפטע הונדערט מיט פופציק העקטאַר לאַנד און אַליין, אָן קיינעמס הילף, אָן שום צוגרייטונג, דעם ערשטן פאַרזיי געמאַכט!...

אויך די שטוב, וואָס ער, באָרוך, פאַרנעמט איצט, האָבן זיי מיט די אייגענע הענט אויסגעבויט. דער טאַטע זיינער מיטן פאַרהאַרטעוועטן פנים פון אַ פויער, אָן עקשן און מיט דער ברייטער, ווייס־גרויער באָרד פון אַ תלמיד חכם, ער האָט אַמאָל אַ זאָג געטון צום ווייב מיט די אַכט קינדער, וואָס זיינען אָפּגעשטאַנען פון דער שווערער האָרעוואַניע:

— קינדער מיינע! — האָט דאָס קול זיינס אַ מעכטיקן ציטער געטון, זיך צעטראָגן איבערן פעלד — מיר זיינען קינדער פון אַ געזונטן שורש! די אבות אונדזערע זיינען ערד־אַרבעטער געווען! אָבער די שונאי־ישראל ווילן אונדז פאַר קראַנקע מענטשן מאַכן!... און מיר טאָרן ניט דערלאָזן צו דעם!... מיר טאָרן ניט ברענגען קיין חרפות, קיין בושות אַף אונדזער פאָלק! מיט אַ סך ליבשאַפט צו דער נייער היים אונדזערער, מיט גדולה וועלן מיר, מיט גאָטס הילף, פון דער דאָזיקער ווילדער ערד, גאָטס ברכה אַרויסבאַקומען!...

שווער איז געווען דער אָנהייב! די ערד איז געווען פאַרסקלעפּעט און ווילד. די שרעקלעכע מידבר זון האָט ווי מיט האַמערס איבער די געבוירענע רוקנס זייערע געקלאַפט. אָבער ער, באָרוך, דער פערצן־יאָריקער בחור, דער עלצטער פון דער מישפחה, ער האָט מער קיין מוט ניט געהאַט צו טראַכטן פון לערנען!... אָבער איינגאַנצן אָפּזאָגן זיך האָט ער ווידער ניט געקענט! האָט ער זיך צוויי מאָל אַ וואָך אַריינגעכאַפּט אין אַ שכנישער קאָלאָניע וואו אַן עלטערער איד האָט מיט עטלעכע קאָלאָניסטישע זין און טעכטער געלערנט חומש מיט רש"י און תנ"ך.. — יענע קאָלאָניסטן, האָט באָרוך זיך דערמאָנט, זיי האָבן, ווייזט אויס, באַלד פון אָנהייב

געפּועלט בא זיך איבערצולאָזן דעם קאַמף, האָבן זיי גלייך גענומען צוגרייטן צום לעבן, געגעבן וויסן די קינדער, וואָס זיינען נאָכדעם גע-וואָרן דאָקטוירים, כימיקער און אַפּטייקער, זיך באַזעצט אין די גרעניצן בעסאַראַביער דאָרפס-אידן, אַזוי ווי דער טאַטע זייער איז געווען.

אין אַ פּאַרנאַכט, ווען ער איז אַהיימגעפאָרן פון אַ לעקציע, איז ער, באָרוך, איינגאַנצן באַהערשט געווען פון דער גרויסקייט פון תנ״ך און נאָך מער פון קינאה צו די יונגע בחורימלעך, וואָס לערנען זיך און וואָס דענקען צו ווערן גרויסע מענטשן... און ער האָט ניט באַמערקט, אַז די פערד האָבן זיך פאַרנומען אַף אַ פאַלשן וועג, זיי זיינען מיטאַמאָל שטיין געבליבן פאַר אַ וואַנט פון דינע צונויפגעדרייטע גרינע קוסטן, פון אַלערליי הויכע ווילדע גראָזן.

ער איז אַראָפּ פון וואָגן און זיך געלאָזט צו פוס זוכן אַ וועג אַהיים. אַרום אים האָבן זיך ווי אין אַ פאַרכישופטן קרייז ברייטע, ווילדע שטחים ערד געדרייט, באַוואַקסענע מיט שטעכעדיקע קוסטן און מיט הויכן סכאַך. לאַנג האָט ער געזוכט דעם וועג און אים ניט געפונען. ס׳איז געוואָרן טונקל, דער הימל איז געוואָרן אַלץ טריבער און איבערגעצויגן מיט אַ גרויער טוך, די קוסטן האָבן זיך אַ צעוויג געטון, זיך אימהדיק געשושקעט און אַ מעכייעדיקער ריח פון אַ גרינעם רעגן האָט זיך איבער די פאַריסענע שפּיצן פונעם סכאַך, ווי אַ זיידענער טוך אויסגעשפּרייט.

ער, באָרוך, האָט זיך אימהדיק איינגעהערט אינעם נעברום פון אַ חיה, וואָס האָט זיך, ווייזט אויס פאַרן אָנקום פון רעגן דערשראָקן און איז איילנדיק געלאָפן צו דער פאַרלוירענער נעסט. אויך ער, באָרוך, האָט אָנגעהויבן לויפן, אַן אַרומגעכאַפּטער פון אַ מאָדנער פּיין און פונעם ווי-בערדיקן ווינט וואָס האָט זיך אַלץ האַסטיקער און בייזער געדרייט אַרום אים.

באַלד און אַזוי פלוצים, אַז ער האָט שוין קיין צייט ניט געהאַט די פערד אויסצושפּאַנען, איז דער הימל געוואָרן אַש-גרוי, אַ שאַרפער, קאַל-טער ווינט האָט זיך מיט ווילדן געבריל פון אַ פאַרוואוּנדעטן לייב אויפ-געהויבן און שווערע טראָפּנס מיט רעגן האָבן ווי אַף בלעך איבער די קוס-טעס אַ קלאַפּ געטון. ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אַפן וואָגן און אויפגע-ציטערט געוואָרן פון שרעק. דער ווינט האָט אַ רעווע געטון, אויסגעריסן גאַנצע זשמיטן מיט קוסטעס און סכאַך און אַ כוואַליע מיט טרוקענעם זאַמד, שטיקער בלעך, אַלטע דעכלעך פון ראַנטשעס, שטרויענע קינדער-וועגעלעך, אַלטע שוואַרצע קאַפּעליושן און אַנדערע שטוב חפצים, האָבן זיך אויגנבליקלעך פאַנאַנדערגעטראָגן מיטן ווינט, מיטשלעפּנדיק אויך אים, באָרוכן מיט די פערד און וואָגן.

אין דעם האָט אַ שאַרפער בליק די געדיכטע גרויקייט איבערגעשניטן און איין דונער נאָכן אַנדערן האָט אויפגעריסן דעם מוח זיינעם. ער האָט אַ געשריי געטון און ליגן געבליבן אונטערן וואָגן. און דער רעגן האָט

גענאָסן, זיך געדרייט אין גערדיכטע, צונויפגעפּלאָכטענע בייטשן, אויפגעשפּאָלטן די פּאַרקלעפּטע ערד, געהודעט ווי טויזנט זידנדיקע סאַמאָווארן. קיין זכר פון הימל און פון קוסטן האָט ער מער ניט געזען, נאָר אַ בלויען מבול, וואָס וויל אָפּשווענקען די קאַמפּן, זיי פאַרטרענקען אינײנעם מיט אים, מיט באָרוכן און מיט די ווילדע, דערשראָקענע פערד זיינע, מיטן וואָגן.

גאַנץ פרי האָט אים אַ שווערער געפּיל אויפגעוועקט. ער האָט די אויגן געעפנט און קיין זאַך ניט באַנומען. אַ מילדע שטילקייט האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט, אַ זויבערע גרינקייט האָט גערוט איבער די קוסטן, די באַגאָסענע מיט קליינע טראָפּנס רעגן ווי גרויסע מענטשלעכע טרערן. דער הימל איז געווען בלוי, באַזעצט מיט ווייסע צעזייטע וואָלקנדלעך און אַ רויט שטיק זון, אַ שאַרפּס ווי אַ טוך, אַן איינגעווייקטער אין מענטשלעך בלוט, האָט מיט גאווה דעם גרינעם האָריזאָנט געקושט.

נאָר דער וואָגן זיינער איז געלעגן צווישן די אויסגעריסענע קוסטן, אַ צעבראָכענער און אַן איבערגעדרייטער מיט די רעדער אַרויף. די פערד, אויסגעוואַשענע, מיט אימהדיק אָנגעשפּיצטע אויערן, מיט שאַרפע אומרואיקע חושים, זיינען געשטאַנען ניט ווייט פון אים און שטיל געקייעט די פרישע אַרויסגעשפּראָצטע גראָזן.

אויך אין דער היים האָט אים דער חורבן באַגעגנט. דער צייטיקער ווייץ מיטן קאָרן איז געווען אויסגעלייגט, אַרויסגעריסענע פון דער ערד, פונעם לעבן, באַדעקט מיט נאַסער פּאַרע און מיט טרויעריקע שטראַלן פון דער שאַרפער זון... אַרום די ראַנטשעס האָבן זיך געוואַלגערט די דערטרונקענע עופות און די צעמאַזיקטע פעלד מכשירים. דער טאַטע זיינער, אָנגעטון אינעם טלית קטן מיט דער יאַרמולקע אַפן קאָפּ, האָט אים באַגעגנט אַ שווייגנדיקער, אַ באַזאָרגטער, אים לאַנג אין פנים געקוקט און ווען ער, באָרוך, האָט זיך פלוצים צעוויינט, האָט אים דער טאַטע אין די הענט אַריינגענומען און געזאָגט:

— אַ מאַנסביל, מיין זון, אַ איד, דאַרף פאַר אַלצדינג זאָגן גם זו לטובה!... די ברידער אונדזערע, די ערשטע קאָלאָניסטן, זיי האָבן אַ סך מער איבערגעטראָגן. ווען דער מענטשלעכער רוצח באַפאַלט דיך, איז ער גרויזאַמער פון דער נאַטור... גרויזאַמער פון גאָט און פונעם רוח!...

אַזוי איז דאָס טאַקע! — האָט באָרוך אַריינגעזיפצט אין דער אַרומיקער בלויקייט און פאַר זיך אַליין באַשטעטיקט זיין טאַטנס ווערטער — די ווילדע נאַטור האָט ניט אויסגעוואָרצלט די גרינע אידן פון דעם לעבן זייערן!... די רוצחים — יאָ!... און אויך איצט גרייטן זיי זיך, די היישעריקן, די מייז!... זיי ווילן שוין ווידער אַ לעק טון פון אומשולדיק, אידיש בלוט!...

באָרוך איז אַראָפּגעקראָכן פון דער סולקע און אויסגעשפּאַנט דאָס פערד. ווידער אַ קוק געטון צו די אַלטע קבֿרים און אַריינגעטענהט אין פערדס פנים:

— מיר דאַכט זיך, דו רויטער נאַר, אַז היינט זיינען מיר ביידע עפּעס ניט מיט אַלעמען... ס'פעלט אונדז, בנאמנות, אַ קלעפּקע אין קאָפּ. ביידע לאָזן מיר זיך מאַכן צום נאַר!... און מענטשן, מוזטו וויסן, גוטער ברודער מיינער, זיינען אַ סך מאָל גערעכטן אין די פערד, מיט גוטן ווערטער מיט זיי גאָרניט מאַכן... דערלאַנגסטו זיי אָבער מיטן בייטשל, ווערט מען ווייכער!... זיי באַקומען פאַר דיר אָפּשיי!... טאַקע באַדאַרפט, בנאמנות, דעם מענטשן מיינעם אַביסל ווייכער מאַ:ן!... נישקשה, ער האָט דאָס כשר פאַרדינט! מיר גלוסט זיך אָבער מער מיט קיינעם פון דעם דאָזיקן מיאוסן ווינקל ניט האָבן צו טון!... דאָס וואַסער איז מיר שוין אָט־אָ־דאָ!...
— האָט ער זיך אַ פיר געטון מיטן ווייז־פינגער איבערן האַלדז — דיך אָבער, דו רויטער עקשן, דיך וועל איך ערגעץ באַשטאַטן!... ווער פון אונדז ביידע האָט שוין היינט כוח אָנצוהייבן פונדאָסניי?... צו בויגן דעם רוקן אונטער מענטשלעכער אַכזריות!... ווער האָט שוין חשק צו שלעפּן זיך אַף דעם פאַסקודנעם וועלטל, דעם אָנגעפולטן מיט סם און מיט פולווער!...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, אַ נעם געטון דעם פערד פאַרן ציימל און אַזוי טראַכטנדיק געשפּאַנט באַם זוים פון אַ קאָרן־פעלד, וואָס האָט זיך רחבותדיק געוויגט אונטער אַ בלויען ווינט,אַן אָנגענומענעם מיט אַ טיפער צערודערונג. אויך אין האַרץ באַ אים האָט פלוצים אַ רודער געטון. אים איז טאָפּלט טייער געוואָרן סיי דער פערד צו וועמען ער האָט שטענדיק די ביטערניש אויסגעלאָזט און אויך יעדער זאַנג, יעדער זעמדל וואָס דער ווינט האָט אים אָנטקעגן געשמיסן. באָרוך האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אַף צוריק און ווידעראַמאָל אַ קוק געטון אַפן אַלטן בית־עולם, אַליין ניט באַנעמענדיק די סיבה: וואָס עפּעס איז ער אין יענעם טאָג אַזוי מיטגעריסן געוואָרן, אַלץ געטראַכט פונעם גורל פון די ערשטע אידישע קאָלאָניסטן און ווי אים האָט זיך גערעכט, איז אינעם זשומען פון די בינען איבער די צעוויגטע זאַנגען, אינעם לייכטן וויכערדיקן ווינטל איינגעוועבט געווען אַ וואָרענונג, עמעצנס דערשטיקטע שטימען. אַוודאי, האָט ער ווידער אַ טראַכט געטון און אָנגעהויבן שפּאַנען גיכער, ווי ער וואָלט געוואָלט פטור ווערן פון יענעם טרויעריקן ווינקל וואָס האָט געוועקט אין אים אומעטיקע געדאַנקען, אים פון גלייכן וועג אַראָפּפירן געוואָלט... — אַוודאי וואָלט ער יאָ דווקא חשק געהאַט אָנצוהייבן פונדאָסניי... זיך ווידער איינשפּאַנען אין דער אַרבעט. ערשט איצט וואָלט ער געקענט זיין אַן ערשטקלאַסיקער אַקערבויער!... דאָס שאַפעלע וואָלטן זיך מענטשן געמעגט פאַר אים אָפּהייבן!... איז אָבער מער קיין כוח ניט פאַראַן!... באָרוך דער שרייער, דער עקשן — איז אַ שטיק פאַרסקלעפּעטע ערד... אַ לימענע אָן זאַפט געבליבן...

איי ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסשטעלן אַ פייג דעם שונא ישראל, אים ווייזן וואָס אַזוינס אַרבעט איז! און אויסקריצן וואָלט ער געוואָלט מיט פייערדיקע אותיות, מיטן בלוט פון די אויסגעאַרבעטע אידישע קאָ־

לאַניסטן, אים קריצן אַף יעדן שטיין וואָס ליגט דאָ באַם וועג, אַף די גע־זונקענע, צעבראָכענע מצבות, אַזוי טיף און אייביק — ווי די אותיות אַף מוישעס לוחות, אַז אייביק זאָלן זיי אַרויסשרייען צו דער טויבער און אומדאַנקבאַרער וועלט, און וויסן זאָלן זיי די מענטשן, אַז ערגעץ אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון דער גרויסער רייכער אַרגענטינע לעבט אַן אָפּגע־ריסענער גליד פון אַ אידישן דור, לעבן אַרבעטער, אידישע אַקערבויער, מענטשן וואָס שמידן דעם גורל זייערן דורך בלוט און טרערן!... און מיטן שוויים פון זייערע שטערנס איז דאָס שטיקל ברויט פאַרדינט גע־וואָרן!... און נאָך דרייסיק, נאָך פערציק יאָר שווערער האָרעוואַניע, ווען קאָלאָניסטן האָבן שווערע צייטן איבערגעלעבט, האָט מען זיי פון דער נחלה אַראָפּגעוואָרפן, ווייל זיי האָבן ניט געקענט צאָלן אין צייט די גרוי־סע פּראָצענטער!... און אידישע שונאים פאַרגינען זיי ניט דאָס גליק...

באָרוך האָט זיך שטום אַרומגעקוקט און טרערן האָבן געגרונען פון זיינע אויגן. ער האָט ניט געוואוסט, צי וויינט דאָס האַרץ אַף דעם גורל פון די ברידער זיינע, די געליטענע, די באַאוולטע קאָלאָניסטן, צי אַף זיין אייגענעם אָפּגענאַרטן לעבן, צי גאָר אויס ווייטיק וואָס ער האָט נעכטן און צום ערשטן מאָל טייבעלעס קריסטלעכן מאַן דערקענט און די איי־פערזוכט אין אים, דער ווייטיק לאָזט אים ניט רוען, טרייבט פון שטוב, מאָנט עפּעס און דערמאָנט בסדר, אַז די עלטער רוקט זיך אָן, הענגט ווי אַ שוואַרצער וואָלקן איבער אים מיט זיין באַנע־לייען און די ירושה, דעם קאַמף, די גאַנצע פּראַצע זייערע וועט איבערבלייבן אַף הפקר און אפשר נאָך אַריינפאַלן אין די הענט פון שונא ישראל...

בונעם האָט אַרויסגעלייגט דעם שווערן ריסקעל פון די צוויי אויס־געהאָרעוועטע הענט זיינע, די דורכגעוועבטע מיט בלויע שטייפע אָדערן און זיך אויסגעגלייכט, שטיין געבליבן מיטביידע הענט אַף די היפטן אָנגעזעצט און זיך שטום און צופרידן צעשמייכלט. אומגעדולדיק אַ פאַר־שאַר געטון די ברוינע, געדיכטע טשופּרינע, די געוועלקטע און דורכגע־וועבטע מיט גרויע פּאַסן און די מילדע ברוינע אויגן זיינע, די קליינע און עטוואָס פאַרטערערטע, האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַפן פרישן בערגל ערד באַ זיינע פיס. בונעמען האָט הנאה געטון וואָס די אַרבעט איז פאַרטיק. ער האָט ניט געוואָלט וואַרטן מיט איר, דער אַרבעט, אַף די אינגלעך זיינע, וואָס טענהן, אַז ער, דער טאַטע, איז שוין צו אַלט, צו שוואַך סיי צו דער ערד־אַרבעט און אויך צו אַלע אַנדערע שווערערע אַרבעטן.

דאָס האָט ער, בונעם, אַ נייע קליינע וואַסערלייטונג אויסגעגראָבן און דאָס האַרץ זיינס האָט געוואָרפן פון צופרידנקייט. אָן קרבנות, האָט ער שמייכלענדיק געמורמלט, וועט מען קיינמאָל קיין גרויסע, קיין שום ווערטפולע זאַך ניט אויפטון!... און דאָס מוז יעדער יונגער מענטש וויסן.

ער האָט אָפּגעאָטעמט טיף און פריי, איבערטראַגנדיק די בליקן זיינע אַף די אַרומיקע ברייטע שטחים פעלדער, די אויסגעוואַשענע אין בלויע, באַשמעקטע זומער ווינטן און מערקווירדיקער גליקזעליקייט, וואָס האָט

דאָס האַרץ זיינס געגלעט, די טיפֿע קנייטשן אויפֿן פּנים, דעם פּרי פֿאַרעלטערטן און ערנסט פֿאַרטראַכטן. מיט אַ מינע פֿון אַ זיגער האָט בונעם געקוקט אַרום זיך און ווידעראַמאָל דערפֿילט, אַז ער איז אויף זיין פּלאַץ, אַז קיין חרטה האָט ער ניט. און גוט, זייער אויסגעהאַלטן איז ער געווען, ווען די רייכע שוועסטער זיינע האָבן אים, באַלד ווי ער האָט דעם סטאַליער וואַרשטאַט אַוועקגעוואָרפֿן, איבערגעלאָזט די גרויסע שטאָט און אייניינעם מיטן ווייב און מיט די קינדער פֿרייוויליק אַוועק צו דער ערדאַרבעט — אים פֿאַרגעוואָרפֿן, געמוסרט, דעמאָלט ווען זיי זיינען געקומען צו אים אין געסט, ווערן געזונטער, זיך אויסרוען פֿונעם גרויסשטאָטישן טשאַד: קום, בונעם, צוריק אין שטאָט... דאָרטן וועלן די קינדער דיינע אויסוואַקסן לייט... זיי וועלן לערנען, מענטשן וועלן זיי זיין!...

ער, בונעם, האָט זיי אויף דעם קיין וואָרט ניט געענטפֿערט, ווייל אַ ברייטער, אַ שווערער וועג האָט זיך פֿאַר די אויגן זיינע געשפּרייט, אָבער געפֿילט האָט ער, אַז דער חוזק זייערער, דער אומגלויבן און זיין עקשנות אין דער אונטערנעמונג — האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט אין אים סיי די אַמביציע צו ערד־אַרבעט, סיי דעם אויסדויער, ער האָט שטילערהייט אָפּגעמאַכט בא זיך איבערצוטראָגן אַפֿילו דאָס ערגסטע און ברענגען אַ ביישפּיל פֿון אַ שטאַרקן ווילן, ווערן אַ מוסטער פֿאַר אַ סך פֿון די אידישע קאָלאָניסטן אין ענטרע ריאָס, וועלכע האָבן קיין כּוח ניט געהאַט איבערצואוואַרטן דאָס שלעכטע... און ביסלעכווייז נאָך לאַנגע יאָרן שווערער מי און אָפּפֿערוויליקייט, אָנגעהויבן אָפּציען אין די אַרומיקע גרעסערע שטעט און שטעטלעך, ווערן גאַסן פֿאַרקויפֿער, קליינהענדלער; ווערן אויפֿגעפֿרעסן פֿון יאָגן זיך נאָך רייכקייט.

און בונעם האָט דאָס זייניקע אויסגעפֿירט. שוין צוואַנציק יאָר, אַז ער איז אַן ערד־אַרבעטער! אויך דאָס ווייב זיינס, די פֿינף קינדער — דריי טעכטער און צוויי זין, געבוירענע אין אַרגענטינע, — זיי זיינען אמתע פּויערים געוואָרן, זיינען צוגעבונדן צו דער ערד, צום דאָרפֿישן לעבן, זיינען געזונטע און שטאָלצע אידישע ערד אַרבעטער!...

ער האָט לאַנגזאַם אָנגעהויבן שפּאַנען באַם זוים פֿון פֿעלד, זיך איינגעהערט אין די צעזונגענע זאַנגען, די גינגאָלדיק־צעשיינטע און פֿולע און מיט טרויער, מיט טיפֿן באַדויערן ווידער אַ טראַכט געטון: — אַ שאָד נאָר, וואָס דער מענטש ווערט אַלט פֿאַר דער צייט! ער קען כמעט קיינמאָל ניט געניסן דעם נחת פֿון זיין גרויסן אויפֿטו. איבערהויפּט איצט קען ער, בונעם, די פֿרייד פֿון זיין אויפֿטו ניט געניסן!... ווייל ער ווייסט, אַז דאָס ברויט וואָס ער מיט זיין משפּחה האָבן פֿאַרזייעט, וועט ניט זעטיקן קיין אומשולדיקע קינדער, נאָר זיי, די מערדער פֿון מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, די גזלנים פֿון מיליאָנען שוועסטער און ברידער זיינע, די אייביקע קרבנות פֿאַר פֿרעמדע פֿאַרברעכנס. זיי, די מערדער, וועלן זיך זעטיקן מיטן ברויט וואָס אידישע הענט האָבן אויף די אַרגענטינער פֿעלדער פֿאַרזייעט! אַריינגעלייגט אין דעם טויזנט ברכות, דעם מאַרך פֿון די ביי־

נער, די ליבשאַפט, כדי די פּאַשיסטן זאָלן קענען אויסהאַלטן דעם קריג, שטאַרקן אין זיך דעם גיפט און די רשעות!...

בונעם איז שטיין געבליבן מיט אַ טיף געזונקענעם קאָפּ און מיט אַ מאָדנעם אַנגסט, מיט אַ צונויפגעדריקט יסורימדיק האַרץ, אויפגעכאַפּט דאָס אומרואיקע שושקען זיך פון די זאַנגען און געדאַכט האָט זיך אים, אַז דאָס ענטפערן זיי אָפּ אַף די תרעומות זיינע, גיסן זיך צונויף מיט זיין טרויער און ווילן ניט, פּונקט ווי ער, בונעם מיט זיין משפּחה, שפּייזן די מערדער פון דער וועלט!...

לייע, די עלצטע פינפאונצוואַנציק־יעריקע טאָכטער זיינע, מיט די טיפע חן־גריבלעך אין די פרישע ראָזע באַקן, די שטייפע ווי האַרטער גומי, זי האָט אַריינגעקוקט אין פענצטער פון צווישן אויוון, געזוכט דעם טאַטן. אים ניט באַמערקט, האָט זי אַרויסגעצויגן די הענט פון דער מול־טער מיטן טייג און מיט אַ טיפן ערנסט אין די ברוינע מאַנדל־אויגן זיך אַרומגעקוקט אין אַלע ווינקעלעך פון גאָרטן. עטלעכע שאָף מיט פעטע קוטשעראַווע רוקנס האָבן זיך געפּאַשעט אין טיפן גראָז, איינגעוועבטע אין אַ פאַרנאַכטיקן אומעט, וואָס האָט זיך אַרום דער טשאַקרע געשפּרייט. לייע האָט אַרויפגעגאָסן אַביסל בוימל אָפן טייג און קנעטנדיק, האָבן די אויגן אירע ווידער געבלאָנדזשעט ווייט איבערן גאָרטן, געגלעט דעם טיפן גרוב, די דעפּאָזיט פון וואַסער וואָס זי האָט געהאָלפן אויסגראָבן, געגלעט און שטומערהייט געבענטשט די פעלד מכשירים, וואָס זיינען צעוואָרפן געווען איבערן גאָרטן, די צוויי גרויסע וועגענער, די פערד וואָס האָבן רואיק געקייעט די פרישע אַלפאַלפאַ.

זי האָט אויסגעדרייט דאָס פּנים צו דער מולטער און מיט נחת אַריינגעשמייכלט אין שטייפן טייג, זיך געטריי געבויגן איבער דעם, ווי זי וואָלט געוואָלט אַריינקנעטן אַהין די געדאַנקען אירע, די בענקשאַפט און אויך דעם שווערן, דעם פיינלעכן געפיל וואָס שטעלט זיך אָפּ אין האַרץ בא איר און אַלע אברים נאָך יעדן מאָל וואָס זי קומט צוריק אַהיים פון בוענאָס איירעס, אַנטלויפט ווי פון אַ גיהנום... שוין עטלעכע מאָל, אַז סיי דער טאַטע אירער און אויך די מאַמע האָבן געפּועלט, אַז זי, לייע, זאָל אוועקפאָרן אין דער גרויסער שטאָט... אפשר וועט זי דאָרטן אַ נייעם ציל אין לעבן געפינען... און נאָך יעדן מאָל וואָס זי גיט זיי נאָך — קומט זי, לייע, אַהיים אַן אַנטוישטע... ווייל אין דער גרויסער שטאָט דרייט זי זיך כסדר אום ווי אַף אַן עולם התוהו, אַ פאַרלוירענע, מיט אַ גרענעצ־לאָזן עלנט אין דער נשמה, מיט אַ מאָדנער אומניכעדיקייט אין יעדן אבר...

דאָס אַלץ האָט לייע געוואָלט דערציילן דעם טאַטן אירן. און נאָך אַ זאַך האָט זי אים געוואָלט פאַרטרויען, כדי ער זאָל זי מער פאַרשטיין און אויפהערן צו טראַכטן, אַז זי, לייע, איז אַ באַדנלאָזער מענטש, איז צופיל פאַרטון אין אירע מיידלשע חלומות, פאַרטון אַף אַזוי ווייט, אַז זי האָט ממש אויפגעהערט צו זען די ווירקלעכקייט פון לעבן און טראָגט

זיך אַרום מיט געדאַנקען פון אַ דאָן קיכאָט. זאָל ער טאַקע וויסן, דער טאַטע, אַז דאָס האַרץ אירס איז אָנגעזאַפּט ווי אַ שוואָם, איבערפולט מיטן עלנט, מיט דער נויט, מיט דער שפלות וואָס זי האָט צווישן די, אָרעמע שיכטן אָנגעטראָפן...

לייען האָט זיך געדאַכט, אַז דער טאַטע האָט זי בכיוון אויסגע־מיטן, אַז אים בלוטיקט דאָס האַרץ.. האָט זי פאַרדריסלעך אַ שמייכל גע־טון, איבערגעטראָגן די בליקן פו זעלדען, דער קלענערער שוועסטער, וואָס איז געשטאַנען אויף די קני צווישן אויוון און מיט אַ קליין בערשטל גע־שמירט דעם אונטערשטן קאַנט אַרום אויוון. אַ גלייבער, אַ טונקל גרינער פּאָס, וואָס האָט זיך געטוקט אַקעגן די שמאָלע זון פּאַסמעס, וועלכע האָבן הינטערן קיך־פענצטער געצאַנקט.

— דו ווייסט, זעלדע, — האָט לייע פּלוצים די שטילקייט איבער־געריסן — איך האָב מיך ווידער איבערצייגט, אַז די גרויסע שטאָט מיט אַלע אירע שיינקייטן, איז פאַר אונדז, די אָרעמע דאָרפסלייט, ניט מער ווי אַן אָפּקומעניש, אַ צירק מיט פאַרשלאָסענע טירן! דו הערסט אַז ער־געץ שפּילט מוזיק, ס׳שווייבלט מיט פרייד, מיט געזאַנג און דאָך — ווילסטו נענטער ווי הינטער דער פאַרהאַקטער טיר ניט קומען אַהין!...

— איך! — האָט זי שטיל צוגעגעבן, — האָב מיך דאָרטן אומגעדרייט ווי אין אַ משוגעים־הויז, בין שיר פאַרצוקט געוואָרן פונעם אימפּעט, פו־נעם הו־האַ!... אָן אַ ציל האָב איך דאָרט געלעבט...

זעלדע האָט אָנגעשטעלט די טונקל בלויע אויגן אירע, די אָנגענו־מענע מיט אומרו און מיט בלויען ווינט אויף לייען און זי שווייגנדיק, נאָר ערנסט אָנגעקוקט. ווי זי וואָלט געוואָלט, אַז די עלטערע שוועסטער זאָל איר עפּעס וויכטיקעס, עפּעס פון די מיידלשע דערפאָלגן דערציילן... באַלד אָבער האָט זעלדע ווידעראַמאָל די שטילקייט איבערגעריסן, כדי אויסצו־מיידן, אַז לייע זאָל ניט לייענען די געדאַנקען אירע. — דערצייל מיר, לייע, ווי אַזוי לעבט דאָרטן די יוגנט?... זיינען זיי גליקלעכער ווי מיר דאָ?..

לייעס פּנים האָט זיך באַדעקט מיט אַ טיפן באַנג. — מיר דאַכט זיך, זעלדע, האָט זי מיט באַנג געענטפערט — אַז יענע יוגנט איז אינגאַנצן ניט אויף איר פּלאַץ. זיי זיינען אָנעמיש ניט נאָר פיזיש, נאָר טיילווייז אויך גייסטיק!... זיי ווייסן ניט ווי אַזוי אויסצונוצן, געניסן פון די גייסטיקע אוצרות, וואָס די גרויסע שטאָט גיט זיי... און דאָס פאַרדריסט, זעלדע! — האָט זי מיט ביטערניש פאַרענדיקט.

זעלדעס פּנים, דאָס ברוינע און קיילעכדיקע, די מילדע, צעשמייכלטע אַזוי אויגן, די אָנגענומענע מיט געזאַנג און מיט אַ צאַרטן, מיידלשן טרויער, דער פולער שטייפער בוזים אירער, די אַכצן געזונטע, צעבליטע און דאָרפיש פריידיקע יאָרן, אַלץ אין איר האָט זיך סטיכיש פון אָרט אַ ריס געטון. זעלדע איז ווי אַ צעבליטער און מיט צייטיקע פרוכטן שווער באַלאָדענער בוים לעבן דער מולטער שטיין געבליבן. ביידע שוועסטער האָבן זיך דורכגענומען מיט די שטומע בליקן, די אָנגענומענע מיט אַ גרע־

נעצלאָזער ליבשאַפט איינע צו דער אַנדערער, מיט געטרייקייט און מיט א טיפער פאַרשטענדעניש.

— איך מיין, לייע! — האָט זעלדע נאָך א לאַנגן צעשמייכלטן טראַכטן ווידער די שטילקייט איבערגעריסן, — אַז די מערהייט פון דער דאָרפישער יוגנט איז אויך ניט איינגאַנצן אַף איר פּלאַץ... צופיל האָפע־נונג האָבן זיי געלייגט אַף דער גרויסער שטאָט... און זיי זיינען אַנטוישט אין לעבן!... איך ווידער האָב פון קינדוויז אָן געשטרעבט צו ווערן א קאָ־לאָניסטקע, אי דָהאָב דאָס שוין באַלד דערגרייכט — האָט זי שטילער צו־געגעבן, אָנשטעלנדיק די ניט דרייסטע אַראָפּגעלאָזטע אויגן אין דער מול־טער — זיי וואָלטן נאָר באַדאַרפט פאָרן אַהין צוגאַסט, געניסן פון אַלע שיינקייטן און זיך אומקערן אַהיים געזונטע, באַפרייטע פון די איבער־געטריבענע אילוזיעס אַלע, אַפילו די חתונה געהאַטע, אַפילו די אַלטע לייט, וואָלטן דאָס איין מאָל אין יאָר באַדאַרפט צו טון!...

לייע האָט א מין שמייכל געטון און דערביי געטראַכט: ניין זעלדע, ווייזט אויס, ווייסט ניט, פאַרשטייסט ניט, א האַרץ אָן פרייד, אָן ליבע, א האַרץ וואָס בענקט, וועט קיינמאָל קיין מנוחה, קיין רו אינעם גרויס־שטאָטישן כאַאָס ניט באַקומען!... די דאָרפישע רואיקייט ווידער, די איינזאַמקייט, דאָס אויסבאַהאַלטן די געפילן, די יסורים פון א וואָולגאַרן אַרום — קען יאָ דערהויבן א מענטשן, אים לייטערן!...

זעלדע האָט א דורכדרינגלעכן קוק געטון אַף דער עלטערער שוועס־טער און ווידער באַמערקט דעם שטילן טרויער אין אירע אויגן, די בענק־שאַפט, וואָס ס'ציט זיך ווי זיידענע קאַנווע, געוואַשענע אין מענטשלעכע טרערן, וועבט זיך אין לייעס נשמה, נעסטיקט דאָרט שוין עטלעכע יאָר, זינט איסראַעל, לייעס חתן, איז אַוועקגעפאָרן קיין שפּאַניע, זיך פריוווי־ליק אָנגעשלאָסן צו דער לאַיאַלער אַרמיי און א לאַנגע צייט געהאָלפן שלאָגן די וועלט־שונאים — די פאַשיסטן. אויך זי, לייע, האָט זיך שוין געגרייט אַוועקצופאָרן קיין שפּאַניע, איז אָבער אָנגעקומען די לעצטע נייעס — דער חתן אירער איז דערהרגעט געוואָרן בא די טויערן פון מאַד־ריד, באַם העלפן פאַרטיידיקן די שטאָט. און לייע, האָט זעלדע פאַרשטאַ־נען, טראָגט זיך נאָך אַלץ אַרום סיי מיטן ווייטיק וואָס דער חתן איז אַזוי יונג אומגעקומען און אויך מיט דער בענקשאַפט נאָך אים. דער שענסטער, דער פעיקסטער און דער געוואַגסטער פון די יונגע קאָלאָניס־טישע זין איז ער געווען.

— איך מיין, לייע, — האָט זעלדע ווי פאַר זיך אַליין א מורמל געטון, אויסמיידנדיק דער שוועסטערס איראָניש־צעשמייכלטע בליקן — איך מיין, ס'וואָלט געווען געזונטער ווען מיר קענען זיך באַפרייען פון אַן אויספאַנטאַזירטער אידיליע!... ס'שטערט א סך מאָל דעם וועג צום אמתן גליק...

לייע האָט אַף איר אָנגעשטעלט די ברייטע, אויפגעריסענע אויגן,

אָנגענומענע מיט שטוינען, געוואונדערט האָט זי זיך אַף זעלדעס קלאָרן פאַרשטאַנד, אַף דער פּראַקטישקייט...

ארום זיי האָט זיך אַ מילדע שטילקייט געוועבט, אָנגענומען מיטן שוואַכן זשיפּען פון טאָפּ וואַסער אַפן פּריפּעטשיק און מיטן פּיינלעך, פאַרבענקטן מעקען פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער קו. לייע האָט גרינטלעך באַנומען דער שוועסטערס געדאַנקען און ס'האָט איר ווי געטון פאַרוואָס זעלדע האָט מורא, שרעקט זיך, פּונקט ווי די טאַטע־מאַמע זייערע, אַז זי, לייע וועט פאַרזיצן... זי וועט שטערן דאָס גליק פון די אינגערע שוועסטער אירע. זיי האַלטן זי, לייען, פאַר אַ לאַסט!... אַ טשוואָק!... זיי וועלן, ווייזט אויס, קיינמאָל ניט פאַרשטיין, אַז פאַר איר איז דאָס לעבן שענער, אינטערעסאַנטער, ווערטפולער מיט די ניט־אויסגעלעבטע חלומות, איידער מיט אַן אַנטווישטער ווירקלעכקייט!...

זי האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבן, זיך שטום ארומגעקוקט און באַלד ווידער די אויגן אַף זעלדען אָנגעשטעלט, אָנגענומענע מיט פאַרדרוס, מיט פאַרשטענדעניש און מיט פאַרגעבונג, אריינגעקוקט אין דער שוועסטערס רויט־געוואָרענעם פּנים, דעם פאַרשעמטן.

— איך מיין, זעלדע, — האָט זי שטיל און מיט באַדייטונג אַ זאָג געטון, — אַז דו מיינסט אַן ערנסטן שמועס טאָן מיט דיין בחור!... פאַרשטייט זיך, אויב ער מיינט דאָס ערנסט!... אויב יאָ, איז נישטאָ קיין שום מאָטיוו אָפּצולייגן דעם גאַנצן ענין אַף ווייטער... קיינער, שוועסטער מיינע, טאָר זיין שטיקל לעבן ניט מקריב זיין צוליב עמעצנס אַ שוואַכקייט!... איבעריקנס, מוזטו וויסן, — האָט לייע איראָניש אַ שמייכל געטון, — זוכט יעדער אויסגעשפּילטע קאָרט, יעדער אַלטער גיוועניק, אַ יונג מיידל, אַ צאַציק, איינע וואָס וועט זיי ניט בכוח זיין צו דערקענען ווי געהעריק... און זיי וועלן ארויסציען פון איר דאָס שענסטע, מיט איר יוגנט, מיט דער ריינקייט, אויסשפּילן די בלויזן פון זייער צעלאָזענעם לעבן!... באַ דיר, אָבער, מיט יאַנקעוון איז דער דאָזיקער ניט גלייכער פאַל אַבסאָלוט ניט פאַראַן — ביידע זענט איר יונג און פריש, פול מיט האָפענונג!... אַף וואָס נאָך ווארט איר?...

— רעד ניט אַזוי, לייע! — האָט זעלדע אינגאַנצן אַ גערירטע פון דער שוועסטערס גוטסקייט ספּאָנטאַן אויסגעשריען און געפילט, אַז דאָס האַרץ ווערט אין איר צעריסן פון יסורים און פון מיטגעפיל. — אויך דו ביסט אַ יונגע און שיינע מויד, די מענער, די בחורים האָבן נאָר צו גרויסע השגות, זיי ווייסן אפילו ניט וואָס אויסצואוויילן פאַר זיך...

לייע האָט געשוויגן. פאַרענדיקט דאָס קנעטן, האָט זי אָפּגעריבן די פאַרבליבענע שטיקלעך טייג פון אירע הענט, די קלאָרע און שלאַנקע, איבערגעשאַרט דאָס פייער אין אויוון און מיט די הענט אַ צעטרייב געטון די פונקען וואָס זיינען ווי קליינע גאָלדענע קייקעלעך איר אַ שפּרונג געטון אין פּנים, זיך אָנגעשלאָגן אין די אָנגעגליטע ציגל און באַלד צוריקגע־

שפּרונגען, זיך אינעם הויפן צעגליטן פייער, דעם באַדעקטן מיט רויטע און בלויע פייער־פּיילעכלעך, פאַרלוירן.

— ווען אַ מיידל, זעלדע — האָט ליזע אין פייער אַריינגערעדט — פאַרט אוועק פון דער היים, ווייל זי וויל אַנטלויפן פון זיך אַליין, ווייל זיך פאַרגעסן, וויל זוכן איר „גליק", איר צוקונפט, איז דאָס זיכער לאָגיש, ווייל יעדער מענטש, שוועסטער מיינע, אויב ער וויל ניט זיין קיין לעבע־דיק־באַגראָבענער, האָט אַ רעכט צו זוכן, ער מוז זוכן, דאָס וואָס אים פעלט. אָבער, ווען אַ מיידל גייט חתונה האָבן אָן ליבע, פּשוט אויס מורא צו פאַרזיצן, דאָס איז נאָך מער ווי פּחדנות, דאָס הייסט באַ מיר חוזק מאַכן אָדער אומברענגען זיך מאָראַליש און אויך אים, דעם צווייטן צד צעברעכן!... אויב איינער איז ניט אימשטאַנד גליקלעך צו מאַכן די פּער־זאָן מיט וועמען מען גייט זיך פאַרבינדן אַף אַ לעבן לאַנג, איז גלייכער אויסצומיידן דעם שריט...

זעלדע האָט פאַרטראַכטערהייט אַראָפּגענומען די בלעכענע פאָרמעס פונעם טיפן געזימס איבערן פּרימעסט און זיי אויסגעשמירט מיט בוימל. ליזע האָט אויסגעפלאָכטן די קויליטשן, זיי פאַרזיכטיק אַריינגעלייגט אין די פאָרמעס און באַשמירט פון אויבן מיט אַ צעקלאַפּט איי און מיט צו־קער. און אַרום זיי האָט ווידער אַ געמיטלעכע רואיקייט געשוועבט, אָן אָנגענומענע מיט שטילע, מיידלשע זאָרגן, מיט דערשטיקטע באַגערן און מיט אַ ווייכער, געדעמפטער גרינקייט, וואָס איז אין קליינעם קיך־פענצ־טערל געשטאַנען.

מיריאַם, די מאַמע זייערע איז אַריינגעקומען. אַ מיטלוואוקסיקע פרוי מיט גרויסע אויגן, טונקעלע, האַלב אויסגעלאָשענע און עטוואָס פאַר־טראַכטע פון צופיל שטריקן, ווייזט אויס. די האָר געדיכטע, שוואַרץ־גרויע און גלאַט פאַרקעמטע אַף אַרויף, אַזוי, אַז די טיפע קאַרבן אַפן ברייטן שטערן און אונטער די באַקן, די עטוואָס לויזע און נאָכהענגענדיקע, ווי די בייכער פון מאָגערע קאַטשקעס, האָבן מיט מוראַדיקער אַכזריות, מיט חוצפּה, אַראָפּגעשריען פון איר און זיך אַ וואָרף געטון אַף לייעס אויגן. אויך זי, מיריאַם, האָט די שטילע בליקן אירע אַף לייעס פּנים אָנגעשטעלט, בײדע האָבן זיך צעשמייכלט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אויסמיידן אָנצו־הויבן די געוויינלעכע טענות, וואָס ברענגען זיי כּסדר צו אַ לייכטן רוגז...

מיריאַם איז אַ ווײלע געשטאַנען, זיך עפּעס געישובט און באַלד זיך אַ לאָז געטון צום אויוון, איבערגעשאַרט דאָס פייער פון איין ווינקל אין אַנדערן און געהאַלטן אין איין זיפצן, טראַכטנדיק מיט רוגזה: — זיי, די היינטיקע קינדער, איבערהויפּט די מיידלעך האָבן אין זיך צופיל פּוסטן אָנשטעל... זיי זיינען אָבער ניט קיין זעלבסטשטענדיקע... זיי גלויבן ניט אין דער אייגענער מבינות!... און קומט זיי שוין יאָ אַמאָל אונטער אַ לייַ־טישער בחור, פאָרשן זיי אים צופיל, האַלטן אין איין זוכן מעלות און חסרונות און אַמענדע — פאַלן זיי דורך!... דאָס גוטע לאָזט זיך ניט ווענן און מעסטן צופיל...

זי האָט איבערגעדעקט די קויליטשן אַפן פרימעסט און זיפצנדיק צווישן די ציין געזייעט:

— אַ מיידל, לייע, אין דיינע יאָרן, וואָלט שוין ניט באַדאַרפט פלעכטן די קויליטשן בײַ טאַטע־מאַמע!... פאַרן אייגענעם הויזגעזינד באַדאַרפט צו זאָרגן!... פאַר אַ מאַן מיט אַ פּאָר קינדערלעך...

לייע האָט געשוויגן, נאָר דער מוטערס תרעומות האָבן אַ טיפן טרויער אין הארץ בײַ איר געוועקט. געוואוסט האָט זי, אַז סיי דער טאַטע און אויך די מאַמע האָבן זי, לייען, כמעט קעגן איר אייגענעם ווילן אין דער גרויסער שטאָט אוועקגעשיקט, זי אַרויסגעטריבן צו זוכן איר גליק און זי האָט דאָרטן געאַרבעט אין אַ וואַרשטאַט פון שניידערײַ, פאַרדינט נענוג אויסצוהאַלטן זיך און זיך צופּאַסן צום נייעם לעבן ניט געקענט. די גרויסע שטאָט האָט אין אירע אויגן אויסגעזען ווי אַ צעברויזטער ים, וואָס שפּײַט גרויזאַם אויס די שוואַכערע פיש, די וואָס האָבן קיין כוח ניט אײַנצוגלידערן זיך אין די צעוויגטע ערד־שיכטן באַם אָפּגרונט.

זי האָט דערפילט אױף איר פלייצע דער מאַמעס אומצופרידן פּנים, דאָס פאַרזאָרגטע, און די טריבע אויגן, פול מיט באַדויערן און מיט אומעט. לייע האָט זיך אויסגעדרייט צו איר מיטן פּנים:

— ניט דיינע קויליטשן, מאַמע! — האָט זי באַהאַרצט אַ זאָג געטון — האָבן מיך שוין צום דריטן מאָל פון דער גרויסער שטאָט צוריק געבראַכט. ניין, מאַמע! מיך האָבן דערינערונגען אַהער געבראַכט!... און נאָך אַ זאַך, דער פעסטער באַדן וואָס איך פיל דאָ אונטער מיינע פיס!...

מיריאַם האָט זי שטום אָנגעקוקט און די קנייטשן אַרום אירע אויגן האָבן זיך שאַטנדיק געוועבט אַרום דער טאָכטערס יעדער באַוועגונג. לייע האָט זי אַריינגענומען אין די הענט — טו אַ שידוך, מאַמע, מיט זעלדען!
— האָט זי אַרייַנגעשמייכלט אין דער מאַמעס פּנים, — זי האָט אַ טייערן בחור! יאַנקעוו, מאַמע, האָט זי ליב!... און מיך זאָלסטו צו רו לאָזן!...
— האָט זי שוין דראָענדיק צוגעגעבן, אויב דו ווילסט ניט, אַז איך זאָל גיין וואוינען בײַ פרעמדע... אַ מיידל, מאַמע, טאָר ניט מאַכן קיין איבעראייילטן שריט... ס'איז מיר ליבערשט צו וואַרטן אױף אַ פּאָר צופרידענע יאָרן, איידער, מאַמע, אָפּצוקוואַסן דאָס גאַנצע לעבן... וואוינען מיט אַ מענטשן, וואָס איז דיר פרעמד, וועמען דו ליבסט ניט...

— ווען אַ מענטש, מיין קינד, נעמט זיך אַריין אַ משוגענעם געדאַנק אין קאָפּ — האָט מיריאַם מיט ווייטיק געענטפערט און ניט אַראָפּגענומען די בעטנדיקע אויגן פון דער טאָכטער — ווען אַ מענטש טראַכט שוין, אַז פאַר אים איז מער קיין גליק ניטאָ פאַראַן, פאַרפאָלגט אים כסדר דאָס ביטערע מזל... מען טאָר ניט, לייעלע, אויפהערן צו האָפן און צו גלויבן!...

לייע האָט ביטער געשמייכלט. דער פאַרדרוס אין איר איז אָבער גרעסער געוואָרן. געוואוסט האָט זי נאָך פון קינדווייז, אַז אויך די מאַמע אירע האָט פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט נאָכגעבן דער באָבען, דאָרטן אין

צארישן רוסלאַנד, וואו זיי האָבן געוואוינט, ניט געוואָלט איבערלאָזן דעם חתן און ווערן אוים סאָציאַליסטקע... זי, די מאַמע, האָט געהאַט אירע אייגענע וועגן און שפּעטער אין פינפטן יאָר, ווען דער רוסישער צאַר האָט צוגעזאָגט דעם פאָלק אַ קאָנסטיטוציע און זיי אָפּגענאַרט, האָט די מאַמע אירע אייניקעם מיטן טאַטן געמוזט פון דאָרט אַנטלויפן, זיך קוים געראַטעוועט!... און אויך דאָ אין אַרגענטינע, האָבן זיי זיך די אייגענע אויסגעטראָטענע וועגן: קיינמאָל ניט געזוכט אַרויפצואַרבעטן זיך, ווי דער שטייגער איז שוין באַ די גרינע, יעדער ווינקעלע פון דער טשאַקרע איז סיי דעם טאַטן און אויך דער מאַמען ליבערשט, דאַכט זיך פונעם אייגענעם לעבן זייערן!... זיי זאָרגן ניט, וואָס דאָס גאַנצע פאַרמעגן, די האָרעוואַניע פון צוואַנציק יאָר איז כסדר פאַרמאַשקנט: נאָר פאַר איר, פאַר לייעס גורל זאָרגן זיי... די טאַטע־מאַמע ווייסן ניט, ווייזט אויס, וויפל פּיין זיי פאַרשאַפן איר דערמיט!... זיי קענען ניט פאַרשטיין, אָדער זיי באַמיען זיך ניט צו פאַרשטיין, אַז דאָס האַרץ אירס איז צעפליקט געוואָרן, ערגעץ דאָרט באַ די טויערן פון שפּאַניע, וואו דער חתן אירער איז געפאַלן!... און זי זעט אים דאָך אַ לעבעדיקן, אַ צעשמייכלטן און אַן אויפגעלייגטן, אַ פולן מיט גלויבן אין דער נייער וועלט אין וועלכער ער האָט אַזוי ערלעך געגלויבט!...

לייע איז געוואָרן אומעטיק, זי האָט אַ קוש געטון דער מוטער אין קאָפּ און פאַרטראַכטערהייט אָנגעהויבן אויסצושטעלן די פאָרמעס מיט אויפגעגאַנגענע קוילעטשן אָפּן זוים פון פּרימעסט און שטום געצויגן דעם פאָדעם פון אירע געדאַנקען: מעגלעך, אַז זי, לייע, איז טאַקע צו פרי אַלט געוואָרן... מעגלעך, אַז טאַטע־מאַמע גיבן זיך רעכענונג וועגן דעם און עס טוט זיי וויי. זיי פאַרדריסט וואָס זי, די עלצטע טאָכטער זייערע, האָט פון קליינערהייט געטראָגן דעם יאָך פון דער שווערער צייט, געליטן אייניקעם מיט זיי, די טאַטע־מאַמע און אויך געפרייט זיך מיט זיי. איינגעזאַפּט אין זיך די ליבשאַפט צו פרייהייט און צו גערעכטיקייט, געלערנט פון זיי דעם אויסדויער און דעם גלויבן, אויסגעהערט אַלע געשפּרעכן פון די געסט וואָס זיינען צו יענער צייט אָפּט צו די טאַטע־מאַמע אירע געקומען. שרייבער און אַרטיסטן, דאָקטוירים און גלאַט נייגעריקע אינטעליגענטן, קולטור לייט, מענטשן וואָס האָבן זיך באַגייסטערט פונעם געדאַנק וועגן אידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע און געקומען פון דער גרויסער שטאָט, פאַרבראַכט באַ די אידישע פויערים, אויסגעהערט די טענות זייערע, די פאַרדרוסגען און זיי אויך עצות געגעבן, אָנגעוואָרפן פּלענער, גרויסע האָפענונגען געלייגט, פאַרויסגעזאָגט אַ גרויסן, אידישן קיבוץ אין אַרגענטינע, אַ קולטור־ווינקל, וואָס וועט קאָנצענטרירן אַרום זיך די בעסערע אידישע מענטשן, איבערהויפּט די אידישע קאָלאָניסטישע יוגנט, די וואָס מוזן די פאָן־טרעגער פון דער אידישער ווירדע פאַרבלייבן!...

איצט, — האָט לייע מיט ווייטיק אַ טראַכט געטאָן — האָבן די טאַטע־מאַמע, ווייזט אויס פאַרגעסן, וואָס זיי האָבן אין איר איינגע־

פלאַנצט, זיי ווילן ניט וויסן, אַז אַ יונג ביימל קען זיך בויגן ביז צו דער ערד, אָבער ניט איינברעכן זיך, אַז אַ טאָכטער פון אַ אידישן אָרעמען קאָלאָניסט, האָט ניט אין זיך די אילוזיעס פון אַ בירגערלעכער טאָכטער, איינע וואָס כאָלעמט פון אַן אויסערגעוויינלעכן מאַן, אַזוינער וואָס וועט זי אין ערדישן גאַניידן אַריינפירן!... עס פאַרדריסט איר נאָר, לייען, וואָס די מאַמע גייט איר נאָך ווי אַ שטן... ערשט יענע וואָך, ווען זי איז צוריקגעקומען פון בוענאָס איירעס, האָט די מאַמע אויסגעהערט דעם געשפּרעך פון איר, לייען, מיט אַ בחור, אַ קאָלאָניסטישער זון, וואָס איז אַמאָל געווען איר חתנס אַ שילער, אַ טעמפּער שילער!...

— לייע, — האָט ער געטענהט, — בײַ מיר וועסטו ניט שמירן די שטוב און ניט מעלקן די בהמות... אַ שיין, אַ גוט לעבן ביזטו ווערט!...

— בײַ מיר איז די אַרבעט אַ שיינקייט, אַ פאַרגעניגן — האָט זי אים געענטפערט — זאָג מיר בעסער, שאַלעם, וואָס פאַר אַ ציימונגען לייענסטו איצט?... וואָס פאַר אַ מיינונג האָסטו וועגן דער לאַגע פון אַרבעטער אויף נאָך דער מילחמה?...

ער האָט זי שטום אָנגעקוקט און פאַרלוירן געשמייכלט. די מאַמע וואָס איז געזעסן פון ווייטנס און געשטריקט אַ סוועטער, זי האָט צו איר, לייען, אַ וואונק געטון, געדראָט מיט אַ בייזן בליק... שפּעטער איז שאַלעם אהיימגעפאָרן און זיך דערוויייל ניט געוויזן.

מיריאַם האָט אַרויסגעשאַרט דאָס פייער פון אויוון און ביטער געזיפצט. — אוודאי, — האָט זי אַ טראַכט געטון, — איז די לייע אירע אַ געראָטענע, אָבער וואָס איז די פעולה?... דעם בעסטן בחור האָט זי שוין סיי ווי אָנגעוואוירן!... און וואָס געראָטענער עס זיינען די קינדער, אַלץ אומרואיקער זיינען די טאַטע־מאַמע, עס טוט וויי ביז צום מאַרך פון די ביינער, וואָס די קינדער האָבן ניט קיין מבינות אויף זיך!... אַז די מערהייט פון די בחורים ווערן גאָר פאַרכאַפּט פונעם ביליקן... זיי זיינען שרעקלעך געשמאַקלאָז...

לייע האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון קיך, פון דער מאַמעס דאגות, ווי פון אַן ענגער פּאַסטקע. אויסגעשיט בײַ דער שטום אַן עמער מיט קערנער און אַ לאַנגן סווישטשע געטון. פון אַלע ווינקעלעך, פון אונטער די וועגענער, האָבן זיך מחנות מיט עופות אַ לאָז געטון צו איר, געשפּרונגען אַרום איר, געקוואָקעט און זיך ווילד געפּרייט. צוויי יונגע הינדלעך, וואָס לייע האָדעוועט יעדן טאָג מיט פאַרפאַרעטן בּאַפּושויע־מעל זיינען אַרויפגעשפּרונגען צו איר אויפן בוזים און זיך באַלד באַזעצט אויף די ווייסע, שיין געטאָקטע אָנטבלויזטע אָרעמס אירע. זי האָט זיך וואָרים צעשמייכלט און דער פאַרדרוס, די פאַרלוירנקייט, די שפּורן פון דער גרויסער שטאָט בײַ איר אויפן פּנים זיינען בלייכער געוואָרן, זיך אָנגעהויבן צו צעגיין ווי אַ שטיק אייז אונטער די וואַרעמע זון־שטראַלן.

ווידער האָט לייע דערפילט, אַז די זון איז ניט אינגאַנצן אויסגע־

לאָשן פאַר איר... זי האָט אַריינגענומען אַ הינדל אין די הענט און מיט ליבשאַפט אַריינגעטענהט אין איר בלייך, דערשראָקן שנאָבעלע:

— אומעטום, פייגעלך מיינע, קען לייע אביסעלע גליק געפינען!... אָבער די גרויסע שטאָט, דער קעסל־גרוב, וואו דער מענטש ווערט דער־טרונקען, יענע איז ניט פאַר איר, לייען... און זי וועט דאָס פאַר אַלע יונגע, קאָלאָניסטישע זין און טעכטער דערציילן!... ניי, זי וועט פאַר זיי קיין שום געדאַנק ניט אויסבאַהאַלטן! אַ שאָד, וואָס די מאַמע און אויך זעלדע, די אינגערע שוועסטער קוקן אַף איר ווי אַף אַן אויסגעשפּילטער קאָרט!...

און דער יאַנקעוו דעם שלאָסערס?... וואָס דרייט ער זיך אום ווי אַ נעבעטיקער... ער וואָגט ניט צו ריידן מיט איר, לייען!... און זעלדע ליידט! שרעקט זיך, צווייפלט... אָבער זי, לייע, וועט צו דעם ניט דער־לאָזן... די גוטע כוונות פון אַ מענטשן, די אַרבעטזאַמקייט מוז מיט דער צייט באַלוינט ווערן, זעלדע איז אים ווערט!...

בונעם איז צו דער טאַטער צוגעקומען, אַ שטילער מיט אַ לייכטן שטויב אַפן פּנים פונעם לאַנגן שפּאַציר צווישן די פעלדער און מיט אַ גרעניצלאָזער געטרייקייט אין די מילדע אויגן.

— לייע, — האָט ער שטיל אַ זאָג געטון, — וועסט מיך אפשר באַגלייטן אהיימטרייבן די בהמות פון פעלד?

זי האָט צו אים אויפגעהויבן די אויגן און וואַרים געשמייכלט.

— דו ווייסט גאָרניט טאַטע, פון וואָס איך האָב איצט געטראַכט?

דער „טשוואַק" דיינער — האָט זי מיט באַדייטונג צוגעגעבן — פּלאַנע־וועט שוין עפּעס נייעס!...

די נאָנטקייט אירע, דאָס פאַרטרויען זיך, האָט בונעמען אינגאַנצן צענומען, ס'האָט אַף אים אַ ווייע געטון מיט דער שטענדיקער וואַרעמקייט, דער טאַטערס, מיט יענער אַלטער פרייד און מיטן שטאָלץ, וואָס ער איז ניט קיין דורכגעפאַלענער ווי אַ סך פון די אידישע קאָלאָניסטן, וואָס די טעכטער זיינע און אויך די זין, זיינען געבוירענע קאָלכאָזניקעס... און דער טאַטע האָט זיך פאַרשעמט... ער האָט אויסגעמיטן צו קוקן אין לייעס קלאָרע, ברייט־צעעפנטע אויגן, די אָנגענומענע מיט ליבשאַפט צו אים און צו דער היים, מיט אַ גרעניצלאָזער געטרייקייט. — נאָך וואָס, צו אַלדע שווארצע יאָר, פּייניקט מען זי? — האָט ער פאַרדריסלעך אַ טראַכט געטון — מען טרייבט זי פון דער היים, אַף כוח וויל מען איר פאַרדרייען דעם קאָפּ.

אַ געבוינענער, אַ שטילער, איז בונעם אוועק הינטער דער שטוב און איז באַלד צוריקגעקומען מיט צוויי פערד, הויכע, ברוינע, פעטלייביקע און באַזאָטלטע. לייע האָט אים געהאָלפן אַרויפקריכן אַפן פערד און זי אַליין האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט בײדע הענט אינעם זאָטל פון איר פערד און מיט אַ פּאַראַדנע פאַריסענעם קאָפּ אַרויסגעריטן פון הויף.

ביידע, דער טאַטע מיט דער טאָכטער זיינען געריטן באַם זוים פון

פעלד און קיין וואָרט ניט גערעדט צווישן זיך. קענטיק געווען, אַז ביידע האָבן אָפּגעמאַכט מיט זיך אַליין מער קיין שום טענות איינס צום אַנדערן ניט צו האָבן, זיך קיין שום פאָרוואורף ניט מאַכן, נאָר לעבן געמיטלעך, אַרבעטזאַם, ווי דער שטייגער איז בא די אמתע געזונטע אַקערבויער. עס איז געוואָרן שפּעטלעך איבער דער טונקעלער צעטויעטקייט פון די אומענדלעך ברייטע שטחים פעלדער, האָט זיך אַ שטילע ביינהאַשמאָשעמדיקע מידקייט געוועבט, אָן אָנגענומענע מיט מנוחה, מיט פאַרטראַכטטראַכטקייט און מיט אַ דינעם טרויער. מיט טרויער איז לייעס פּנים באַדעקט געווען. פונוויטנס האָט געבליקט צו איר אַ קליין נידעריק שטיבל פון אַ פאַרלאָזטער טשאַקרע, דאָרטן האָט אַמאָל געוואוינט דער חתן אירער מיט די אַלטע טאַטע־מאַמע זיינע, דער איינציקער זון זייערער, וואָס איז געבליבן אַ קאַלאָניסט. שפּעטער נאָך זיין אומקומען אין שפּאַניע זיינען די אַלטע לייט געשטאָרבן, ניט געקענט איבערטראָגן דעם ווייטיק, וואָס דער מעזיניק זייערער, דער גרעאָטנסטער פון די זעקס גרעסערע קינדער — פיר זין און צוויי טעכטער — איז מער ניט צווישן די לעבעדיקע...

לייע האָט אַ זיפץ געטון און געדאַכט האָט זיך איר, אַז ערגעץ ניט ווייט פון שטיבל, ערגעץ צווישן די הויכע זאַנגען, שטייט ער, דער חתן אירער מיט דער קאָסע אין די הענט און שניידט אוים די ווילדע גראָזן. זיין באַליבטסטע אַרבעט געווען. דאָס ברוינע, ענערגישע פּנים זיינס, די שטאַרקע, ווייסע ציין, די צעשמייכלטע צוויי אויגן, די גאַנצע אימפּאָזאַנטקייט זיינע, טיילט זיך מאָדנע אוים פונעם בלייכן, גרינעם אַרום.

— ווער, לייע, — האָט ער איר געזאָגט דעם לעצטן טאָג פאַרן אָפּפאָרן קיין שפּאַניע, — ווער איז מחויב צו קעמפן פאַר אַ בעסערן מאָרגן, אויב ניט מיר, די יונגע מענטשן?!... די וועלט געהערט אונדז, די אַרבעטער!... און איך וויל זי מיר הערלעך פאַרדינען!... היט מיר אָפּ די אַלטע לייט מיינע!... אַז איך וועל קומען צוריק, וועלן מיר חתונה האָבן!... די ברידער מיינע מיט די שוועסטער זיינען רייך, זיי וועלן אהערצו ניט קומען, אַלץ וועט געהערן צו אונדז, צו דיר לייע!... ווייל דו ביזט די איינציקע, וואָס וועסט געטריי זיין צו מיינע אַלטע טאַטע-מאַמע...

בונעם האָט אַרויסגעפּילט זיין טאָכטערס בענקשאַפט, די פּיין וואָס באַהערשט זי נאָך יעדן מאָל, וואָס זיי פאָרן פאַרביי יענער פאַרלאָזטער טשאַקרע. און ער האָט אַ טרייב געטון זיין פערד, זיך דערנענטערט צו דער טאָכטער וואָס איז געווען ווייטער פון אים, אַריינקוקנדיק אין איר פאַרטראַכטן פּנים, צודרינגלעך אויסגערופן:

— לייע, ווי אַזוי איז די שטימונג אין דער גרויסער שטאָט?... מערקט זיך דאָרטן אַ פאַרדרוס צווישן די בעסערע קריסטן אין באַצוג צו דער אויסראָטונג פון די אייראָפּעישע אידן? אָדער איז די קריסטלעכע וועלט טויב און שטום?... גאָט די נשמה שולדיק?...

לייע האָט ברייטער צעעפנט די אויגן, אַ קוק געטון צום טאַטן מיט

אַזאַ צעשטרייטקייט, ווי זי וואָלט פּלוצים פון ערגעץ אַראָפּגעפאַלן. אירע ליפּן האָבן קאָנוואולסיוו אַ ציטער געטון.

— טאַטע, — האָט זי מיט אַ לייכטן ציטער אין דער שטים אויסגערופן — ווען ס'טוט ווי, דער שרייט, דער געוואַלדעוועט. דאָס שרייען אונדזערס, דאָס מאָנען יושר, האָט זיך אָנגעשלאָגן אין די פאַרהאַקטע אייזערנע טירן פון די גרויסע פּאַלאַצן... פון די פאַלשע משיחים... דריי פערטל פון דער מענטשהייט, טאַטע! — האָט זי כמעט אַריינגעשריען אין גענלן וואָלקן שטויב וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אַרום זיי — האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין איינפאַכע מערדער!...

— רייד ניט אַזוי, לייע, איך בעט דיך! — האָט בונעם נאָך אַ ווײַלע טראַכטן ווידער אַ זאָג געטון און דאָס פּנים זײַנס האָט אויסגעדריקט פאַרדרוס — די פעלקער, טאָכטער מײַנע, זיי זײַנען שטענדיק די אומשולדיקע מערדער אונדזערע. אָבער צו טייער, טאָכטער, באַצאָלן זיי דערנאָך פאַר דעם דאָזיקן „לוקסוס"...

זי האָט אויף אים אַ דורכדרינגלעכן קוק געטון, אַן אָנגענומענעם מיט ביטול און מיט פאַרדרוס. אויס אָפּשיי צום טאַטן, האָט לייע קיין וואָרט ניט געוואָלט ענטפערן. זי האָט אָבער ניט געקענט פאַרטראָגן, פאַרוואָס די אויסלענדישע אידן זײַנען אַזוי נאָכגיביק... פאַרוואָס נעמען זיי אויף מיט אַזאַ נאַטירלעכקייט יעדער רציחה, וואָס מען באַגייט קעגן זיי. פאַרוואָס געפינען זיי אַזויפיל זכותים?!...

— ניט אַנדערש, — האָט לייע אין טיפן ווייטיק ווידער אַ טראַכט געטון — אַז די נאָכגיביקייט זייערע נעמט זיך פון דעם לעבן אין אונטעריאָכטע לענדער, דאָרטן וואו די רעאַקציע איז באַלעבאָס... און דער איד האָט קיין רעכט ניט צו לעבן ווי אַ מענטש... און זיי האָבן זיך צוגעוואוינט צו לײַדן פון יעדן כוליגאַן... לײַדן פון יעדער געמיינער, אייזערנער פויסט, פון דער ביקס, פון זייער רשעות. אָבער זי, לייע, איז געבוירן אין אַ פרײַ לאַנד!... זי פאַרשטייט אַנדערש דאָס לעבן!... זי פילט שוין לאַנג מיט אַלע אירע חושים, אַז ווען עס האַנדלט זיך פון פאַרגיסן אומשולדיק אידיש בלוט, ווערן ניין און נײַנציק פּראָצענט פון דער קריסטלעכער וועלט, טויב און שטום!... דירעקט אָדער אומדירעקט, יעדער איינער וואָס שווײַגט, הייסט בײַ איר אַ צושטימער צום שרעקלעכן בלוט־באָד...

אין דער גרויסער שטאָט, — האָט זי זיך פּלוצים דערמאָנט, — ווען דער עלנט האָט זי אינגאַנצן דערדריקט און זי, לייע, האָט מער קיין מענטשן פאַר די אויגן ניט געוואָלט אָנקוקן, האָט זי זיך עטלעכע מאָל אַוועקגעלאָזט שפּאַצירן ווייט פון דער שטאָט און פונעם רעש. איין מאָל האָט זי זיך פּלוצים דערזען לעבן אַ גרויסן אינסטיטוט, וואו מען היילט קראַנקע חיות. זי איז שטיין געבליבן בײַ דער פאַרצוימונג און מיט נײַגיר באַטראַכט דעם פיין־צעבליטן גאָרטן אַרום אינסטיטוט און די צוויי דאָקטוירים, וואָס זײַנען געזעסן אויף אַ באַנק, אָנגעטון אין ווײַסע, דאָקטערשע כאַלאַטן און מיט ווײַסע, קײַלעכדיקע היטעלעך אויף די קעפּ. געהערט

האָט זי אַ הייזעריקן כריפּען פון קראַנקע הינטלעך, דאָס וויינענדיקע מיאוקען פון אַ קאַץ.

אין דעם, איז צום ברייטן שפּיטאָל־טויער צוגעפאָרן אַ גרויסער אויטאָ און אַן עלטערע דאַמע מיט אַ ווייסן קאָפּ האָר ווי שניי איז פון אים אויסגעשטיגן. אַ שלאַנק דינסטמיידל אין אַ ווייסן פאַרטעך מיט צוויי ברייטע שלייפן פון הינטן האָט איר נאָכגעטראָגן אַ ווייס קודלאַטע הינטל, אַן איינגעהילטס אין אַ ווייס וואָלן שאַרפעלע. די דאָקטוירים זיינען צו־געגאַנגען צו דער עלטערער דאַמע, האָבן איר וואַרים געדריקט די האַנט, קענטיק אַן אַלטע באַקאַנטע שוין...

זי האָט אַרויסגענומען דאָס קראַנקע הינטעלע פון דער דינסטס הענט און אָנגעשטעלט אַ צעוויינט פּנים אויף די צוויי דאָקטוירים. אויך זיי, די דאָקטוירים זיינען געוואָרן ערנסט, עפּעס האָבן זיי געטענהט מיט דער אַלטער. לויט די זשעסטן מיט די הענט, וואָס זיי האָבן געמאַכט, האָט זי, לייע, פאַרשטאַנען, אַז דאָס טרייסט מען זי, די מאַמע פון הינטל, מען גיט איר גוטע האָפענונגען... באַלד איז פון אַ ברייטן קאָרידאָר אַרויסגע־קומען אַן עלטערע קראַנקנשוועסטער, זי האָט צוגענומען בײַ דער אַלטער דאָס הינטל און געהאַט דערביי אַזאַ צעבראָכענע מינע, גלייך ווי די וועלט אירע וואָלט זיך פּלוצים אַ וואַקל געטון...

די אַלטע איז געבליבן שטיין ווי געפּלעפט, מיט פאַרבראָכענע הענט עפּעס נאָכגעשריען דער קראַנקנשוועסטער, וואָס איז צוריק פאַרשוואונדן אינעם ברייטן קאָרידאָר־טויער, מיטנעמענדיק מיט זיך דעם חולה...

זי, לייע, איז געוואָרן נייגעריק... איז צוגעגאַנגען צום אויטאָ, גע־וואַרט ביז די אַלטע מיט דער דינסט זיינען צוריקגעקומען. אויך די דאָק־טוירים האָבן זיי באַגלייט. ווען די אַלטע איז שוין מיט איר גאַנצער נגידישער ברייטקייט געזעסן אינעם ווייכן זיץ, האָט זי אַריינגענומען דאָס ווייסע, געפּודערטע פּנים אין ביידע הענט, דאָס געקנייטשטע ווי אַן אָנ־געראָקטע הענטשקע און זיך ביטער צעוויינט.

— אָבער ס׳איז דאָך אים גאָרניט, — האָט איינער פון די דאָק־טוירים געפּרואווט טרייסטן די אַלטע. ער האָט שוין ווידער אַמאָל גע־כאַפּט אַ שווערן ביסן, דער נאַשער! ער וויל ניט ווייסן, אַז די גראָבע קישקע זיינע איז אַביסל דעליקאַט...

די אַלטע האָט זיך אַביסל באַרויִקט און דורך טרערן גערעדט צום דאָקטאָר:

— ווען זאָל איך קומען נאָך אים? אָרעמער טשיטשיע מיינער... ווי שטאַרק ער וועט נאָך מיר בענקען!... היט מיר אים אָפּ, איך בעט אייך, הער דאָקטאָר! — האָט זי מיט אַ טיפן טרויער צוגעגעבן — ער איז פון אַ פיינער ראַסע, מיין טשיטשעלע...

— געוויס, ליבע פרוי, וועלן מיר אים אָפּהיטן! — האָט זיך אַריינ־געמישט דער אַנדערער דאָקטאָר, — איר מעגט אונדז געטרויען! — האָבן די מילדע, בלויע אויגן זיינע אויף דער אַלטער גערוט. — אויף דעם האָבן

מיר דאָך אַן אינסטיטוט! אַף דעם מוזט איר וויסן, האָבן גרויסמוטיקע מענטשן געשאַפן די געזעלשאַפט צום באַשיצן די חיות, נעבעך!...

לייע האָט זיך ביטער צעשמייכלט און געפילט דערביי, אַז דאָס האַרץ אירס האָט זיך צונויפגעדריקט נאָר צום פּלאַצן. — אָבער ווען עס האַנדלט זיך פון אומבּרענגען מיליאָנען יונגע אידישע קינדער — האָט זי מיט שרעק און מיט ווייטיק אַ טראַכט געטון — ווען מען באַגראָבט זיי לעבע־דיקערהייט, נאָכן אויסצאַפּן דאָס לעצטע ביסל בלוט פון די פאַרטרוקנטע גופים זייערע, צום היילן די דייטשישע קאַניבאַלן; ווען מען שטיקט זיי אויס אין די גאַז־קאַמערן פאַר די אויגן פון זייערע אומגליקלעכע אידישע טאַטע־מאַמע, דעמאָלט זיינען זיי אויסגעשטאָרבן, די גרויסמוטיקע לייט!... אריין איז דעמאָלט אין דער ערד די אַלוועלטלעכע קריסטלעכקייט!...

לייעס פּנים איז באַגאָסן געוואָרן מיט אַ פינצטערן אַנגסט.

— איך האָס, טאַטע! — האָט זי אַנגסטלעך אויסגערופן — די אַלע פאַלשע משיחים, די אַלע קעמפער פאַר מענטשן-רעכט!... אויך זיי האָבן אַ גרויסן חלק אין דער גרויסער וועלט־טראַגעדיע, און נאָך מער — אינעם שרעקלעכן חורבן פון אונדזער פאָלק!... אוי, טאַטע! — האָט זי דורך דערשטיקטע טרערן שטילער צוגעגעבן — איך שעם זיך צו לעבן אַף אַזאַ פאַרדאָרבענער וועלט... איך שעם זיך מיטן נאָמען מענטש... מיטן נאָמען פרוי...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, אומרואיק אַ קלאַפּ געטון מיטביידע פיס אין פערדס זייטן און איז ווידער אַרויסגעריטן אַף פאַהוים. בונעם איז איר שווייגנדיק נאָכגעריטן און זיך נישט געוואונדערט אַף זיין טאָכטערס שטאָלץ. זי איז אים אויסגעוואַקסן אַף די פרייע אַרגענטינער פעלדער — האָט ער מיט ניט ווייניק פרייד אַ טראַכט געטון — זי האָט געהאַט דאָס גרויסע גליק ניט אָנצוטרעפן זיך מיט דער אָפענער, קראַנקער שינאה צו אידן, דאָס גליק פון ניט קענען קיין פּאָגראָם און די מערדערישע פּאָגראָמ־העצער, יענע נידעריקע ברואים וואָס לעבן, געפינען זיך אין יעדן לאַנד און אויך דאָ אין אַרגענטינע, וואו זיי וואַרטן אַף דעם „ליכטיקן" טאָג זייערן...

---

בלומע, בונעמס מעזינקע, די הויכגעוויקסיקע מיטן בלאָנדן פאַר־שייטן קאָפּ, איז מיט איר כסדרדיקער אויפגעלעבטקייט אַריינגעריטן אין הויף. אָנגעטון אינעם ווייסן, געפאַלדעוועטן שול־פאַרטעך און מיט אַ ברייטן לעדערנעם טאַש אַף די פּלייצעס, אַ פולן מיט שול־העפטן און מיט ביכער. מיט אַן אינגלישער געשיקטקייט אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד, אַראָפּ־גענומען דעם טאַש פון די פּלייצעס און אויסגעשריען מיט זאָרגלאָזער חוצפה פון אַ מעזינקע, וואָס ווייסט, אַז סיי טאַטע־מאַמע און אויך די עלטערע שוועסטער מיט די ברידער האָבן זי ליב.

— מאַמע, איך וויל עסן!... מאַמע, דו הערסט וואָס מען רעדט צו דיר?...

— זע נאָר, דו! — האָט מיריאַם צוריקגעענטפערט פון דער קיך — אַזאַ חוצפה האָב איך פון קיין שום קינד מײַנעם ניט געזען!... אַ ברויט-געבערן מײַנע! גיב בעסער דעם פערד אַ טרינק וואַסער און מאַך מיך ניט גליקלעך, סאָלאָווייטשיק מײַנער!...

בלומע האָט צעלאַכעסדיק געשמייכלט, איז אַרײַנגעלאָפן אין שטוב, אויסגעטון דעם פאַרטעך און אײַנײַנעם מיטן שול-טאַש, אים אַ וואָרף געטון אויפן אַלטן דיוואַן.

מיריאַם איז צו איר צוגעגאַנגען, איר דערלאַנגט אויף דער אייזערנער פאַקרישקע אַ הייסן קניש מיט קאַבאַק: — עס פּריער אויף — האָט זי אַ דראָע געטון מיטן ווײַזפינגער — און דערנאָך וועסטו מיר ריין מאַכן דאָס לאָקשן ברעט מיט דער מולטער. זאָלסט גוט אָפּשאָבן דאָס טרוקענע טייג, פוילעניצע מײַנע, טויגעניכץ, סאָלאָווייטשיק, נאַר...

בלומע האָט אַ זאַטן קוק געטון אויפן קניש און באַלד די אומצו-פרידענע בליקן אויף דער מאַמעס פאַרפלאַמטן פּנים איבערגעטראָגן, זיך ספּאָנטאַן אַ לאָז געטון צו איר און זי אַרומגעכאַפּט, געגעבן דער מאַמען איין קוש אין דער רעכטער באַק און נאָך איינעם אויף דער לינקער: — נאַ דיר, מאַמע, פאַרן קניש מיט קאַבאַק!... — האָט בלומע מיט אַ זויער פּנים אַ לאַך געטון — זיי גייען מיר שוין אויף צוריק, די טײַערע מאַכליב-דײַנע!

מיריאַם האָט זי מיט אַ געמאַכטער רוגזה אָפּגעשטופּט פון זיך און איר ווידער דעם קניש אונטערגעטראָגן:

— עס אויף בלומקע, רעד איך צו דיר, ווײַל די אַרבעט שטייט ניט אויף אַן אָרט — און אַ דראָע טוענדיק מיט די געטרײַע וואַרעמע בליקן, צו-געגעבן — אַ מענטש אָן אַן עול אויפן קאָפּ, איז אַ גאָרנישט מיט אַ נישט!...

בלומע האָט אַרײַנגעטענצלט אין קיך און קײַענדיק אויף ביידע באַקן געשאָבן די מולטער און אַלע מאָל אַ זינג געטון: אוי מאַמע, איך בין פאַרליבט!

מיריאַם האָט אָפּגעקערט מיט אַ פלעדערוויש דעם לייכטן שיכט אַש פון די הייסע קוילישן און זיי אויסגעלייגט אויף דער פּאָליצע איבערן פּרימעסט:

— געראָטענע טעכטער, מײַן קינד — האָט זי פאַרדריסלעך צו בלו-מען אַ זאָג געטון — זייגען אַ ברכה פון גאָט. זיי נעמען אָבער ניט אַוועק די זאָרג בײַ טאַטע-מאַמע!... אַז די קאָלאָניסטישע בחורים האָבן היינט באַקומען שפּילקעס אין די פּיאַטעס... מען לויפט אין דער גרויסער שטאָט אַרײַן!... מען זוכט גליקן ערגעץ בײַ די געלט-זעק... און דאָס היימישע קינד, אַפילו דאָס בעסטע, האָט בײַ זיי קיין ווערט ניט! יעדער שלאַק, אַ נעכפּע, איז בײַ זיי דאָס בעסטע, אַבי דאָס פרעמדע!...

בלומעס אויגן, די בלויע און לעבעדיקע, די אָנגעפּולטע מיט גע-

זאַנג, מיט פרייד, האָבן זיך צעשמייכלט מיט אַ מאָדנער פאַרריסנקייט. זי האָט אַרויפגעלייגט ביידע הענט אַף די קליבעס, די שמאָלע, כמעט קינדישע און זיך אַ צעוויג געטון אַקעגן דער מאַמען.

— פון מיינעטוועגן, אַלטע — האָט זי אויסגערופן מיט דער האָזע פון אַ ניט דערפאַרן מיידל, וואָס מיינט אַז די וועלט איז אין איר פאַרליבט — קענען זיי, די דאָרפישע בחורים לויפן אַפילו קיין בויבעריק... איך וועל דאָ סיי ווי קיין סך ניט פאַרבלייבן... איך וועל אַוועקפאָרן אין דער גרויסער שטאָט ענדיקן אַף לערערן!...

מיריאַם האָט זיך ביטער צעשמייכלט, דער טאָכטערס פאַריסנקייט האָט דערוועקט אין איר אַ לייכטע אייפערזוכט, אַ שטילן טרויער, אַ ביטול צו דער אַרגענטינער יוגנט, צו זייער גרעניצלאָזן עגאָיזם. באַלד אָבער האָט זי פון ביידע עלטערע מיידלעך אַ טראַכט געטון און אומפאַרשטענדלעך מיט די אַקסלען געצויגן. — פון איין בוים, מיין קינד! — האָט זי מיט פאַרדרוס אַ מורמל געטון — זאָגן די רוסן, אַ צלם און אַ לאָפּעטע... די עלטערע שוועסטער דיינע, זיי ווילן אַפילו ניט הערן פון דער גרויסער שטאָט... דער דאָרף איז זיי טייער ווי דאָס אייגענע לעבן...

— ווייל זיי זיינען אידעאַליסטקעס! — האָט בלומע עקשנותדיק אָפּגעענטפערט, — זיי מאַמע, וועלן שוין שטענדיק ליידן. אין דיר און אין טאַטן זיינען זיי געראָטן!...

די מאַמע האָט אַרויסגעלייגט דעם קויליטש פון די הענט און אָפּגעמאָסטן בלומען מיט די ווייכע, באַליידיקטע בליקן אירע. מיריאַם האָט זי לאַנג און שווייגנדיק אָנגעקוקט. איר איז שווער געווען צו טראַכטן, אַז די פופצן־יאָריקע מעזינקע אירע גרייט זיך אַריבערצושפּרינגען איבערן ווילן, איבערן אויסדרויער פון די עלטערע קינדער, יענע וואָס טראָגן פרייוויליק דעם שווערן עול פון די טאַטע־מאַמע זייערע. יענע, די עלטערע קינדער ווייסן, אַז דער וועג פון טאַטע־מאַמע איז געווען אַ שווערער, אָבער אַ זויבערער, פול מיט זונען און מיט האָפענונג...

בלומע האָט אַ גנבישן קוק געטון אַף דער מוטער, אַרויסגעפילט דעם טרויער אירן און זיך פאַרשעמט, חרטה געהאַט אַפן אָפענעם אַרויסזאָגן די באַהאַלטענע כוונות.

— אַוודאי מאַמע, — האָט זי שוין שטילער און פאַרשולדיקט צוגעגעבן, שאָבנדיק פלעגמאַטיש די מולטער — אַוודאי מוזן זיי אַנטלויפן פונדאַנען, די קאָלאָניסטישע בחורים, ווייל דאָ האָבן זיי ניט קיין צורקונפט... קיינמאָל האָבן זיי קיין מעגלעכקייטן ניט צום קאָלאָניזירן זיך!... אָן געלט טוט מען גאָרניט אויף! און פאַרוואָס מאַמאַ, — האָט זי מיט פאַרדרוס דעם קאָפּ אַ פאַרהויב געטון — פאַרוואָס זאָל אַ מיידל ניט ווערן זעלבסטשטענדיק?!... ווען אַ מיידל וויל זיך אויסטרעטן איר אייגענעם וועג אין לעבן, איז ניט קיין חוב זי זאָל זיך נאָכשלעפּן די טאַטע־מאַמע, די עלטערע ברידער און שוועסטער אירע...

— וואָס־זשע, בלומע, — האָט מיריאַם קאַלט געענטפערט און זי

דורכגענומען מיט פּאַרדריסלעכע בליקן — דאָ אין דאָרף צווישן די פּויע־רים־קינדער שטייט דיר ניט אָן צו ווערן אַ לערערקע?!... שוין צופיל חוצפּה פאַר אַ טאָכטער פון אַן אָרעמען אידישן קאָלאָניסט!

בלומע האָט מער קיין מוט ניט געהאַט אָפּצוענטפערן דער מאַמען. אינגאַנצן אַ באַזיגטע איז זי אַרויס פון קיך, דורכגעשוועבט דעם גאָרטן און מיט אַ צעטראָגענעם בליק שטיין געבליבן לעבן דער אָפענער טיר פון אַ קליין הילצערן קעמערל מיט אַן אַלטן שטרויענעם דאַך, וואו זעלדע האָט זיך נעפונען. אַ שטילע און אַ פאַרטוענע אין דער אַרבעט, איז זעלדע געשטאַנען אויף די קני, אַן אַרומגערינגלטע פון גרויסע, פולע טעפּ מיט סמעטענע און פאָרזיכטיק מיט אַ גרויסן הילצערנעם לעפל אַראָפּגענומען די אויבערשטע סמעטענע און זי אַריינגעוואָרפן אין אַ גרויסן אויסשלאַג־דייזשקעלע. אַרום איר איז אַ שטילע טונקלקייט געשטאַנען, אָן אָנגענו־מענע מיט ריחות פון זויערמילך, פון יונגער סמעטענע און פון גרינעם ניט אויסגעצייטיקטן גערשטן.

— מיט לייען, איז ווייזט אויס ווידעראַמאָל ניט גוט!... — האָט זי מיט ווייטיק אַ טראַכט געטון — דער חתן אירער וועט שוין קיין תחית המתים ניט אויפשטיין!... און לייגט זי שוין יאָ אַמאָל אַן אויג אויף אַ בחור, זיינען פאַראַן אַנדערע שטערונגען... נדן... לייע איז אַ שטאָלצע. זי האָט ניט געוואָלט אַנטלויפן מיטן זון פון אַ רייכן קאָלאָניסט, ווייל די טאַטע־מאַמע זיינע האָבן געוואָלט נדן! האָט ער זיי אָבער אָפּגעטון אויף צו להכעיס: ער איז אַוועק וואוינען מיט דער עלצטער טאָכטער פון זייער פּעאָן און האָט שוין מיט איר אַ קינד!... אַ שוואַרץ גאַוטשעלע!... אינגאַנצן דאָן איגנאַסיאָ, דעם ווייבס טאַטע!... און ווער ווייסט, וואָס צווישן איר זעלדען מיט יאַנקעוון וועט נאָך פאָרקומען — האָט זעלדע אַ שווערן זיפץ געטון און דאָס פּנים אירס האָט זיך באַדעקט מיט טרויער, — אים פאַרשטייט זי, דאַכט זיך, אינגאַנצן ניט! ווען אייגנטלעך מיינט ער פּאָרט?... ווען לייע איז אין דער היים ניט געוועזן, איז יאַנקעוו אַלע טאָג געקומען צו־גאַסט, אַמאָל שפּאַצירט מיט איר, מיט זעלדען, עט ווייט צווישן די פּעל־דער, איר געמאַכט קאָמפּלימענטן און גלייכצייטיק נאָכגעפרעגט אויף לייען.

— זעלדע, וואָס שרייבט דיין גרויסע שוועסטער?... דענקט זי טאָקע פאַרבלייבן אין שטאָט? — און אַמאָל האָט יאַנקעוו פאַרבראַכט מיט די טאַטע־מאַמע און איר, זעלדען, קיין איבעריקע אויפמערקזאַמקייט ניט געשענקט; איצט ווייסט זי ניט, צי וויל יאַנקעוו בעטן איר, זעלדעס האַנט און וואַגט ניט צו פאַרשעמען די עלטערע שוועסטער, אָדער, מיינט ער גאָר לייען!...

אויך די מיידן פון די אַרומיקע קאָלאָניעס לויערן אַרום אים!... אָך, ווי זיי פרעסן אים אויף מיט די זשעדנע בליקן!... — האָט זעלדע ווידער געצויגן דעם פאָדים פון אירע געדאַנקען. — וויפל מאָל זי גייט מיט אים אויף אַ באַל, צי אויף אַן אַנדערן יום־טוב, קומט זי טאָקע אַהיים אַן אומ־רואיקע, אַ צעבראָכענע. מיט וואָס אַ שטייגער קען אַ מיידל זיין זיכער

מיט דער ליבשאַפט פון אַ בחור? אַז די ליבשאַפט, דאַכט זיך איר, זעלדען, איז נאָר געראָטן אין אַ זומער־פייגעלע, — זי האָט זיך פיינט צו האַלטן לאַנג אַף איין אָרט...

בלומע האָט מער ניט געוואָלט שטיין ווי אַ געפּענטעטע, מיטן גאַנצן בייגיער פון אַ יונגערער שוועסטער האָט זי נאָכגעפּאָלגט זעלדעס טראַכטן, יעדן אויסטיקן אויסדרוק פון געזיכט און באַלד אַ פּאַטש געטון מיט ביידע הענט אינדערלופטן, אויסזינגענדיק מיט פּאַטאָס:

„אוי מאַמע, איך בין פאַרליבט!...
איך קען באַנאַכט ניט שלאָפן
און קען באַטאָג ניט עסן — ווייל יאַנקעלע מיין אוצר
ער האָט אין מיר פאַרגעסן!...

זעלדע האָט זיך אַ כאַפּ געטון מיט ביידע הענט פאַרן האַרצן און אָנגעשטעלט אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן אַף דער שוועסטער, אָנגעפולטע מיט נעבעט און מיט אַ טיפער בענקשאַפט:

— ביסט אַ שלעכטע, בלומקע, און אַן אומדערטרעגלעכע!... — האָט זי מיט פאַרדרוס אַ זאָג געטון — דו גלויבסט ניט קיינעם, ווייל דו האָסט נאָך פון קיין ליידן ניט געוואוסט! לעבסט דיר פריי און גליקלעך ווי דער סאָלאָוויי אין וואַלד.

זי האָט זיך ווידער צו דער אַרבעט גענומען און פאַרדאַגהט גע־טראַכט:

—אויב יאַנקעוו קומט ניט היינט, איז ניט! דאָרטן אַף דער פאַר־זאַמלונג פון פּאָנדאָ קאָמונאַל זיינען אַ סך שיינע קאָלאָניסטישע טעכטער פאַראַן, געוואַגטערע פון איר, זעלדען, און רייכע!... מען וועט אים צונע־מען בא איר!... און אויב יאַנקעוו זאָל ניט זיין איר מאַן, דער טאַטע פון עטלעכע קינדער אירע, אַזעלכע באַכיינטע און געזונטע טאַטע ווי יאַנקעוו אַליין איז, לוינט זיך אַפילו ניט צו בלייבן אַ קאָלאָניסטקע!... סיידן!... — האָט זעלדע פּלוצים אַרויסגעבראָמט — ער זאָל בלייבן צווישן איינענע!... זי וועט ניט חתונה האָבן מיט קיין אַנדערן בחור, נאָר אָפּהיטן די קינדער־לעך זייערע — לייעס און יאַנקעווס...

— אוי ביזטו פאַרליבט זעלדע, איבער די אויערן! — האָט זיך בלומע צעלאַכט — און איך זאָג דיר, אַז יאַנקעוו האָט דיך אויך ליב!... ער איז אַ גוטער מבין, דער כיטראַק!...

זעלדע האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט פייכטע, דאַנקבאַרע בליקן אַרומגענומען די קלענערע שוועסטער, שווייגנדיק אַרומגעוויקלט די רעכטע האַנט אַרום בלומעס טאַליע, זיינען זיי אַוועק טיפער אין סאָד. ביידע, — פעסטע מיט ברייטע געבלימטע פאַרטעכער אָנגעטון און מיט שווערע היל־צערנע שיך אַף די באָרוועסע פיס, זיינען זיי פאַרשוואונדן צווישן די גע־דיכטע, נידעריקע מאַראַנצן־ביימלעך און מיט אַ טיפן ערנסט, מיט גע־טרייקייט זיי באַקוקט און באַשיט איניקע צווייגן מיט אַ ווייסן פּראָשעק,

וואָס טויט אָפּ די מיקראָבן. ארום זיי האָט זיך אַן אומענדלעך טיפע בלוי־קייט געוועבט, אַן אָנגענומענע מיט שטילע און נישט ארויסגעזאָגטע מיידלשע דאגות, מיט אַ זיסער פּיין.

זעלדע האָט ארויסגעליינגט פון די הענט דעם פּאַפּיר מיטן פּראָשעק, זיך אומגעדרייט מיטן פּנים צו דער שוועסטער און אויפגעהויבן ביידע הענט אין דער לופטן, דער שטייפער בוזים האָט זיך אַ צעוויג געטון און די ביינער אירע, די אָנגענומענע מיט לעבנס־זאַפטן, מיט דאַרפישער געזונטקייט און מיט קראַפט, האָבן אַ קנאַק געטון, זיך בויגעוודיק נאָכגעגעבן, געוואָרן עלאַסטיש איינינעם מיט דעם צעבליטן קערפּער אירן.

— אָט זעסטו שוין, זעלדע! — האָט איר בלומע אריינגעשמייכלט אין רויט געוואָרענעם פּנים, — אַז דו ביסט יאָ פול מיט גלויבן!... ווייל דאָ וואו ס'איז נישטאָ קיין ליבע, איז אויך נישטאָ קיין גרויסער לוסט צום לעבן... קיין פרייד, קיין שום דערוואַרטונג!...

— קינדער, זעלדע, בלומקע! — האָט זיך דער מאַמעס קול ווי פון ערגעץ ווייט דערטראָגן צו זיי — וואו זיינט איר אהינגעקומען? די אַר־בעט שטייט ניט אָפּ קיין אָרט!... מען דאַרף באַלד אויסמעלקן די קי.

זעלדע האָט אַ פּאַטש געטון מיט ביידע הענט אין דער לופטן און זיך געלאָזט לויפן. די שטייפע, הויכע גראָזן האָבן געשמיסן די צוויי הויכע, פיין־געטאָקטע און ברוינע הירשן־פיס אירע און אָנגעווייעט מיט פאַר־גאַכטיקער פרישקייט, נאָר געדאַכט האָט זיך איר, אַז פון אומעטום ווייעט מיט פאַרנאַכטיקער פרישקייט, נאָר געדאַכט האָט זיך איר, אַז פון אומע־טום ווייעט נאָר מיט יאַנקעווס פרישן אָטעם, דעם וואַרעמען און באַ־שמעקטן מיט יונגן גערשטן און ליאָן, מיט רויזן-זאַפט און מיט שטיקער בלויע פרילינגס־ווינטן...

אויסגעשפּרייט אַ ווייס טישטעך אָפן לאַנגן טיש און אוועקגעשטעלט אַ גרויסע ערדענע שיסל מיט סמעטענע און אַ טעלער מיט פרישן קעז און מיט אָפּגעזאָטענע אייער איז זעלדע ווידער ארוים אָפן גאַניק. מיט ביידע הענט אָף די קליבעם אָנגעזעצט האָבן די פאַרבענקטע אויגן אירע אַ שוועב געטון ווייט ארום די פעלדער און עמעצן געזוכט... מיריאַם האָט זיך באַ־וויזן אין דער אָפענער טיר און מיט אַ טיפער זאָרג אין קול אין דער טאָכטערס פלייצעס אריינגעטענהט:

— פראַדל די לאַנגע איז דאָ געווען. שוין אַ צווייטע נייעס גע־בראַכט. דעם אַלטן זעליגס אייניקל האָט זיך באַנאַרישט. איצט וואוינט זי שוין מיט אים, מיטן שוואַרצן פונדיק... אַ מגיפה, מיין קינד, האָט זיך אריינגעכאַפּט אהער!... די קאָלאָניסטישע טעכטער זיינען משוגע... — האָט זי מיט אַ פּאַרוואורף אַן אָפּגעהאַקטן זאַג געטון. — אויך דו, לייע אונ־דזערע, קלייבסט צופיל!... יאַנקעוו דעם שלאָסערס נייט איר שוין לאַנג נאָך... נישטשעט זי מיטן נעזל!...

זעלדע, ווי אַ געטראָפענע פון אַ דונער האָט זיך האַסטיק אויסגע־

דרייט מיטן פּנים צו דער מאַמען און מיט אַן אָפּגעשטאָרבן האַרץ, זי דערשטוינט און שווייגנדיק אָנגעקוקט.

באַלד האָט זיך זעלדע פון אָרט אָפּגעריסן און אַ געטריבענע פון דער אינערלעכער אויפרודערונג, וועלכע זי האָט געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון דער מאַמעס געניטע אויגן, האָט זי זיך אַ לאָז געטון אין שטוב אַריין און מיט אַ בלויען פלאַם אין די אומרואיקע בליקן גענומען צורעכט מאַכן דעם טיש, אַוועקגעלייגט מעסער און גאָפּל און צוויי וואַרעמע קוילעטשן מיט ברוינע, פאַרניטעטע בעקלעך ווי די באַקן פון פאַרזעסענע מיידן... אַראָפּגענומען פון פערצענער הענגלאָמפּ דאָס גרויסע, בייכיקע גלעזל, אַריינגעהוכקעט אין דעם און דאָס לאַנג געווישט, אומרואיק געדרייט די שמאַטע אַהין און צוריק און זיך איינגעהערט אין דער שטוביקער קיל־קייט און אינעם שווערן האַמערן פון איר אומרואיק האַרץ.

— זעליגס אייניקל איז געוועזן צו שוואַך!... — האָט זעלדע אַ טראַכט געטון — זי וועט שפּעטער חרטה האָבן!... זי האָט זיך געשראָקן פאַר אַביסל יסורים און ניט געקענט בייַשטיין דעם נסיון!... שפּעטער וועט זי אָבער ליידן טויזנט מאָל מער!... ניין, ניט שטענדיק איז דער רוף פונעם האַרץ דער אמתער!... דערפון — האָט זעלדע אַ שווערן זיפץ געטון — נעמען זיך ווייזט אויס אַזויפיל פאַמיליען־טראַגעדיעס...

די מאַמע איז ווידער אַריינגעקומען און לאַנג און ערנסט אַף זעל־דען געקוקט.

— וואויל צו די מענטשן, מיין קינד — האָט זי מיט וואָרענונג און מיט געטרייקייט אין קול אַ זאָג געטון — וואָס קענען, אָדער וואָס מאַכן זיך קוראַזש בייצוקומען דאָס שלעכטע אין זיך!...

זעלדע האָט אָנגעשטעלט אַף דער מאַמען אַ בלייך געוואָרן פּנים, אַ באַדעקטס מיט אַ גרעניצלאָזער בענקשאַפט און מיט אַ שטילן טרויער — שכל און געפילן מאַמע, — האָט זי טרויעריק צוגעגעבן און אויסגע־מיטן מיריאַמס בליקן — זיינען צוויי באַזונדערע זאַכן!... אייביקע קעג־נער צווישן זיך!...

מיריאַם האָט ניט אינגאַנצן באַנומען דער טאָכטערס ווערטער. און זי איז בייז געוואָרן.

— אַ פּרעמדער, זעלדע — האָט זי אויסגערופן מיט פאָרוואורף און אַ דראָע געטון מיט די אומעטיקע בליקן — וועט קיינמאָל ניט אויפ־נעמען די פּיין אונדזערע... אַ פאָלק וואָס איז פאַרבונדן צווישן זיך מיט טויזנטיאָריקע יסורים, מיט בלוטיקע פּעדים — מוז אַליין אָפּשאַצן זיין מדרגה!...

זעלדע האָט שטום אַף דער מאַמען געקוקט און געדאַכט האָט זיך איר, אַז די בלויע פריש־געקאַלכטע קילע ווענט, פונעם רויטן ציגלנעם דיל, פון די קליינע, צעעפנטע פויערישע פענצטערלעך, פונעם לייוונטע־נעם פאָרהאַנג איבערן נידעריקן טיל, פון די שמאָלע הילצערנע צוויי שאַפּקעלעך באַ די ווענט, די איבערגעצויגענע מיט ווייסע, שטייפע

שפּריטלעך, פונעם גרויסן מעשענעם סאַמאָוואַר אַף דער אַלטער קאָמאָד, פון דער נידעריקער סטעליע מיט די שמאָלע הילצערנע בעלקעס — פון אומעטום האָט אַף איר אַ ווייע געטון מיט דערשטיקטע מענטשלעכע תּרעומות, מיטן טרויער פון טויזנטער פאַר אויגן, דראָענדיקע, שטאַרע...

---

אינעם צעפּראַלטן טויער האָבן זיך מיטאַמאָל און מיט אַ פאַרסאַפּעטן אימפּעט און אַ שווערן געדרענג עטלעכע רויט־געפלעקטע און ווייסע קי אַריינגעשיט, זיך געבויגן אונטער דער זאַטער לאַסט און אונטער דער שווערקייט פון פולע אייטערס מיט מילך וואָס האָבן זיך ווי פולע פוכענע קישנס געבאָמבלט צווישן זייערע עטוואָס צעשפּרייטע הינטערשטע פיס. בונעם מיט לייען זיינען זיי נאָכגעריטן. ביידע, באַדעקט מיט אַ לייכטן שטויב און מיט אַ מידן ערנסט אַף די פאַרסמאַליעטע פּנימער. דער הויף איז פול געוואָרן מיט מחיהדיקע ריחות פון וואַרעמער מילך, באַשמעקטע מיט יונגען גערשטן און מיט גראָז, פול געוואָרן מיט אימפּעט און מיט פרייד.

זעלדע איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב און נאָכגעגאַנגען לייען אין קאַמער צום אויסמעלקן די בהמות. ביידע שוועסטער זיינען געזעסן אַף קליינע, קיילעכדיקע קלעצלעך צווישן צוויי בהמות און מיט געטרייקייט געצויגן די מילך פון די אָנגעקוואָלענע וואַרצלען זייערע. אין קאַמער האָט געהערט אַ שווערע גרויקייט, אַן אָנגענומענע מיט די ריחות פון פרישער קוענער באַליגע און מיט דער זיסקייט פון וואַרעמער פּינע־מילך, וואָס האָט זיך מיט אַ ווייסער שוים אַלץ העכער צו די ראַנדן פון די מעלקשעפלען געהויבן.

לייע האָט אויפגעהויבן די פריידיקע בליקן אַף זעלדען און שווייגנדיק באַטראַכט דאָס באַזאָרגטע פּנים דער שוועסטערס, דאָס באַדעקטע מיט אַ טיפער אומבאַשטימטקייט. לייע האָט אַרויסגעפילט דער שוועסטערס זאָרגן און זי האָט אַ טראַכט געטון:

— זעלדע, האַלט זיך ווירדיק!... אָבער דער איבערגעטריבענער שטאָלץ קען אַ סך מאָל שאַטן ברענגען! מען קען אַמאָל אָנווערן דאָס גרעסטע, דאָס איינציקע וואָס מען באַגערט אַזוי שטאַרק!... ווען אָבער אַ בחור, אָדער אַפילו אַ פאַרהייראַטער מאַן וואַרפט זיין אויג אַף אַ פרוי, אַף אַ מיידל וועלכע ער איז אַבסאָלוט ניט ווערט, וועט ער זיך רעכענען נאָר מיט זיינע מענערישע אַמביציעס, מיטן געפיל, ער וועט ניט פרעגן צי איז דאָס מיידל פאַרליבט אין אים, ער וועט אָבער ניט רוען!... וועט אָנווענדן אַלע כיטרע שפּיצלעך, אויסגעפונען אַלע שוואַכקייטן אירע, וואָס קענען אים נוצן ברענגען, ער וועט זיך פּרוּוון צופּאַסן צו איר, זי געווינען, נעמען!... און פאַרוואָס זאָל אַ פרוי ניט האַנדלען שכלדיק?... פאַרוואָס זאָל זי ניט קיין כוח האָבן צו נעמען מיט שטילער חכמה דאָס, וואָס זי באַגערט?... וואָס קען זי מאַכן גליקלעך!...

לייעס טראַכטן איז איבערגעריסן געוואָרן פון באָרוך דעם שרייערס געוואַלדן. ער האָט זיך פּלוצים אין דער אָפענער טיר פון קעמערל אוועקגעשטעלט, אַ שוואַרצער, אַן אויסגעפּייניקטער ווי נאָך אַ שווערן טענות מיט דער בייטש אין ביידע הענט, ווי ער וואָלט זיך געגרייט עמעצן צו דערלאַנגען איבערן קאָפּ.

— איי, קאַלכאָזניטשקעס מיינע! — האָט ער זיך ברייטלעך צעשמייכלט אין אַ פייערל פון קינאה האָט אין די מידע אויגן זיינע אויפגעטויכט, — אַ ברכה אין אייערע הענט!... און דו, לייע, וואָס טוסטו? — האָט ער מיט באַדייטונג אויסגערופן — וואָס הערט זיך עפּעס אין דער גרויסער שטאָט? אין דער שול, אין קעסל פון אַלעם בייזן?... מיינע שרייבן מיר, אַז היטלערס סם, דער משוגעת גייט שוין אויף... מיך אַרט דאָס ניט!... — האָט ער זיך ביטער צעלאַכט — איך בין דאָך אַן אַרגענטינער בירגער!... מיך וועט דאָס געזעץ באַשיצן... זעקס פּראָפּעסיאָנאַלן האָב איך דעם פּאָטערלאַנד געגעבן!...

ביידע שוועסטער האָבן אים שטום אָנגעקוקט און אַרויסגעפילט די צערודערונג זיינע, דעם ווייטיק. באָרוך איז געוואָרן צאָרנדיק. מיט אַרויסגעזעצטע אויגן, אָנגענומענע מיט תרעומות, האָט ער אַריינגעטענהט אין לייעס פּנים, דעם שטילן און צעשמייכלטן:

— דער ווינט, קינדערלעך, האָט פאַרטראָגן אַהער אין די אידישע קאָלאָניעס די עיפּשדיקע ריחות היטלערס! די שעדלעכקייט וויל אונדז אומברענגען!... וויל פאַרשוועכן אונדזער ווירדע איניינעם מיט דער ווירדע פון די גרויסע אַרגענטינע פּראָסער!... זיי וואַרטן שוין, לייעלע, אַפן ערשטן סיגנאַל פון אויבן!...

לייע האָט זיך וואַרים צעשמייכלט. שטענדיק רופן אין איר אַרויס די געשרייען זיינע, די תרעומות און דאָס זאָגן נעוויעס — אַ שטילע איראָניע און זי באַהאַלט זי ניט פאַר אים. זי האָט זיך אויפגעשטעלט, אויפגעהויבן דאָס פולע מעלקשעפל און שטיל, ווי פאַר זיך אַליין אַ זאָג געטון, שוין זייענדיק פון יענער זייט טיר:

— איצט ר' באָרוך, קומט דאַכט זיך אַ צייט פון איבערגעטריבענער שרעק!... מיר, די יונגע, זיינען געבוירענע אַרגענטינער און מיר ווען מאָנען גערעכטיקייט, אָבער אָן שרעק!...

— מה רעש! — האָט ער איר נאָכגעפּאָכעט מיט ביידע הענט ווי מיט צוויי גרויסע צעבראָכענע פלעדערווישן פון אַן אָדלער — אַן אַרגענטינער געבוירענע... אַלע זיינען מיר אַרגענטינער... — האָט ער זיך מעכטיק צעשריען — מיר זיינען געקומען אַהער איינצובירגערן זיך, העלפן פעט מאַכן די ערד און ניט אויסגעשאָכטן צו ווערן!... טאַקע, נאָך באַדאַרפט לויפן איבער ימים!... קאַרג אייגענע כוליגאַנעס האָבן מיר געהאַט!...

זעלדע איז צו אים צוגעגאַנגען און מיט אַ טיפן באַנג אין קול אַריינגעטענהט אין צערודערטן פּנים זיינעם:

— שרייט ניט אזוי, ר׳ באָרוך. מיר מוזן זיי דאָך פאַרשטיין און מוחל זיין! אָבער איך פאַרזיכער אייך, אז מיר, די אידישע אַרגענטינער יוגנט, מיר וועלן זיך ניט אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס!... אויב ס׳וועט דאָ אמאָל א בושעווע טון די פינצטערקייט, וועלן מיר אינײנעם מיט אייך אַרויסטרעטן קעגן די מערדער!... אָדער לעבן אין ווירדע, אַז נישט, איז אומקומען ווי שמשון הגיבור, אינײנעם מיט די שונאים זיינע, די פלישתים!...

זעלדעס פּנים, די אויגן, איר גאַנץ לייב און לעבן איז באַדעקט געווען מיט צער. באָרוך האָט שווייגנדיק און דורך דערשטיקטע טרערן געקוקט אַף איר און געדאַכט האָט זיך אים, אַז דאָרטן אַף בונעמס טשאַקרע איז אים ליבערשט דאָס לעבן...

בונעם איז אָנגעקומען מיט א גרויסן פּירקאַנטיקן פּאַק אַלפאַלפאַ אַפן רעכטן אַקסל.

— וואָס הערט זיך עפּעס, ר׳ באָרוך? — האָט ער אים שטיל א פרעג געטון — קומט איר פון דער יערלעכער פאַרזאַמלונג? האָבן זיי דאָרטן, די געטער אונדזערע, שוין געבראַכט משיחן מיטן רויטן רייט־וואָגן?!...

— איך פייף אַף זיי אַלעמען! — האָט זיך באָרוך צעשריען — זיי רעדן אַליין און פּאַטשן זיך אַליין בראַוואָ!... איך וועל פאַרקויפן מיין טשאַקרע, מיין לאַנד, אָפּצאָלן די חובות און זאָלן די שוואַרצע ראָבן פליען אַרום איר!... גענוג!...

באָרוך האָט שווער געאָטעמט. דאָס פּנים זיינס, דער לאַנגער געקאַרבטער האַלדז איז באַדעקט געווען מיט אַ קרענקלעכער געלקייט. בונעם האָט אַריינגעטראָגן די אַלפאַלפאַ אין שטאַל און א שמייכל געטון:

— די היץ גייט אים שוין צום קאָפּ!... זאָל ער שרייען, סיי ווי הערט אים קיינער ניט, דעם טאַטן פון די פּראָפעסיאָנאַלן!...

בונעם איז צו אים אַרויסגעקומען און שטיל ווי ער וואָלט אינגאַנצן באָרוכס געשרייען אין אַכט ניט גענומען, אָנגעהויבן אַריינטענהן אין דעם מידן פּנים זיינעם:

— די „פאַרזאָרגער" אונדזערע, האָבן שוין פאָרגעשלאָגן א נייַ גליק, ר׳ באָרוך, זיי ווילן גיבן אַף באָרג צוויי הונדערט עופות יעדן קאָלאָניסט, א חשבון פון זעקס הונדערט פּעזעס. און לעבן וועלן מיר פון די אייער, וואָס די הינער וועלן לייגן!...

— און פאַר די הינער וואָס פּגרן אַוועק, ווען מען ברענגט זיי אַף א פרעמד פּלאַץ, וועלן מיר אויך דאַרפן צאָלן די פּראָצענטער? — האָט באָרוך געענטפערט גאַליק— מיר טאָרן ניט, בונעם, ווערן די שעפּעלעך זייערע!... ווייל די הונגעריקע וועלף לויערן שוין אַף אונדז...

כאָטשע בונעם האָט ניט געהאַלטן פון באָרוכס געוואַלדעווען און אים שטילערהייט חושד געווען אין צופיל אָנשטעל, האָט ער אָבער געוואוסט, אַז אינגאַנצן אומזיסט האָט באָרוך קיינמאָל דאָס צאָרנדיקע קול

זיינס ניט אויפגעהויבן. און ער איז אים מוחל געווען די שוואַכקייט פון אוועקשיקן פון זיך אַלע קינדער.

בונעם איז נאָך אַלץ געווען אונטערן איינדרוק פונעם געשפּרעך מיט ליִיען און ער האָט זיך געפּרואווט באַפרייען פונעם שווערן איינדרוק. בונעם האָט פאַרזשמורעט די פיינלעך צעשמייכלטע אויגן זיינע, אַריינגע־צויגן דעם קאָפּ צווישן די אַראָפּגעזעצטע אַקסלען און אַ צעפּיר געטון מיט ביידע הענט פאַר זיך, האָט ער מיט אַ זיכערן טאָן אַריינגעטענהט אין באָרוכס ברייטע, אויפגעריסענע אויגן, די צערודערטע:

— נאָר נישט פאַרצווייפלט, ברודער!... אויב די שלענג מיט די עקדישן האָבן אונדז ביז איצט ניט אומגעבראַכט, וועלן אונדז די פליי, די וואַנצן, זאָלסט מיר מוחל זיין, אוודאי ניט אויפפרעסן... מיר האָבן שוין איבערגעלעבט אַ סך רוצחים און אויך זיי וועלן מיר איבערלעבן!...

ביידע פריינט האָבן זיך שטום אַרומגעקוקט און פאַרלעגן געשמייכלט. בונעם האָט אַ שלעפּ געטון באָרוכן פאַרן אַרבל פון רעקל:

— קומט אין שטוב, וועלן מיר עפּעס נעמען אין מויל!...

יאַנקעוו דעם שלאָסערס איז אָנגעקומען, רייטנדיק אויף אַ ווייסן אומ־רואיקן אָגער. אין אויסגעפּוצטער איז יאַנקעוו געווען אין אַ נייעם שטרויע־נעם קאַפּעליוש מיט אַ ברייטן, אַראָפּגעבויגענעם זוים, די ברייטע גע־קעסטלטע באַמבאַטשעס, אָנגעקליבענע אַרום די לענדן, די ווייסע דריי־שפּיציקע פאַרטשיילע אַרום האַלדז איז באַדעקט געווען מיט אַ לייכטן שיכט דינעם זאַמד און מיט דינע נאָדלדיקע איבערגעטרוקנטע שטיקלעך שטרוי. ווי אַ יונגער אָגער וואָס האָט זיך ערגעץ אין פעלד אויסגעקאַ־טשעט, האָט יאַנקעוו אויסגעזען אין די אויגן פון באָרוך דעם שרייער און פון בונעמען.

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד, אַרויסגעצויגן דאָס לאַנגע, שאַרפע מעסער פונעם גאַרטל און אים פאַרשטעקט אין דער לעדערנער קעשענע אויפן הינטערשטן טייל פון זאָטל. בונעם האָט אים דערלאַנגט די רעכטע האַנט און אַריינגעקוקט אין די צעשמייכלטע אויגן זיינע, די אָנ־גענומענע מיט ביטול און מיט פאַרדרוס.

— קומסט פון דער פאַרזאַמלונג? — האָט ער אים שטיל און נייר־געריק אַ פרעג געטון — האָסט עפּעס אַ ווערטפולע נייעס געבראַכט?... וואו זיינען ערגעץ מיינע „קדישים”?

יאַנקעוו האָט זיך צעשמייכלט און אַריינגעצויגן די לופט אין זיך:

— געבראַכט נייעס, ר' בונעם!... און מיר גלויבט זיך ניט, אַז דאָס זאָל טאַקע זיין אַ ווירקלעכקייט!... — האָט ער לאַכנדיק צוגעגעבן, האַלטנדיק דערביי ביידע הענט אינעם גאַרטל פאַרשטעקט — אָבער אינ־גאַנצן פּוסט איז דער דאָזיקער ענין נישט!...

באָרוך דער שרייער האָט אַריינגעקוקט דעם אָגער אין פּנים און אויסגעמיטן צו רעדן מיט יאַנקעוון, ער האָט נאָך געדענקט די שטעכ־ווערטער זיינע פון נעכטן, ווען ער האָט געבראַכט אַ בריוו פון טייבעלען.

באַלד אָבער האָט ער דאָס שווייגן אויסהאַלטן ניט געקענט: האָסטו כאָטשע אויסגעקליבן אַ נייעם קיסער? — האָט ער צום אָגער אין די אויגן אַריינגעטענהט — אַ הערשער?...

יאַנקעווו האָט אַרויסגעצויגן צוויי צעקנייטשטע פּאַפּירלעך פון די הויזן קעשענעס און זיי שווייגנדיק דערלאַנגט בונעמען. בונעם האָט אויף אים אַ שטומען קוק געטון, לאַנגזאַם אויסגעגלייכט איין פּאַפּירל און די אומרואיק געוואָרענע בליקן זיינע האָבן אַ שוועב געטון איבער די גרויסע שרייענדיקע אותיות: „הרגעט אידן און ראַטעוועט דאָס לאַנד!”, „אַרגענטינע — פאַר די אַרגענטינער”!...

— וואו האָסטו געפּאַקט די מציאה? — האָט אים בונעם נאָך אַ ווײַלע שווייגן אַ פרעג געטון.

— איך בין געווען אין שטעטל און זיי אָפּגעריסן פון דער וואַנט פון אַ אידישן געשעפט...

— אָט, זעסטו שוין מיינע רייד? — האָט זיך באָרוך ווידער אַ צעלאָז געטון — און איך פייף אויף זייער טאַטנס־פּעריסטאַטן! און איך וועל מיר נעמען מיין אידענע און פּאַשאָל! — האָט ער גרויסהאַלטערישביידע ווייזפינגער אין די פּאַכוועס פון דער געקעסטלטער זשילעט אַריינגעשטעקט און דערביי געקלאַפּט מיטן רעכטן פיס אינעם גראָז — זאָלן זיי אַליין ווערן ערד־אַרבעטער, די קיסלינגס, אדרבא...

אויף זיינע געשרייען זיינען אָנגעלאָפן בונעמס ווייב מיט די דריי מיידלעך.

— יאַנקעוו! — האָט לייע אַ פריידיקן געשריי געטון און אים אויסגעשטרעקט ביידע הענט — ערשט היינט געטראַכט, אָדער טאַקע גערעדט פון דיר!... זייער גוט האָסטו געטון, וואָס דו ביסט געקומען.

— וואו זיינען מיינע זין, יאַנקעוו? — האָט מיריאַם אַ פרעג געטון — האָסט זיי דאָרטן באַגעגנט?

— נאָך ווי באַגעגנט!... זיי האָבן שוין מצליח געווען!... — האָט ער אַ צווויידייטיקן לאַך געטון — מאָרגן וועלן זיי קומען אַהיים און איר וועט שוין אַלץ געוואוירע ווערן!...

— דאָס געפעלט מיר! — האָט לייע צוגעגעבן מיט אַנטציקונג — וואָס מער אַ בחור זיצט, אַלץ ווינציקער שאַנסן האָט ער, אַז אַ מויד זאָל אים ליב האָבן!...

זעלדע, מיט ביידע הענט אויף די היפטן אָנגעזעצט, איז געשטאַנען לעבן לייען און די אומרואיקע בליקן אירע, די אָנגענומענע מיט אַ טיפער אומבאַשטימטקייט, האָבן געבלאָנדזשעט אַרום יאַנקעוון. עפּעס האָבן זיי, די בליקן, געוואָלט אַרויסבאַקומען פון אים, דורכדרינגען די נשמה זיינע, דאָס האַרץ, זיך דערוויסן צו וועמען ער געהערט...

— און וואָס מאַכסטו, לייע? — האָט ער זיך מיט זיין גאַנצער מענערישער ווירדע, מיט דער ברייטקייט אַנטקעגן ביידע שוועסטער אָוועקגעשטעלט — ווי צוויי אמתע קאָלכאָזניטשקעס זעט איר איצט אויס...

— און דערצו נאָך די איינציקע, דאַכט זיך, פון די אידישע קאָלאָ־ניסטישע טעכטער — האָט באָרוך ווידער אַ זאָג געטון און די קינאה אין אים איז געוואַקסן. ווידער האָט ער דערפילט דאָס נוצלאָזע האַוועַן זיינס, דערפילט די פרייד און די לעבנס-לוסט, וואָס ברויזט איבער בונעמס טשאַקרע, ארום דער שטוב און איבער די גרויסע שטחים צעוויגטע פעל־דער. אַ נייע וועלט האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט, אַ וועלט פון געראַנגל און פון האָפענונג.

זעלדע האָט אַ נעם געטון דעם וויסן אַגער פאַר דער אונטערגע־שוירענער האַרטער גריווע און מיט ליבשאַפט דאָס עטוואָס פייכטע, פאַר־שוויצטע פנים זיינס געגלעט. אים צוגעפירט צו דער דעפּאַזיטאָ מיט וואַ־סער, אים אויסגעטון דאָס ציימל און אַראָפּגענומען דעם זאָטל, איז זי מיט פאַרלייגטע הענט שטיין געבליבן פון וויטן און הנאה געהאַט וואָס יאַנקעווס פערד האָט דעם דורשט זיינעם געשטילט און געדאַכט האָט זיך איר, אַז דערמיט האָט זי אויך יאַנקעוון דעם דורשט געשטילט, זי האָט עפּעס געטון פאַר זיינעטוועגן.

באָרוך האָט באַמערקט יאַנקעווס אויפגעבליצטע אויגן, וואָס האָבן צו זעלדען געצילט און ער האָט זיך אַ לאָז געטון צו אים, אָנגעכאַפּט די צוויי צעפלויגענע שפּיצן פון יאַנקעווס פאַטשיילע און אויסגערופן מיט פאַרוואורף:

— יאַנקעלע, לעב מיר ווינציקער אין די הימלען!... אף דער ערד, וויל איך זאָלסטו זיך אַראָפּלאָזן! פאַרזיכטיק מיט די פונדיקלעך!... — האָט ער אַ פּיר געטון מיט די אויפגעבליצטע אויגן אַרום זיך — מען וועט זיי שוין אויסלערנען די „תורה”! דאָס טענהט צו דיר אַן אַלטער קאַזאַק!...

יאַנקעוו האָט אַ שטומען קוק געטון צו בונעמען. זיי האָבן זיך פאַר־שטאַנען און ווי אָפּגעמאַכט צווישן זיך, דערוויי׳ל קיין איין וואָרט וועגן דער נאַצי־פּראָפּאַגאַנדע פאַר די שטוביקע ניט צו דערציילן און נאָך ווינ־ציקער אים, באָרוך דעם שרייער...

יאַנקעוו האָט אַריינגענומען צו זיך אין די הענט באָרוכן און אַריינ־געטענהט אין זיין פנים, דעם פיינלעך־צעקרומטן:

— איר האָט ניט פאַרוואָס צו שרייען!... קודם כל פאָרט איר דאָך אוועק פון דאַנען!... חוצדעם, ר׳ באָרוך, בין איך זיכער, אַז ניט אין אונדזער לאַנד וועט קומען צו אַזוינע געמיינקייטן... מיר האַלטן זיך פריינט־לעך מיט אונדזערע שכנים, די קריאָזשאָס! אויך מיר קענען זיי דעם גאַנצן משוגענעם ענין אויפקלערן...

— הלוואי זאָל איך טאַקע בלייבן אַ ליגנער!... — האָט באָרוך גע־שריען און זיך געפּרואווט באַפרייען פון יאַנקעווס צוויי שטאַרקע הענט, וואָס האָבן מיט אים אַלעמאָל אַ טרייסל געטון ווי מיט אַ ליידיקן זאַק — אָבער די פוילע ווינטן בלאָזן צופיל אַרום אונדז...

בונעם האָט טרויעריק מיטן קאָפּ געשאָקלט און אף יאַנקעוון די שטומע בליקן אָנגעשטעלט, ווי ער וואָלט אים געמיינט צו זאָגן: נישקאָשע,

אינגאַנצן אומגערעכט איז ער טאַקע ניט, דער משוגענער!... אין די פינצ־טערע נעכט, קריכן שטענדיק אַרויס די שטינק־חיהלעך פון זייערע נעסטן... אינגאַנצן פאַרלאָזן זיך אַף ניסים, טאָר מען ניט!...

לייע האָט באַקומען אַן ערנסט פּנים, זי האָט אַ קוק געטון אַף יאַנ־קעוון, אים אַ ווײַלע געפאָרשט און באַלד אים ספּאָנטאַן אונטער דער קעכ־טער האַנט אַ נעם געטון:

— קום אַביסל שפּאַצירן, יאַנקעוו, — האָט זי אַרײַנגעטענהט אין זײַן געזיכט — די אַלטע לײַט האָבן אַ טבע צו טומלען אַ סך! מיר געפעלט בעסער די האַנדלונג. קום זעלדע, מיט אונדז! קוים דערלעבט דאָ אַ בחורעץ זאָלן מיר כאָטשע עפּעס אַ לעב טון!

לייע האָט האַרציק געלאַכט, אַ נעם געטון זעלדען אַרום דער טאַליע און אַלע דרײַ האָבן שווײַגנדיק און לאַנגזאַם שפּאַצירט באַם זוים פון פעלד. באַרוך דער שרײַער און אויך בונעם מיטן ווײַב האָבן זיי שטום מיט די קעפּ נאָכגעשאָקלט, נאָר אין די בליקן זייערע האָבן זיך געטוקט טויזנט ברכות... באַרוך האָט אַ זיפץ געטון און ניט געוואַגט צו רימען זיך מיט זײַנע געסט, אויסלויבן די מעלות פונעם איידעם...

יאַנקעוו מיט ביידע מיידלעך האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ גרויסן בינט אַלפאַלפאַ, וואָס עמיצער האָט דאָרטן פאַרבײַפאָרנדיק פאַרלוירן און זיך שטום אַרומגעקוקט. אַרום זיי האָבן זיך גרינע שטיקער פעלד געשפּרייט און אַ שטילער פאַרנאַכטיקער טרויער. אַ לײַכט זומער ווינטל האָט זיך אויפגעהויבן, אַ גלעט געטון די שווערע, אַראָפּגעלאָזטע קעפּ פון די פולע זאַנגען, וואָס האָבן זיך צעוויגט און אויסגעזונגען די לעצטע בײַנהאַשמאָ־שעסדיקע תפילה...

לייע האָט כמורנע די ברעמען צונויפגענומען און אַ קוק געטון אַף יאַנקעוון.

— מיר געפעלט בעסער וואָס די ברידער מײַנע האָבן דאָרטן באַ־נעגנט אינטערעסאַנטע מיידלעך — האָט זי מיט אַ טיפן ערנסט אַ זאָג געטון — גראָד איצט איז אַמנוייטיקסטן פאַר דער יוגנט צו פאַרפעסטיקן זיך, בויען אַן אייגן אידיש לעבן!...

זעלדע האָט זי שווײַגנדיק אָנגעקוקט און דאָס פּנים אירס האָט זיך באַדעקט מיט אומעט. זי האָט אינגאַנצן ניט באַנומען דער שוועסטערס געדאַנק: וואָס אייגנטלעך וויל איצט לייע אויסברייען? — האָט זי אַנגסטלעך אַ טראַכט געטון? וואוהין צילט זי?...

לייע האָט אַ גנבישן קוקט געטון אַף זעלדעס צעטראָגן פּנים, אַרויס־געפילט די פּיין, דעם שטורעם וואָס האָט געבושעוועט אין איר צונויפ־געדריקט האַרץ און זיך וואַרים צעשמייכלט.

— איר ווייסט, חברה — האָט זי די ריינע, געטרײַע אויגן פון איינעם צום אַנדערן אַ פיר געטון און מיט וואַרימקייט אין דער עטוואָס אויפגעציטערטער שטים אויסגערופן — איך מיין, אז צופיל גריבלען זיך,

לעבן אין אַ כסדרדיקער אומבאַשטימטקייט, איז אַ זינד קעגן אייגענעם לעבן!...

יאַנקעוו האָט פאַרלעגן געשמייכלט, אָנגעשטעלט די אויגן אַף זעל־דעם צעטומלטן פּנים און זיי באַלד אַף לייען איבערגעטראָגן.

— יעדער מענטש, לייע — האָט ער מיט אַ זיכערן טאָן אויסגערופן — זוכט פאַר זיך דאָס בעסטע, אַלנפאַלס, דאָס וואָס אים דאַכט זיך אויס, אַז ס'איז דאָס פּאַסיקסטע!... ס'זיינען אָבער פאַראַן שטערונגען... פאַרשטייטסטו?... דער עיקר איז דאָך — האָט ער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן שטיל צוגעגעבן — אַז מען שטעלט זיך ניט אָפּ...

לייע האָט וואַרים געשמייכלט. זי האָט צוגעצויגן צו זיך נענטער יאַנקעוו און אויך זעלדען. אַ ווײַלע האָט זי געטראַכט, זיך איינגעהערט אינעם אימהדיקן וויברירן פון די פלאַנצן באַם זוים פון פעלד, אינעם וויינען פון אַ סאָווע, וואָס איז מיט אויסגעשפּרייטע פליגל אַפן דאָרט פון אַ טעלעגראַפן־סלופּ געשטאַנען.

— חברה! — האָט זי פּלוצים דאָס שווייגן איבערגעריסן — אַרום אונדז וויען שלעכטע ווינטן!... און איך וויל מאָרגן פאַרפלאַנצן עטלעכע נייע פרוכטן־ביימלעך אַרום דער שטוב! דאָס וועט זיין מיין ערשטער, מיין פּאַסיקסטער ענטפער די שונאים אונדזערע! — האָט זי מיט פעסטקייט אויסגערופן. — די צוקונפט געהערט די אַרבעטנדיקע!...

יאַנקעוו מיט זעלדען האָבן זיך דורכגענומען מיט די וואַרעמע בליקן זייערע, אָנגענומענע מיט איבעראַשונג, מיט אַ שטילער צושטימונג.

— ס'איז אַ געדאַנק, לייע, — האָט יאַנקעוו נאָך אַ לענגערן שווייגן ערנסט צוגעגעבן — ווי איך זע, האָסטו עפּעס יאָ געלערנט אין דער גרויסער שטאָט. דערצייל מיר עפּעס נייעס.

— איך האָב מיך ווידער איבערצייגט, — האָט לייע געענטפערט — אַז די אמתע פרייד, אַ געזונט לעבן, אַ געמיטלעכס, וועל איך קענען געפינען נאָר דאָ, — האָט זי מיט די אויגן אַ פיר געטון איבערן פעלד — דאָס איז שטאַרקער פון אַלע מענטשלעכע רשעותן און אויך גערעכטער!... און פאַרוואָס קינדער — האָט זי מיט געטרייקייט אויסגערופן — פאַר־וואָס זאָלט איר ביידע ניט פאַרפלאַנצן אַ נייעם בוים אַף אייער אייגענער טשאַקרע!... ווערט שטערט אייך צו ווערן חתן־כלה?...

זי האָט די אויגן אַף יאַנקעוון אָנגעשטעלט, אָנגענומענע מיט אַ גרעניצלאָזער קלאָרקייט און געוואַרט אַף אַ צושטימונג. ער איז געווען דערשטוינט. לייעס פּאַשעטקייט, דער געזונטער חוש, דער קלאָרער פאַר־שטאַנד האָבן יאַנקעוון ביז טרערן גערירט, געפילט האָט ער זיך שולדיק: ניין, ניט זי, לייען, האָט ער באַדאַרפט שטילערהייט פאַראַכטן, זי האַלטן פאַר דער שטערערן פון זיין גליק! אויסער דעם, האָט ער צום ערשטן מאָל אַ טראַכט געטון, זיינען זיי דאָך אַלע פאַרגעשריטענע מענטשן. אומזיסט זיך געיאָדעט!... נאָך איבעראַשטער איז ער געווען פון איר זיכערקייט אין זיינע געפילן צו זעלדען, אַ זאַך וואָס ער האָט זיך שטענדיק אויסגעהיט

צו אַנטפּלעקן, ניט נאָר פּאָר זייטיקע, נאָר אַפילו פּאַר איר, פּאַר זעלדען אַליין! עפּעס אַ ניט־קלאָרקייט האָט אים אָפּגעהאַלטן פון ריידן, מענלעך טאַקע, אַז די אורזאַך איז געווען לייע... און אויך יד שוועריקייט צום איינאָרדענען זיך. איצט אָבער האָט זיך יאַנקעוו דערפילט פרייער און דערהויבענער! ניט פון זיין אייגן גליק האָט ער דעמאָלט געטראַכט, נאָר פון דער פרייד פון זעלדעס טאַטע־מאַמע. ער האָט געוואָלט גליקלעך מאַכן די גאַנצע וועלט!

אויך זעלדע איז געווען גערירט. דאָס גליק אירס איז געקומען צו פּלוצים און אומגעריכט, זי האָט דאָס איינגאַנצן באַנעמען ניט געקענט און איז מיט ווייכע, פאַרטרערטע בליקן אַנטקעגן לייען געשטאַנען און קיין וואָרט אַרויסברענגען ניט געקענט. לייע האָט זי צוגעצויגן צו זיך און שמייכלענדיק צאַרט, אין אירע דאַנקבאַרע בליקן אַריינגעטענהט:

— וואָס שטייסטו זעלדע, ווי אַ נעבטיקע? אויב דו האָסט אים פיינט, זאָג!...

זעלדע האָט מער אויסהאַלטן ניט געקענט, זי איז אַריינגעפאַלן אין לייעס אָרעמס און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין; טרערן פון פרייד זיינען דאָס געווען און פון ליבשאַפט, פון געטרייקייט צו דער עלטערער שוועסטער, וואָס האָט אַלע טויערן פון גוטסקייט, פון רחמים אין איר, זעלדעס אברים צעפּראַלט.

— לייע, לייע!... — האָט זי באַדעקט מיט קושן איר פּנים, — איך שעם זיך פאַר דיר!... ביזט טויזנט מאָל אַ בעסערע, אַן איידעלערע פון מיר!... — האָט זי וויינענדיק געטענהט — ווי אַזוי, שוועסטער, וועל איך קענען ווערן אַזאַ זויבערע ווי דו ביזט...

— האָב ליב יאַנקעוון, האָב ליב די גאַנצע וועלט, וועסטו ווערן געלייטערט!... זיי ניט עגאָיסטיש!... — האָט לייע שטיל געענטפערט און מיט דער גערירטקייט פון אַ צאַרטער מאַמע ניט אויפגעהערט גלעטן זעלדעס פּלייצע, וואָס האָט לייכט געצאָנגט פון איר טיפער, אינערלעכער אויפטרייסלונג.

יאַנקעוו האָט געהאַט דעם געפיל פון איינעם וואָס איז פּלוצים פון הימל אַראָפּגעפאַלן. באַלד נאָך דער ערשטער איבעראַשונג, איז ער ווידער צו זיך געקומען, ער האָט אַ קוק געטון אויף לייען און מיט אַ טיפן ערנסט און עטוואָס אויפגעברויזטן קול, אַ זאָג געטון:

— איך טראַכט, לייע, וואו וועט זיין דאָס פּלאַץ צו פאַרפלאַנצן אונדזער ערשטן בוים?

— דאָס וועט מען שוין באַזאָרגן!... — האָט זי אים אין פּנים אַריינגעשמייכלט. — זעלדע, וועט זיך, לויט מיין מיינונג, דאַרפן אַדויסזאָגן וועגן דעם. דיינע טאַטע־מאַמע, אָדער מיינע, וועלן אייך זיכער אָפּטיילן אַ שטיק ערד. מיט דער צייט, האָף איך, וועט איר האָבן אייגענע ערד.

אין דעם האָט זיך בלומעס קול דערהערט, זי האָט זיך וויכערדיק געטראָגן אויף דער שמאָלער זיגזאַגיקער סטעזשקע צווישן צוויי שטיקער

פעלד, אַ פאַרסאַפּעטע, מיט די ווילד־צעפלויגענע בלאָנדע לאָקן און מיט צעפלויגענע הענט: — קינדער, קומט! — האָט זי געהאַלטן אין איין רופן, — געסט זיינען געקומען, טייבל מיט כאַנע־לייען!...

— וואָס האָסטו מיר ניט דערציילט וועגן דעם, יאַנקעוו? — האָט לייע פאַרוואונדערט אויסגערופן — טייבעלע איז מיין חברטע און איך וואָלט זי געוואָלט צוגעפאָרן נעמען אהער!

— איך האָב טאַקע אין זינען געהאַט. איבעריקנס, איז דאָס ניט אַזאַ גרויסע וויכטיקייט...

גייענדיק צו דער שטוב, איז בלומע אַלץ געלאָפן אַף פאָרויס און געבערנט פון אומגעדולד: — ווי שיין, חברה, טייבעלע איז!... זי גייט שוין האָבן אַ שייגעצל... קומט, איילט אייך צו!...

ביידע עלטערע שוועסטער האָבן זיך איבערגעקוקט און באַלד די שטומע דראָענדיקע בליקן אַף בלומען איבערגעטראָגן. בלומע האָט זיך באַליידיקט: — און איך וועל אויך אָוועקפאָרן לערנען אין דער גרויסער שטאָט!... — האָט זי עקשנותדיק אויסגערופן — וועל איך אייך ווערן ליבערשט... ווי שיין עס איז אַהיימצוקומען אין געסט.

אין שטוב האָט געהערשט אַ יאָנטעוודיקייט, אָן אָנגענומענע מיט עפּעס אַ ניט דערזאָגטקייט, מיט תרעומות...

טייבל איז געזעסן אויבן אָן באַם טיש, צווישן די טאַטע־מאַמע אירע. אַ בלייכע מידקייט האָט גערוט אַף איר געזיכט, אַ שטילע אומרו. מיריאַם האָט אַריינגעבראַכט פון קיך אַ פאַלימעסיק מיט הייסע, געקנאַבל־טע באַלאַבעשקעס און זיי אָוועקגעשטעלט אַפן טיש:

— קודם נעמט עפּעס אין מויל, נעם טייבעלע — האָט זי זיך גע־בעטן באַ איר — באַ דיר איז דאָך אַ גאַווינע אונדזערע דאָרפישע מאכלים. עס און זאָל דיר טאַקע וואויל באַקומען.

באָרוך האָט אַ זייטיקן קוק געטון אַף טייבעלען און באַלד צוויי גזלנישע אויגן אַפן ווייב אָנגעשטעלט. — ניט באַדאַרפט, כאַנע־לייע — האָט ער אַ בייזן בורטשע געטון — שלעפּן זיך אהער... די סולקע טרייסלט...

טייבעלע האָט אָנגענומען דעם טאַטנס צוויי פאַרהאַרטעוועטע הענט, זיי שטום געבענטשט, האַלטנדיק אַף אים די קלאָרע, דאַנקבאַרע בליקן אירע, זיך וואָרים צעשמייכלט — איך בין שוין היינט געריטן אַף אַ פערד, טאַטע, — האָט זי מיט אַ צעטויעטער פרייד אַ זאָג געטון — געוועזן באַ אים... באַם... — האָט זי פּלוצים די אויגן אַרונטערגעלאָזט — זיך דורכ־געשמועסט אַביסל מיט ראַמירעזן!...

זי האָט ווידער אַ וואָרעמען קוק געטון אַף באָרוכן. ביידע האָבן זיך צעשמייכלט און מער קיין וואָרט וועגן דעם אַרויסברענגען ניט געקענט. כאַנע־לייע האָט אומרואיק אַרונטערגעשאַרט די האָר אונטער דער פּאַ־טשיילע און מיט איר גאַנצער ווייבערישער שפּיציקייט, מיט די שאַרפע חושים פון אַ מאַמע, וואָס טראָגט אין זיך דעם סאָד, די פּיין פון די קינדערס גלייכגילטיקייט צו איר, איז זי דאָך גרייט יעדן איינעם וואָס

וועט וואָגן די קינדער אירע, אַפילו דעם אמת פאַרצוואוואָרפן, צו האַלטן פאַר אַ שונא. זי האָט די שאַרפע בליקן אירע פון מיריאַמען מיט בונעמען גיט אַראָפּגענומען און שטומערהייט געוואָלט אַרויפצווינגען אַף זיי אַ מענטשלעכע באַציונג צו איר טייבעלען. קיין סימן פון ביטול, פון פאַר-וואורף האָט זי ניט אַרויסגעפילט פון זייער באַנעמונג צו דער טאָכטער.

ארום זיי האָט זיך אַ שווערע שטילקייט אָפּגעזעצט, אַן אָנגענומענע מיטן שוואַכן זשיפּען פון סאַמאָוואַר וואָס איז אין אַ גאָל מעשן טעצל אין זיין גאַנצער סראָרישער פּראַכט אַפן סאַמע מיטן טיש געשטאַנען.

די קינדער זיינען אַריינגעקומען, אויפגעלעבטע און באַשמעקטע מיט די קילע פאַרנאַכטיקע ווינטלעך, די אָנגענומענע מיט ריחות פון גרינעם ווייץ און פון פרישער קוענער מילך. לייע האָט זיך ספּאָנטאַן אַ לאָז געטון צו טייבעלען און מיט דער גאַנצער וואַרימקייט פון איר נשמה, אַריינגענו-מען טייבעלעס שיינעם קאָפּ אין אירע געטריע צוויי הענט און ניט ריידנ-דיק קיין וואָרט, אים מיט האַרציקע קושן באַדעקט.

זעלדע מיט יאַנקעוון, געאָרעמטע, זיינען געשטאַנען הינטער לייען און מיט צעשיינטע פּנימער געוואַרט אַף זייער ריי. אין דעם האָט יאַנקעוו אויפגעהויבן אינדערלופטן אַ דין גרין מאַראַנצן-ביימעלע, וואָס ער האָט אויסגעריסן בא בונעמען אין גאָרטן און מיט דעם אַ פּאָכע געטון איבערן טיש, ווי מיט דער פאָן פון פרידן.

— קומט מאָרגן פאַרנאַכט אין מיין טאַטנס קאַמף — האָט ער אויסגערופן מיט פּאַטאָס און מיט אַ טיפער געריכטקייט, — אַן אַסאַדע וועל איך צוגרייטן לכבוד דעם ערשטן בוים וואָס איך וועל פאַרפלאַנצן אַף אונדזער אייגענער טשאַקרע! — און ער האָט אַ וואָרף געטון מיט די צעשמייכלטע בליקן אַף זעלדען.

באָרוך דער שרייער האָט אַ צעשטרייטן קוק געטון אַף די אַרומיקע און פאַרלוירן געשמייכלט. אויך בונעם מיטן ווייב האָבן זיך שטום אי-בערגעקוקט און באַנעמען ניט געקענט יאַנקעווס ווערטער. נאָר געפילט האָבן זיי עפּעס אַ נייע ענדערונג האָט זיך איבער זייער לעבן אַראָפּגע-לאָזט און זיי האָבן זיך שווייגנדיק געגרייט איר אַנטקעגן צו גיין!...

---

ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט, דער ווייס-בלויער הימל איז געהאַנגען איבער די טונקעלע פעלדער, אַ מעכטיק צעפּראַלטער און אַ פּחדימדיק אויפגערוימטער, אַ באַזעצטער מיט מיליאָנען שטערן, טיפע און צעשיינטע, לויטערע, דראָענדיקע, ווי די פרומע אויגן פון די אַלטע אידישע נביאים. אַרום בונעמס טשאַקרע, די איינגעהילטע אין אַ מאָדנער ליכטיקייט, האָבן זיך טונקעלע סטעזשקעס געוועבט, זיך זיגזאַגיק אַריינ-געדרייט אינעם סאַמע האַרץ פון די גרינע, איינגעדרימלטע קאָרן-פעלדער זיינע, די באַדעקטע מיט שפע און מיט שווערער האָרעוואַניע, מיט באַ-נאַכטיקער אומבאַשטימטקייט. נאָר אַרום בונעמס שטוב האָט זיך געראָ-

דערט, דאָרטן איז די נאַכט געווען אַן אויסגעלאָשענע, אַ באַזיגטע פון דער פרייד און פון די גאָלדיקע פונקען וואָס האָבן ווי קליינע, שאַרפע בליצן אַלעמאָל אויפגעשפּרונגען אַרום דער שטוב, די טיף געזונקענע און באַדעקטע מיט שטרוי.

הינטער דער שטוב האָט אַ הויפן פייער געגליט און מיט זיינע רויטע, בראַנדיקע אויגן, מיט בלויע און געלע פייער־פּאַסמעס באַלויכטן די אויפגעלייגטע פּנימער פון בונעמען מיט זיין הויזגעזינד און אויך פון די געסט. ווי די שעפּסטן זיינען זיי געווען. צעוואָרפן אין טיפן גראָז אַרום פייער און געוואַרט אַף דער אַסאַדע וואָס בונעם האָט צוגעגרייט לכבוד זעלדעס ווערן אַ כלה. אין סאַמע האַרץ פונעם פייער האָט אַף אַ גראָב שטיק אייזן געהאַנגען אַ האַלב קעלבל און בונעם האָט כסדר באַגאָסן די צוגעבראָטענע טיילן מיט אַזאַ פּריסמאַק, אַ צוגעגרייטן פון קנאָבל, זאַלץ און וואַסער מיט פעפער — לויט דעם שטייגער פון די אמתע אַרגענטינער דאָרפסלייט.

באַלד האָט ער יעדן איינעם דערלאַנגט אַ קליין, שאַרף מעסערל מיט אַ גאָפּל און אַריינציענדיק אין זיך דעם געשמאַקן ריח פון פעטס און געבראָטנס, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן הויף, זיך געבעטן באַם עולם:

— יעדער איינער פון אייך, ווי איך, זאָל אַליין אָפּשניידן פאַר זיך דעם חלק וואָס אים געפעלט. אַ שאָד נאָר, וואָס מיר האָבן ניט באַוויזן צו פאַרבעטן אַהער די מיטהעלפער אונדזערע. זאָלן זיי זען, די פונדיקעס, אַז מיר זיינען ניט קיין סך אַנדערש פון זיי... — האָט ער מיט באַנג צוגעגעבן.

דער עולם האָט זיך אויסגעזעצט אַרום פייער. אַ טיפע געמיטלעכקייט האָט אַף זייערע פּנימער גערוט. באָרוך דער שרייער האָט זיך אויפגעשטעלט, דאָס ביינערדיקע פּנים זיינס האָט אויסגעדריקט סיי פרייד און סיי ווייטיק. ווידעראַמאָל האָט ער דערפילט דעם עלנט וואָס וואַרט אַף אים דאָרטן, אין זיין היים, דער סם, וואָס האָט דעם מענטשן זיינעם קראַנק געמאַכט און אויך אים, באָרוכן, פון גלייכן וועג אַראָפּגעפירט... ער האָט אָנגעגאָסן רויטן וויין אין די גלעזער וואָס זיינען געשטאַנען. אַף אַ שטיק דאָמב צווישן פיר ביימער אַרום פייער און אויפגעהויבן דאָס גלאָז וויין אינדערלופטן, אַנטקעגן בונעמען און אויסגעשריען מיט אַזאַ טיפקייט אין קול, מיט ניצחון, אַז די אָנוועזנדע האָבן זיך דערשראָקן:

— אידישע קינדער! מיר טרינקען איצט פאַרן געזונט, פאַרן גליק פון חתן־כלה — פאַר דער צוקונפט פון אַ נייעם דור יונגע קאָלאָניסטן אַף די אַרגענטינער אידישע פעלדער!...

— אמן! — האָט מיריאַם אונטערגעהעפּקעט. — זאָל די אידישע מי און האָרעוואַניע באַלוינט ווערן מיט דעם וואָס אונדז קומט!

— שאַט! — האָט באָרוך ווידער אַ געשריי געטון — ווערטער אַליין זיינען ווערט אַן אויסגעבלאָזן איי!... איר, מיריאַם, האָט קיין בייז אויג מיט וועמען אַרומצונעריקן זיך... און איך וואו בין?... און וואו איז מיין אשת־חיל?... — האָט ער צום ווייב אַ קוק געטון און די אויגן זיינען

אים פול געוואָרן מיט טרערן — מיר וועלן די נייע קאָלאָניסטן איינאָרדע־נען לעבן אונדז!... די ערשטע פינף העקטאַר לאַנד גיבן מיר זיי, אַלס חתונה־מתנה.

— בראַוואָ, ר׳ באָרוך! — האָט זיך דערהערט אַ פּאַטשעריי פון עט־לעכע פּאָר הענט און פריידיקע בליקן, אָנגענומענע מיט שטוינען האָבן אים געצערטלט און געבעטן פאַרגעבונג...

טייבעלען זיינען געשטאַנען טרערן אין די אויגן. צום ערשטן מאָל האָט זי דערפילט וואָס אַזוינס ס׳הייסט פאַר אַ אידישן אַקער־בויער צו בלייבן אַליין אין די ווייטסטע ווילדענישן פון די ארגענטינער סטעפּעס. אויך די אייגנליבע אין איר האָט אויפגעוואַכט. זי האָט אָבער קיין מוט ניט געהאַט אַ וואָרט אַרויסצוריידן. זי האָט זיך טיפער אינעם גראָז אַראָפּ־געלאָזט און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָף לייען, וואָס איז געזעסן לעבן איר. אויך בונעם האָט זיך אָפּן גראָז אויסגעצוינגן און אַ פריידיקן זיפץ געטון.

אַרום זיי האָט אַ הייליקע שטילקייט גערוט, אַן אָנגענומענע מיט אַ געצווימטער פרייד און מיט אַ צאַרטן טרויער. באַלד האָט בונעם די שטילקייט איבערגעריסן, ער האָט פאַרצוינגן אַ ווייכן ניגון פון רייזינס ליד:

„ס׳וועט זיין אַ צייט, זי איז ניט ווייט — און אַלע פעלקער
וועלן זיין ברידער!...״

דער עולם האָט איינגעשטעקט די מעסערס אינעם פלייש און מיט געהויבענע פויסטן, מיט פייערדיק אויפגעבליצטע אויגן אין דער באַנאַב־טיקער מנוחה אריינגעזונגען:

„הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן, איצט איז אייער צייט...
ניט לאַנג וועט דויערן דער ווינטער — פרילינג איז ניט ווייייט!...

ס ו ף.

די ביכער „מילחמה-יאָרן" און „צווישן בערג" זיינען אַרויס-געגעבן געוואָרן מיט דער עקאָנאָמישער מיטהילף פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען און אינסטיטוציעס:

משה גיטעלזאָן, אברהם ליטווינאָוו, לואיס פּאָסעמאַניק, סאָול סאַפּיר, עדאַ ווײַנטרויב, פּרוי רויטבערג, נאָום לעווין, פּאַלייקאַ, סי-מאָן גאָרענשטיין, כאָסע בערג, וואָלף סרובטשיק, סטענדעל און סי-גאַל, פרידמאַן.

בעסאַראַבער לאַנדסלײַט פאַריין, חברה קדישא, ערשטע אי-דישע האַנדלס-קאָאָפּעראַטיווע (וויקטאָריאַ), צווייטע האַנדלס-קאָאָ-פּעראַטיווע (קאָנגאַזשאָ).

מײַן האַרציקסטן דאַנק די אַלע אויסגערעכנטע.

די מחברן.

